אייביג נאָר דורך אונזער אייגענער פערנאכלעסיגונג, נאָר פּשוט מען האָט אוועקגע׳גנב׳עט מיינע קליידער און יעצט מוז איך געהן נאַקעט דורך 10 סטריטען ביז אהיים.

מילא נעכטיגען ביים ברעג איז דאָ אונמעגליך און נאַקעטערהייד מוז מען זיך אריבערכאַפּען אהיים. (אויך דאָ מיין איך ניט, אז אין דער גרעס־טער פערצווייפלונג דאַרף אַ מענש ניט פערבלייבען מוטהלאָז אין זיין לאַגע, זאָנדערן ער מוז אַלעס אָנוועגדען וואָס לאָזט זיך זיין ציעל צו עררייכען, ניין), נאָר איינפאַך, בלייבען דאָ לענגער וועט עס ווערען טאָג און דאַן איז געוויס אונמעגליך נאַקעטערהייד צו געהן איבער די גאַסען, און איך האָב מיך אָנגעהויבען שאַרען ביי די ווענט.

אָבער, אָה וועה! ווי שפּעט עס איז געווען אין דער נאַכט, האָב איך דאָך באַלד דערזעהן ארום מיר, און הינטער מיר אַ גרויסע מענגע מענשען, וועלכע זיינען מיר שוין נאָכגעלאָפען מיט געשרייען:

— אַ נאַקעטער! אַ משוגענער! אַנטלאָפען פון אַ אירדען־אַנשטאַלט! אָפּט איהם! היט זיך נאָר, ער זאָל אייך ניט אַ ביס טהאָן...

(דאָ פאַלט מיר אויך גאָר ניט איין די פילאָזאָפיע, אז פיעלע נאַכט־טרעמפּס, פינסטערלינגע פערפאָלגען זעהר אָפט איינעם, וואָס געהט זיך זיין וועג אום זיין ציעל צו עררייכען און אָנשטאָט איהם צו העלפען, פערפאָלגען זיי איהם גאָר) אָסור! פּשוט די מאַסע ארום מיר איז אַלץ געוואָרען גרעסער און באַלד האָב איך שוין געזעהן אייניגע פּאָליסלייט צווישען זיי מיט נע־צויגענע רעוואָלווערס.

ווי מען פלאָגט זיך אין לעבען, אָבער שטאַרבען וויל מען דאָך ניט. און איך בין געבליבען שטעהן.

באַלד האָט מיר דער שטאַרקער פויסט פון אַ פּאָליסמאַן אומקלאַמערט מיין דאַרע האַנד און מיט דער צווייטער האָט ער מיר געגלעט, שאַרף אריינ־קוקענדיג אין די אויגען צו זעהן ווי ווייט איך בין משוגע.

(אָבער דאָס מיין איך געוויס ניט די מאָנאָפּאָליסטען און טראָסטס, וועלכע נעהמען אונז ארום מיט זייער קלאַמערס אז זיי צוברעכען אונז די ביינער שיער, און מיט דער אַנדער האַנד גלעטען זיי אונז מיט גרויסע סומען אויף קירכען און טשאַריטיס...), חלילה, נאָר פּשוט, ער האָט מיר געגלעט איך זאָל איהם ניט אויסקראַצען די אויגען אָדער אַ ביס טהאָן.

# הומאריסטישע

# שריפטען

— פון —

## דוד אפאטהעקער

(הינקעדיגער שלים־מזל)

---

צווייטער באנד

---

היברו פאבלישינג קאמפאני

83-85 קאנאל סטריט, ניו יארק.

1912.

# צעהנטע סעריע.

# פוסטע פילאָזאָפיע.

## I.

### ליכט, לופט און וואַרימקייט.

ליכט און וואַרימקייט! ווער ווייס ניט די בעדייטונג פון דיזע צווייי ווערטער? זיי זיינען דוכט זיך גאַנץ איינפאַך. ווער ווייס עס ניט, אַז די זון איז די ליעפעראַנטין, וואָס ליעפערט אונז דירעקט דורך איהרע שטראַהלען דאָס העלע טאָגעסליכט צו זעהען אַלעס, וואָס אויף דער וועלט עקזיסטירט, אַלעס וואָס אויף דער וועלט געשעהט; זי שיקט אונז אויך די וואַרימקייט וואָס ערוואַרמט אונזערע גליעדער און גיט אונז לעבען, לעבענסלוסט און לוסט צום לעבען.

אָבער ניט אימער ליעפערט די זון דירעקט צו אונז מענשען איהר ליכט און וואַרימקייט, זי האָט אויך איהרע פּאָדראַטשיקעס, וואָס איבערנעהמען ביי דער זון איהר טהייערע וואַארע און האַלטען זי אין זייערע מאַגאַזינעס און וואַרטען ביז דער מענש האָט דיזע פּראָדוקטען נעטהיג און קומט זיי צו זיי קויפען.

ביינאַכט, ווען די זון איז אונטער דער ערד און צו אונזער זייט, וואו מיר וואָהנען, קענען איהרע ליכט־שטראַהלען ניט צוקומען, דאַן געהען מיר נאָך בעלייכטונג צו איהרע פּאָדריאַטשיקעס.

אמאָל פלעגען מיר די ליכט־שטראַהלען קויפען אין די חלב פון די בהמות און חיות, אין די פלאַנצען־אויל, שפּעטער אין דער ערד־קעראָסין, נאָך שפּעטער אין דעם געז, ביז ענדליך יעצט אין דער עלעקטריציטעט. די אַלע האָבען אין זיך געזאַמעלט די ליכט־שטראַהלען פון דער זון און

האָבען עס געהאַלטען ביז אונז איז פינסטער געוואָרען, און מיר זיינען אָנגעקומען צו זיי, זיי זאָלען עס אונז אבגעבען.

ווינטער, ווען די זון איז געווען פון אונז צו ווייט און איהר ווארימקייט האָט ניט געקענט גרייכען צו אונז, זיינען מיר ווידער געגאַנגען צו איהרע פּאַדריאַטשיקעס, וואָס האָבען געהאַנדעלט מיט איהר ווארימקייט, ווי צום ביישפּיעל, צום טאָרף, צום האָלץ, איצטער צו שטיין־קויהלען און סטים און מיר האָבען זייער ווארימקייט צוגענומען פאַר זיך.

ווייל מיר האָבען עס אָבער, דירעקט אָדער אינדירעקט, צו יעדער צייט, ווייסען מיר גאָר ניט, ווי וויכטיג ליכט און ווארימקייט איז פאַר אונזער לעבען.

שטעלט זיך פאָר אויף אַ קורצער צייט, אַז די זון זאָל אויפהערען צו שיינען און עס זאָל ווערען שטאָק פינסטער און מיר זאָלען שוין האָבען אויס־גענוצט אַלע איהרע שטראַהלען פון איהר פּאַדריאַטשיקעס אויך, ווי די וועלט וואָלט לאַנגזאַם געמוזט אונטערגעהן.

וואָס וואָלט געוואָרען פון דער גאַנצער טהעאַטער־קונסט מיט די קינסטלער, וואָס זייערע שטיקער בעשטעהען נור אין שעהנע דעקאָראַציאָנען און גאַרדעראָבען ? וואָס זיי זאָגען איז דאָך ניטאָ וואָס צו הערען, און ווען מען זאָל ניט קענען זעהען ווי זיי ווארפען זיך און שליידערן זיך, ווער וואָלט זיי נאָך בעזוכט ?

וואָס וואָלט געוואָרען פון אַלע איצטיגע ליעבעס, ווען די פערליעבטע זאָלען מעהר ניט קענען זעהען די שמינקע מיט׳ן פודער, די שפּיצען מיט די שלייפען פון זייערע געליעבטע ?

וואָס וואָלט געוואָרען פון די רייכע מאַגנאַטען מיט זייער לוקסוס און פערשווענדונג, ווען זיי זאָלען ניט זעהען ווי טויזענדער עלענדע מוזען זיך בעגעהען אָהן אַלע שעהנע זאכען, אַז די אָרמע זאָלען ניט קענען בעוואונדערן זייער לוקסוס ?

וואָס וואָלט געוואָרען פון אַלע פּאָליטישענס און פון אַלע לאָרדזשען־האָמבאָג, און פון אַלע גייסטליכע, ווען עס זאָל אויפהערען די ווארמקייט און זיי זאָלען מעהר ניט קענען ערהיצען די פאַנטאַזיע פון איינפאַכען פאָלק ?

וואָס וואָלט געוואָרען פון ניו יאָרק ווען די לעקסאַ־קאָמיטע וואָלט ניט רערזעהן די פינסטערע טהאַטען פון דער פּאָליציי ? וואָלט ניט גאַנץ

אמעריקא אוועקגעגאנגען מיט פייער, ווען מען וואָלט ניט דערזעהען די שרעקליכע בראַנדשטיפטערייי פון גרויער, מילך עט קאָמפּאַניע ?

וואָס וואָלט געוואָרען פון ניו יאָרקער פאַמיליען־לעבען ווען די מענער וואָלטען ניט געקענט זעהען די בעקוועמליכקייט פון די באָרדערס ביי זייערע מיסעסען ?

מיט וואָס וואָלטען זיך אָרימע ארבייטער־יונגען געקענט אויספיינען פאַר מענשען, ווען מען וואָלט ניט געקענט זעהען זייערע גרויע הויזען מיט די נעלע דיקע טשיינס ?

עס זאָל קיין ליכט און ווארימקייט ניט זיין, וואָלט די וועלט איינפאַך געמוזט אונטערגעהן און יעדער ווייס דארום, ווי וויכטיג ליכט און ווארימקייט איז.

ליכט און ווארימקייט מוזען אָבער אימער צוזאַמען זיין, ליכט און ווארימקייט איז זעעלע און הערץ, גייסט און געמיטה, שכל און מאָראַל.

אונזער זעעלע ליפערט אונז דעם פערשטאַנד און בעלייכט אונז אַלע וועגען, אָבער ווי טרויעריג וואָלט עס געווען, ווען דער מענש זאָל קיין הארץ ניט בעזיצען, ער זאָל קיין געמיטה ניט האָבען ?

דער מענש וואָלט טאַקע קלוג געווען, ער וואָלט בעזעסען ליכט, אָבער אָהן ווארימקייט, אָהן ליעבע צו זיינע מיטמענשען, אָהן פריינדליכקייט, אָהן רחמנות, וואָלט ער געווען קאַלט ווי אייז.

מיט הערץ אליין, אָהן גייסט, וואָלט דער מענש נאָך געווען אין ווילדען צושטאַנד. ווען דער מענש זאָל זיין געמיטה ניט קענען בעלייכטען מיט'ן שכל, וואָלט ער פאַר ליעבשאַפט צוקוועטשט זיינע קינדער אויף טויט, ווי די אַפען. מיט זיין טריישאַפט צו אנדערע, וואָלט ער נאָך אימער געבליבען א שקלאַף צו הערשער און דעספּאָטען.

ווען מיר זאָגען, אז א מענש האָט א כאַראַקטער, מיז ער אומבעדינגט האָבען שכל און געמיטה, דאָס הייסט ליכט און ווארימקייט צוזאַמען.

ליכט און ווארימקייט בילדעט דאָס עהע לעבען ; ליכט און ווארימקייט איז מאַן און ווייב, דער מאַן איז דער פיהרער, דער פערזאָרגער, דער ראַטה־געבער, די פרוי איז די העלפערין, די פריינדין, די ליעבענדע זעעלע פאַר דער פאַמיליע.

א מאַן אָהן א פרוי איז א אייז־קאַלטעס ליכט־שטראַהל ; די פרוי אָהן

א מאַן איז פינסטער גליהענדע קויל; ביידע צוזאַמען זיינען לעבען מיט ליכט און ווארימקייט.

ליכט און ווארימקייט איז קונסט, וויסענשאַפט און ליטעראַטור מיט דעם סאָציאַלען (געזעלשאַפטליכען) לעבען.

וואָס פאַר א ווערדע האָט די קונסט, ווען ניט די גאַנצע געזעלשאַפט קען זיך דעריבער ענטציקען?

וואָס פאַר א ווערטה האָט די וויסענשאַפט פון איינצעלנע, ווען מיליאָנען געהען אום אין דער פינסטערניס?

וואָס פאַר א ווערטה האָט די ליטעראַטור, ווען זי שטרעבט ניט די זיטליכקייט און מאָראַל אונטער אַלע מענשען צו פערברייטען?

אַלעס איז ליכט אָבער אָהן ווארימקייט.

וואָס פאַר א ווערטה האָט אָבער די ווארימקייט, דאָס סאָציאַלע לעבען פון איינפאַכען עסען און טרינקען, ווי פיה, ווען זי איז ניט בעלייכטעט פון קונסט, וויסענשאַפט און ליטעראַטור? אַלעס ווארימקייט און אייביגע פינס־טערניס.

ווארום טרעפען מיר אָבער אזוי זעלטען ליכט און ווארימקייט צוזאַמען?

ווייל עס פעהלט צווישען זיי די קאָנטראָלע — און דאָס איז די לופט... לופט און פרייהייט!

די פרייע לופט רעגעלט אונז די ליכט און ווארימקייט פון דער זון, די פרייהייט, דער פרייער געדאַנקען אָהן אבערגלויבען און אונטערדריקונג וועט אונז אריינברענגען די שטראַהלען פון וויסענשאַפטען אין די ווארימע הערצער פון פאָלק.

דער פרייער ווילען וועט בינדען די ליכט און ווארימקייט צווישען מאַן און פרוי.

דער פרייער אורטהייל וועט ברענגען הארמאָניע אין מענשליכען כאַראַק־טער צווישען גייסט און הארץ. ליכט און ווארימקייט האָבען מיר גענוג אויף דער וועלט, אָבער ווי ווייניג לופט.

ווי וואַקסט די וויסענשאַפט מיט יעדען טאָג, וויפיעל הערצער שמאַכטען נאָך א ברידערליכעס צוזאַמענלעבען! אָבער די פרייהייט פעהלט, וואָס זאָל זיי צוזאַמענבינדען.

ליכט, ווארימקייט און לופט!

ווימען, פרייהייט און ליעבע.
ווי שעהן ביזטו אידעאַל דער צוקונפט!

II.

## הינקענדיגע פילאָזאָפיע.

בן ארבעים לבינה, ערשט ביי די „פערציגער" יאָהרען פאַנגט מען אָן צו פילאָזאָפירען, אָבער די גאַנצע פילאָפיע איז ניט ווערטה א „פערציגער".

אין דער יוגענד אָבער איז דער מענש א ליידענשאַפטליכער פּאָעט:

ער פ ע ר ל י ע ב ט זיך ליידענשאַפטליך און שרייט באַלד מיט פּאָעזיע פ ע־ז י! און זוכט שוין אַן אַנדערע. נעמט ער א פרוי, שרייט ער באַלד פּאָעטיש אָ־פ ע־ר ו י! און זוכט שוין אַן אַנדערע. ער ברענגט זיינע פּאָעזיען אויף'ן „בלאַט", ניט אויף'ן „טאַגעבלאַט", זאָנדערן ער ווערט בלאַט מיט אירגענד וועלכע „בלאַט־מיידעל", ביז ער בלייבט „בלאַט" אין פּאַקעט.

זוכט ער גליק אין קאָרטען צו מישען א „בלאַט" און ציטערט דערביי, ווי א „בלאַט", פאַלט איהם גראַד א שלעכטער „בלאַט".

זוכט ער געלד, ווערט ער א ליידענשאַפטליכער ד י כ ט ע ר; אין דער געגענוואַרט זאָכט ער און קרענקט, ער פערגינט זיך ניט דאָס לעבען, אבי אויף שפּעטער זאָל זיך ביי איהם גראַמען „געלט" מיט „וועלט", איבעראַל זוכט ער א „זילבער־מאָס", ער צעהלט אויף די פינגער יעדער תנועה, יעדען אויסדרוק, ווער עס וויל נאָר ביי איהם אויסדריקען א דאָלאַר און אַז ער האָט שוין אויסגעזוכט א סך געלד, האָט ער ערשט די „געלדזוכט".

דאַן נעהמט ער זיך צום טרינקען. דאָרט איז ער אָבער ניט אַזוי פּאָעטיש, ער שרייט שוין ניט „פע־זיע", ער קריגט שוין מעהר פילאָזאָפיע פון פיעלע־זויפען. י ע ד ע גייסטיגע משקה בעגייסטערט זיין גייסט, אָבער ניט מעהר מיט ערהאַבענע ד י כ ט ו נ ג ע ן, זאָנדערן נאָר מיט „שיטערע" געטרענקע און ער ווערט אימער ג ר י נ ד ל י כ ע ר, מאַנכעס מאָל בלייבט ער טאַקע ליגען א ו י ף'ן ג ר ו נ ד פון סאַלון...

בזעת אפיך תאכל לחם: מיט די „פליגען" פון דיין אנגעזיכט זאָלסטו

עסען ברויט, — דאָס איז געווען די ערשטע קללה, וואָס גאָט האָט געשאָלטען דעם מענשען; ער איז פערפלוכט מעהר פון אַלע בעשעפּעניסען אויף דער וועלט. יעדער חיה, יעדער בהמה האָט אַן „עק", מיט וואָס „די פליגען" אראָב צו טרייבען, און דער זינדיגער מענש האָט ניט קיין „עק", און די הענד זיינען נעבעך בעשעפטיגט ביים עסען מיט גאָפּעל מעסער, ביים ארבייטען און שרייבען מיט'ן פּאַפּיער און פעדער, און די פליגען לאָזען איהם ניט לעבען....

ויקח אחת מצלעותיו.... גאָט האָט גענומען דעם מאַנסביל'ס „עק" און האָט דערפון געמאַכט די פרוי, אזוי זאָגט די גמרא; אז זי זאָגט, ווייס זי וואָס זי זאָגט. פיעלע פרויען שלעפּען זיך ווירקליך נאָך דעם מאַן ווי אַן עק, אָבער דו רבונו של עולם, האָסטו ניט געקענט קריגען אַן אנדער „שטיק פלייש" צו מאַכען אַ פרוי, נאָר דעם עק, וואָס ער איז אזוי נויטיג פאַר'ן מאַן די פליגען אראָב צו טרייבען?

די פרוי קען דיזע ארבייט קיינמאָל ניט אָבטהאָן, ווייל יעדע פרוי האָט „פליגען אין דער נאָז", און זי וועט נאָך מעהר צוברענגען, ווי זי וועט אוועקטרייבען, דערצו איז זי שוואַך, ווי אַ פליג.

און ווייל די פרוי האָט פליגען אין דער נאָז, האָט יעדער מאַן פון איהר צרות אָהן אַן „עק" און אָהן אַ סוף, אָבער די צרות פון די קליידער מיט די שלעפּעס, מיט די בענדער, פון היטעלעך, מיט די לאַנגע פעדערען האָבען שוין דערפאַר צופיעל ע ק ע ן; זי מיינט, אַז דאָס איז אזוי שעהן, אַז עס „עקט" זיך די וועלט, און דעם מאַן ע ק ע ל ט עס נעבעך אָנצוקוקען. אַזעלכע ע ק ע ל ד י ג ע ע ק ע ן פּאַסען נאָר פאַר געבוירענע ע ק ע ל ד י ג ע ע ק ט ע ר ק ע ס....

אין כל חדש תחת השמש: עס איז גאָר קיין נייעס ניטאָ אויף דער וועלט, אַלעס איז שוין דאָ געוועזען. מען בעריהמט זיך זעהר מיט דעם 19טען יאָהרהונדערט, וואָס עס זיינען דאָ צייטונגס־בלעטער; נאָך ביים מבול האָט מען שוין געוואוסט דערפון.

והנה עלה זית טרף בפיה: די טויב האָט געהאַלטען אַ צייטונגס־בלאַט אין מויל, (געלעזען) וידע נח כי קלו, האָט נח געוואוסט אַז עס איז שוין אַ ביסעל גרינגער: און איצט האַלטען צייטונגען אי נח, אי טויבע און ווייסען נאָר נישט, און אַז זיי ווייסען שוין יאָ עטוואָס, איז נאָר, אַז עס ווערט אימער שווערער ניט גרינגער.

און איך מיין אַז אַלע פילאָזאָפען זיינען מיט מיר איינשטימיג, אַז די ציימונגען שטאַמען פון׳ם מבול:

פאַר די צייטונגען שטעהען אָפען די פענסטער פון דעם הימעל און זיי שרייבען איבער גאָט און לייט, עס רעגענט טאָג ווי נאַכט מיט נייע צייטונגען; יעדע צייטונג האָט זיך איהר נח מיט זיינע זיעבען גרייזען אַלס רעדאַקטאָר, און איהר תיבה, אין וועלכער זי נעהמט אריין אַלע חיות, בהמות און עופות, אפילו עופות טמאים. ער האָט אין זיין תיבה דריי אבטהיילונגען: איינע פאַר מענשליכע ארטיקלען, איינע פאַר ח י ו ת, ווייל דער גאַנצער ח י ו ת פון אַ צייטונג זיינען די אדווערטייזמענטס, און איין אבטהיילונג פערמישט אין שונד ראָמאַנען.

אויף׳ן שפּיץ מאַכט ער אַ קליין פענסטערל פאַר ליכט, דאָס הייסט, אויף׳ן קעפּעל שרייבט מאַנכער נח, אַז זיין צייטונג איז ליכט צו פערשפרייטען, אָבער דאָס פענסטערל בלייבט אויבען און אינעווייניג איז פינסטער חשך, ווי אין מצרים.

אַ גוטע צייטונגס־בלאַט איז נעגליכען צו אַ קרויט בלאַט, וואָס האָט אַ זיסען קאַצאַן( וואורצעל) און די בלעטער זיינען נאַרהאַפט און לאָזען זיך אויך איינזייערען אויף שפּעטער צו געניסען, און וויפיעל ווערים עס זאָלען איהר ניט טאָצען, בלייבט דאָך דאָס גוטע נאָך איבער.

אָבער די שלעכטע „בלעטער" זיינען גלייך צו בעזים־בלעטלעך, אָדער באָד בלעטלעך, וועלכע מען נוצט נור איין מאָל אין וואָך צום „שמייסען זיך"; דאָס איז ניט צום געניסען, נאָר צום רייבען די ברוד און שמוץ איין ליטעראַט פון אנדערען אין דעם ליטעראַרישען שוויץ־באָד. מען פּארעט זיך, מען רייבט זיך די הויט, מיט גרויס היץ, מען גיסט זיך אָב מיט קאַלטע וואַסער און באַלד נאָך׳ן באָד קעהרט מען אויס די „בלעטלעך" מיט׳ן שמוץ פון דעם באָד אין דרויסען אַרויס אין דעם גרויסען הויפען מיסט.

מאַנכער, וואָס האָט ניט אויף אַ ניי בעזימעל, נעהמט ער אַרויס די אָב־געשמיסענע ריטלעך פון „אַלטע בעזימלעך" און מאַכט דערפון אַ ניי בעזימעל, אַבי צו האָבען מיט וואָס צו שמייסען.

מאַנכער גנב׳עט אוועק יענעמס בעזימעל און בינדט איהם נור אַרום מיט אַן אנדער שטריקעל, כדי יענער זאָל ניט דערקענען.

אַ סך זשאַרגאָנישע צייטונגען שטאַמען ווירקליך פון דעם זעלבען שרש,

וואָס אַ שוויץ־באָד, ווייל די באָד ריהמט מען וואָס איז אַ רוסיש־טערקישע, און דיזע צייטונגען האָבען אויך אַ רוסיש־טערקישע שפּראַכע, און זוכען נאָר צו טהאָן יענעם רשעות, און טהוען זיך אַליין אָב אויף טערקיש....

איינער פון די גרעסטע רעטעניסען אין דער נאַטור איז, פון וואָס אַ איד האָט מעהר הנאה, צו פון אַ אידישע שוויץ־באָד, צו פון אַ אידישען טהעאַטער?

דורכשוויצען, שוויצט מען זיך דורך איןביידע גלייך; דרעהען זיך, וואַרפען זיך, שרייען און זאָגען „פּאַראַ דאַוואַי!" הערט מען אויך אין ביידע גלייך, מייסטענס בעגעגענט מען דאָרטען אויף די זעלבע באָד יונגען; די מייסטע באָד מענעדזשערס און טהעאַטער מענעדזשערס זיינען גלייכע עזות־פּנים'ר אויך; אַלע וואָך נייע שטיקער בעזימלעך געפינט מען אויך אין ביידע גלייך; דער פּרייז איז אויך צימליך גלייך; אין באָד איז דאָ אַלס העכערע בענק — אין טהעאַטער אויך דאָס זעלבע; אין באָד איז דאָ אַ הייצער — אין טהעאַטער אַ פּערפאָסער; אין באָד צייגט דער קאַסטימער דעם בעדער דעם באַלף־מחילות — אין טהעאַטער צייגט דער עקטער דעם קאַסטימער דעם, ווי הייסט מען דאָס; אין באָד, ווי אין טהעאַטער, איז לכבוד שבת ענגער, ווי אַ גאַנצע וואָך...

אַלזאָ, וואָס איז דאָך בעסער פון די ביידע?

מאַנכע זאָגען, אַז דאָס טהעאַטער איז בעסער, ווייל דאָרט געהען מענער מיט פרויען צוזאַמען.

מאַנכע זאָגען, אַז דאָס באָד איז בעסער, ווייל נאָך'ן באָד בעקומט מען אַפּעטיט, און עס ווערט לייכטער אויף'ן קאָפּ, און נאָך'ן טהעאַטער בעקומט מען קאָפּ־שמערצען און מען פערלירט דעם אַפּעטיט.

אין באָד אַלזאָ בעקומט מען אַ לעערען מאָגען — אין טהעאַטער אַ לעערען קאָפּ, וואָס עס איז בעסער צי אַ לעערער קאָפּ, צי אַ לעערער מאָגען, איז ווידער אַזאַ רעטעניס, ווי וואָס איז בעסער צי אַ באָד צי אַ טהעאַטער!....

נאָך מיינער מיינונג, וועט מען דיזעס רעטזעל ערשט לעזען מיט דער צייט, דערווייל בלייבען זיי נאָך שטעהן אויף דער זעלבער שטופע. דער געזעצטער אָרענטליכער מענש בעזוכט דיזע ביידע אנשטאַלטען ניט; דער וואָס האָט זיך ליעב צו פּאַרען, קאָכען, רייצען, קיהלען, וואַשען, רייבען,

שרייען און ליארמען, די האָבען פוןביידע גלייך הנאה, אי פון שוויץ־באָד, אי פון טהעאטער. זאָל זיי וואויל בעקומען, ווייל די גרעסטע פילאָזאָפיע איז, אז מען זאָל יעדען קאָזען זעליג זיין אויף זיין אופן, ווי איהם געפעהלט.

---

# III.

## די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט

### אָדער

## דער געפרעגעלטער זומער סיזאָן.

פארקהורסט'ס נאַקעטע מיידלעך. — לעקסאָוו'ס פּאָליסלייטע. — קאָקסיי אין קוגעל־טאָפּ. — קינות אין טאמאני האָלל. — באָמבעס מיט קארנא.

איך בין איינפאך מקנא די מענשען, וואָס בעקלאָגען זיך תמיד, אז זיי האָבען ניט וואָס צו שרייבען. איך בין נעבעך אזוי פערשאָלטען, אז איך האָב תמיד צופיעל און איך וויים ניט פון וואנען אָנצוהויבען.

איהר וועט מיך געווים באלד פרעגען: ווער צווינגט מיך, איך זאָל גאָר אָנהויבען? אָט דאָס איז דאָך טאקע דאָס אונגליק, וואָס אָנפאנגען מוז איך, ווייל דאָ האנדעלט עס זיך אום א געפעליגקייט; איך וויל פערשפּאָרען אן ארבייט דעם פערפאסער איש אהרן הכהן בן מרים, און מאכען א סענזאציאָנס טהעאטער שטיק פאר'ן אידישען טהעאטער. איז אָבער דיזער זומער אזוי געפּרעגעלט אין סענזאציאָנען און אינטערעסאנטע מעשיות, אז איך וויים ניט פון וועלכע פריהער אָנצוהויבען.

דעם „נאָמען" פון דעם שטיק האָט דער פערפאסער אליין מיר געגעבען, איך האָב נור געדארפט צוזעצען דעם צווייטען נאָמען, וואָס זאָל פאסען צו דער מעשה און די מעשה אליין.

דער ערשטער נאָמען איז געווען „די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט", ווייל מיר זעהען בעוונותינו הרבים, אז די גערעכטיגקייט ווערט צושמאָלצען אין יעדען ווינקעלע, אין יעדער שטאָדט און אין יעדען לאנד.

די ערשטע מעשה איז מיר איינגעפאלען פּרעכטיג!

## די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט,
## אָדער
## פאַרקהורסט'ס נאַקעטע מיידלעך.

ע ר ש ט ע ר   א ק ט: פאַרקהורסט שטעהט שמונה עשרה אין זיין קלויסטערל. גאָט'ס מאמע לאָזט זיך אראָפּ מיט גרויסע פליגלען פון דעם הימעל, און גיט איהם איבער דעם שליסעל פון אלע פרעהליכע הייזלעך און עס פאַלען אראָפּ צוויי טרעהרען פון איהרע אויגען, ווי צוויי גענזענע אויער די גרויס.

צ ו ו י י ט ע ר   א ק ט: פאַרקהורסט פערשטעלט זיך פאַר אַ פּראָסטען בשר ודם און שליסט אויף אַלע פרעהליכע הייזלעך. אין איינע געפינט ער אָבער נאַקעטע מיידלעך. ער שטעלט זיך מיט זיי טאַנצען, די מוטער גאָטעס בעווייזט זיך צו איהם ווידער, ער ענטלויפט.

ד ר י ט ע ר   א ק ט: פאַרקהורסט קומט אין געריכט, קלאָגט אָן אלע די פרעהליכע הייזלעך, מיט די פּאָליציסטען, וואָס נעהמען ביי זיי בעשטע־כונג און דאָס פאָלק רייסט זיך ביי די האָאר: גוואַלד די נאַקעטע מיידלעך, גוואַלד די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט!

פ י ע ר ט ע ר   א ק ט: ווי מען שליסט צו די פאָדערסטע טהירען פון אלע פרעהליכע הייזלעך און דער עולם מוז נעבעך געהן דורך די הינטער־סטע, פאַרקהורסט איז מלא חימה, די פּאָליציסטען פרעגלען זיך.

פ י נ פ ט ע ר   א ק ט: סטאָפּ! ניטאָ קיין פינפטער אקט. פאַרק־הורסט איז אוועקגעפאָהרען קיין יוראָפּ, איך וויים ניט דעם עק פון דעם שטיק, אוועקגעלעגט דעם מאַנוסקריפט ניט גענעקט.

א צווייטע מעשה:

## די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט,
## אָדער
## לעקסאָוו מיט די פּאָליסלייט.

ע ר ש ט ע ר   א ק ט: אין אַ סטריט וואו ארבייטער וואָהנען, פיעלע פאַמיליען ליגען ארויסגעוואָרפען פון די טענעמענט הייזער, פרויען און קינדער געהען אום אין די גאַסען און וויינען עסען, די טאַטעס געהען אום און זוכען

ארביים. עס איז נימאַ, אַ קריזיס, אַ נויטה, מען זעהט אין דער לופט פליהען די געטין פון רעוואָלוציאָן, אין איין האנד אַ רויטע פלאג, אין דער צווייטער אַ שווערד.

צ ו ו י י ט ע ר  אַ ק ט: אַלע סענאַטאָרען אין אַ גרויסע האָלל אין קעפּיטאָל אין וואשינגטאָן, מען גענעצט, מען סוד'עט זיך, מען לייענט ביללס, מען דעבאַטירט. ווידער ערשיינט די געטין פון רעוואָלוציאָן, אַלע דערשרע־קען זיך, מען בעשליסט צו געבען דעם עולם נייעס אָנשטאָט ברויט.

ד ר י ט ע ר  אַ ק ט: ווי לעקסאָוו זיצט אויבענאָן אין געריכט, לעבען איהם זיצט דאָס קאָמיטע און קאָף שטעהט און האַלט אַ בעשולדיגונגס־רעדע, ביעק־קליזו, מעק־לאָהלען און וויליאַמס און נאָך פיעלע אַנדערע מכות, פּאָליציי אינספּעקטאָרס און קעפּטיינס שטעהען אויף די קניע און שלאָגען זיך על־חטא.

פ י ע ר ט ע ר  אַ ק ט: די זעלבע סטריט, ווי אין ערשטען אַקט. אַלע ארבייטער קייען די צייטונגס־בלעטער, און שלינגען גאַנצע שטיקער, די קינדער ווערגען זיך געבעך מיט די גרויסע עקסטראַס, די פרויען נעהען זיך קליידלעך פון די ביילאַגען.

פ י נ פ ט ע ר  אַ ק ט: ווייטער דאָס זעלבע. עס איז אָנגעקומען דער הייסער זומער סיזאָן, וואו מען צופרעגעלט זיך פון היץ און דאָס קאָמיטע סטאַפּט אויף דריי מאָנאַטען און איך בלייב ווייטער אָהן אַן עק.

אַ דריטע מעשה:

## די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט,
## אָדער
## קאָקסיי און קוגעל טאָפּ.

ע ר ש ט ע ר  אַ ק ט: ווייט אין די וועסט אויף אַ פרייען פעלד, אַ סך טרעמפּס: ארבייטער און פארמער שרייען עסען און ארבייט. קאָקסיי שטעלט זיך אויף אַ הויכען פערד, האלט אַ פייערדיגע רעדע, מען פּאַסט אַ רעזאָלושאָן צו געהן נאָך וואשינגטאָן. מען שפּיעלט אַ מארש, דער עולם געהט ארויס.

צ ו ו י י ט ע ר  אַ ק ט: אויף'ן באַהנהויף אין אַ קליין שטעדטעל. די טרעמפּס שלאָגען די באַהן־וועכטער מכות רצח, די שעריפס קומען צו־שפּעט, די טרעמפּס האָבען געכאַפּט אַ טריין און זיינען ענטלאָפען געוואָרען.

ד ר י ט ע ר   א ק ט : אין א גרעסערע שטאָדט. די טרעמפּס ווילען וויעדער כאַפּען א טריין, עס קומט אָן מיליטער, מען שלאָגט, מען שיסט, די טרעמפּס צולויפען זיך, די מיליטער שטעקען זיי ארויס א לאנגע צונג.

פ י ע ר ט ע ר   א ק ט : אין וואשינגטאָן לעבען קעפּיטאָל. די סענאַ־טאָרען זיצען און ציטערען, קאָקסיי וויל מען זאָל מאכען זילבער בילס, ער טרעט ארויף אויף א קעפּעל קרויט אין גאָרטען, די פּאָליציי ארעסטירט איהם.

פי נ פ ט ע ר   א ק ט : עס קלייבען זיך ארמעען פון ארבע פנות עולם. אלע מארשירען ארויס פון זייערע שטעדט, איבעראל ארעסטירט מען עטליכע. די דזשורי פעראורטהיילט דעם גענעראל מיט זיין אדיוטאנט, קאָקסיי געהט אין קוגעל טאָפּ, דער פאָרהאנג פאַלט.

דיזע דראמא האָב איך געענדיגט, אָבער אז אָך און וועה, פאר א שטיקעל פּרימאדאָנא האָב איך ארבייט, די ליידי אויף'ן ווייסען פערד, איך האָב אָבער קיינע סוברעטין ראָלען, קיין מיידלעך צום טאנצען האלב־נאקעט, און מיין דראמא טויג אויף כפרות פאר'ן אידישען טהעאטער.

א פיערטע מעשה:

## די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט,
## אָדער
## די דעמאָקראטישע טאמאני האָלל.

ע ר ש ט ע ר   א ק ט : אין טאמאני האָל. קראָקער שטעהט אויף א שטענדער, אויף א זילבערנע טאץ האלט ער קליוולאנד'ן איינגעפּרעגעלט אין פּריי־טרייד, ער האלט א פייערדיגע רעדע. דער עולם שרייט הורא פאר דעם נייעם פּרעזידענט.

צ ו ו י י ט ע ר   א ק ט : א גרויסער קאסטען שטעהט אין מיטען מארק, פּאָליסלייטע טרייבען דעם עולם אריינצוואורפען אהין זייערע שטימ־צעטעל. מען שלאָגט זיך, מען שיסט זיך, די דעמאָקראטען זיינען דורכגעפאלען, דער עולם שרייט הוריי פאר די רעפּובליקאנער.

ד ר י ט ע ר   א ק ט : אין קוני איילאנד. מק'קיין דרעהט א גרויסען ראָד, עס פליהען מעהר שטימען אלס מענשען, מען ארעסטירט איהם, מען פּראָצעסירט איהם, מען פיהרט איהם אָב אין סינג סינג מיט זיינע מיט־העלפער.

פ י ע ר ט ע ר  א ק ט: ווידער אין טאמאני האָלל. אַלע טאמאניקעס זיצען אויף דער ערד שבעה. קראָקער לייענט מיט א טרויעריגען ניגון איכה ישבה בדד טאמאני. די דעמאָקראטען וויינען, די רעפּובליקאנער פרעהען זיך, דאָס פאָלק וויל עסען, שרייט, סטרייקט, מען שיסט, מען ארעסטירט, קראָקער ענטלויפט קיין יוראָפּ.

פ י נ פ ט ע ר  א ק ט: וועט ערשט קומען שפּעטער מיט צוויי יאָהר. און ווייטער איז מיין שטיק אָהן אַן עק און אָהן א פּרימאדאָנא אויך.

שלעכט, ביטער! מיט אמעריקאנישע שטיקער קען איך דעם אַלטען פּראָפעסאָר גאָר קיין ארבייט ניט פערשפּאָרען. איך מוז זוכען אויסלענדישע.

## די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט,
## אָדער
## פּרעזידענט קארנאָ.

ע ר ש ט ע ר  א ק ט: אין פּאריז. אַלעקסאנדער דער דריטער אין א קאָזאצקען אנצוג אין דער מיטען, ארום איהם נאָך א סך קאָזאקען מיט לאנגע נאגאיקעס. אַלע טאנצען א קאָמארישקע און זינגען די מארסאַליעזע. א פראנצויזישער אָרקעסטער מוזיק שפּיעלט „באָזיע צאריא כראני“. קארנאָ קומט אָן און צוקוסט זיך מיט אַלעקסאנדער'ן. פון דער ווייטען שטעהט וועל־וועלע דער יונגער און קראצט זיך מיט'ן קורצען הענטעל דעם פּוילען לינקען אויער. דער זקן פון וויען בייסט זיך די שפּיצען באָרד, און דער איטאַליענער הומבערט שטעהט און הויבט זיינע מייטקעס מיט די ליידיגע פּאַקעטס. אַלע דריי קוקען אויף די גדולה פון דעם קאָזאק מיט דעם פראנצויז און פערגיסען ביטערע טרעהרען.

צ ו ו י י ט ע ר  א ק ט: אין פּארלאמענט. אַלע אבגעאָרדענטע לערנען דעם סוואָד זאקאָן. מען איז זיך מפלפל איבער פערשיעדענע דינים. דאָס פאָלק אויף דער גאַלערי, א טהייל קוועלען, א טהייל שרייען, אם אין קמח אין תורה, גוואַלד עסען, מען ארעסטירט די הונגעריגע, אַלע קלאטשען בראוואָ. פּלעטצליך פּלאצט א באָמבע. א שרעק, א געפּילדער, אַלע צולויפען, מען ארעסטירט זואַליאנט, מען פּעראורטהיילט איהם צו דער גיליאָטינע.

ד ר י ט ע ר  א ק ט: דער קאָזאק טאנצט שוין מיט וועלוועלען אין **בערלין. ער דערצעהלט איהם זיינע גרויסע צרות פון די ניהיליסטען מיט**

זייערע באָמבעס. ווען וועלוועלע דערצעהלט איהם זיינע גדלות מיט דער מיליטער־פּאָרלאַגע. מען בעט זיך איבער, מען זאָל זיך שוין ניט מעהר וועלען פייטען. דער פראַנצויז ווערט ברוגז, די אַלטע באָבע וועלוועל׳ס מאכט פון ערגערנים א שנאַפּס, א סטרייק מיט א באָמבע פון בארצעלאָנא, א קעסטעל דינאַמיט אין קאָזאַקען לאַנד, סטרייקס מיט פּולפער אין טאַמאַני לאַנד, באָמבעס מיט סאָציאַליסטען אין פראַנצויזען לאַנד. אַלע פעראייניגען זיך, מען קושט זיך און מען שטעלט אויס די ביקסען געגען די אַרבייטער.

פ י ע ר ט ע ר א ק ט: די אַרבייטער פון אַלע לענדער קראַצען זיך הינטער די אויערן, די קאַפּיטאַליסטען האַלטען זיך ביי די פּאַקעטעס, די רעגיערער שטעהען אין דער מיטען און מאַכען קאָמישע מימיק, זיי דרעהען מיט די קעפּ אַהין און אַהער, די רייכע גיבען זיי א קיצעל אונטער דער זייט, גיבען זיי א שפּיי אויף די אַרבייטער, די אַרבייטער בעלעקען זיך מיט׳ן שפּייעכץ און וואַרטען אויף א צווייטען. די רעפּאָרטער לאַכען. א דאָלך אין קאַרנאָ׳ס זייט, דעם מערדער געכאַפּט, דער פּרעזידענט טויט. עס ווערט א געוויין, א יללה, מען איז זיך מנחם אבל. מען טוליעט זיך נאָך ענגער צוזאַמען. דער הימעל ווערט פערוואָלקענט, עס רעגענט, עס האָגעלט מיט עקסטראַס....

פ י נ פ ט ע ר א ק ט: .... אך מיינע ליעבע צושויער! שיללער האָט שוין לאַנג ערגעץ געזאָגט אין מעבר יבק, אז א פינפטען אַקט קען אייגענטליך קיין פערפאַסער ניט מאַכען, ווייל קיין דראַמאַ אויף דער וועלט ענדיגט זיך ניט, עס פלעכט זיך תמיד איינס אין אַנדערען, עס בלייבען אימער די ווייטערע האַנדלונגען פון א דראַמאַ, אַלס אָנפאַנג צו א צווייטער דראַמאַ, און טאַקע דאַרום זיינען אַלע פינפטע אַקטען פון אַלע שטיקער אַזוי ווי צונע־קלעפּט און אומגעלומפּערט.

עס טהוט מיר לייד, וואָס איך קען דעם אַלטען פּראָפעסאָר ניט דיענען מיט עטוואָס גאַנצעס, ער זאָל עס שוין קענען אויפפיהרען אין אידישען טהע־אַטער, איך בין אָבער זיכער אז ער וועט שוין וויסען צוצוצעפּען אַלס פינפטען אַקט, א ברענענדיגען באָסעל, א טאָרבע פלעקער אָדער א געפּרעגעלטע שווינגער מוטער, אבי דער עולם זאָל אַרויסזעהן די צושמאָלצענע גערעכטיגקייט אין דיזען געפּרעגעלטען זומער סיזאָן.

---

# IV.

## הומאָר און קאָפּ־שמערצען.

עס איז דער גרעסטער טרויער פאַר אַ הומאָריסט, ווען ער פיהלט קאָפּ־שמערצען דאַן, ווען ער זעצט זיך שרייבען אַ הומאָריסטישען אַרטיקעל; אָדער אומגעקעהרט: עס איז דער גרעסטער הומאָר, ווען איינעם טהוט וועה דער קאָפּ און ער וויל שרייבען אַ הומאָריסטישען אַרטיקעל.

אין אַזאַ לאַגע מוז דער שרייבער אומבעדינגט קומען צו דער איבערצייגונג, אַז אָפּטימיזמוס און פּעסימיזמוס, דאָס הייסט, זעהן דאָס גוטע פון דער וועלט, אָדער דאָס שלעכטע פון דער וועלט, איז ניט די וועלט שולדיג, זאָנדערן די לאַגע פון דעם זעהער. אָדער בעסער געזאָגט:

דאָס שלעכטע און גוטע אויף דער וועלט געהען האַנד אין האַנד און מען קען ניט זאָגען, אַז די וועלט איז אַבסאָלוט גוט, אָדער שלעכט, זאָנדערן דער וואָס האָט קאָפּ־שמערצען אָדער אַנדערע שמערצען, איז פאַר איהם די גאַנצע וועלט איין שמערץ, און ווער עס איז געזונד און פרעהליך, איז פאַר איהם די גאַנצע וועלט איין הומאָר.

אין אַזאַ לאַגע געפין איך מיר גראָדע היינט מאָרגען:

איך בין אויפגעשטאַנען מיט דער בעדינגונג זיך היינט לוסטיג צו מאַכען איבער דער גאַנצער וועלט און דערפון זאָל ווערען אַ הומאָריסטישער אַרטיקעל, און האָב דאַכט זיך געהאַט אַזוי פיעל שטאָף דערצו, אַז איך האָב נאָר ניט געוואוסט, וואָס פריהער צו נעהמען: די כינעזישע מלחמה, די האַוואַיער רעוואָלוציאָן, די אַמעריקאַנער פּאָליטיק, דעם ברוקלינער סטרייק, די אידישע סאָציאַליסטען, די רוסישע קנוטע, די אַמעריקאַנער חדרים, די אידישע טהעאַטערע, די טענעמענט הייזער א. ז. וו. ביז אין דער אונענדליכקייט. וואָס איך האָב מיך נאָר דערמאָנט, האָט מיר געשיינט אַלס פּרעכטיגע טהעמאַ צום לוסטיג מאַכען זיך; קוים האָב איך מיר אָבער אַנידערגעזעצט שרייבען, איז מיר אַלעס אויסגעקומען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און האָב נאָר דערפיהלט מיין קאָפּ־שמערץ.

אָט למשל, ווי לוסטיג און פרעהליך איז יעדער מענש דעריבער, וואָס גראָד די יאַפּאַנעזער זיענען איבער די כינעזער. כלעבען די יאַפּאַנעזער זיינען

ערשט מיט הונדערט יאָהר צוריק געווען אזוי ווילד ווי די כינעזער, און יעצט זעהט מען אין יאפאן כמעט די זעלבע ציוויליזאציאָן, ווי אין יוראָפּ, און די כינעזער בלייבען נאָך אימער אָבגעזונדערט פון דער ציוויליזירטער וועלט אין זייער טיעפען פאנאטיזם, א שעהנע כפרה אויף איהר.

דאכט זיך זעהר הומאָריסטיש, און דאָך דרעהט זיך מיר עפּעס אין קאָפּ. צו וואָס האָט אייגענטליך די יאפּאנעזער ציוויליזאציאָן געבראכט? צו מאסען־מאָרד, צו פערגיסען טייכען מענשען־בלוט? וועלען דען ניט כינעזער אין אזא נערצווייפעלטע שלאכט נאָך פאנאטישער ווערען? וועלען דען די טויזענדער אָבגעהאקטע קעפּ קליגערע קעפּ ווערען? איז דען די גאנצע שלאכט ניט א זאָפּ־שטיק פון א רויב פּאָליטישען קאָפּ, וואָס וויל ווערען א קאָפּ אויף איבער די כינעזישע קעפּ?

אָה! ווי שטארק עס טהוט מיר וועה מיין קאָפּ. ערשט יעצט האָב איך עס דערפיהלט.

אָבער ווייטער:

אין האוואי איז לילואקאלאני אראָב פון בענקעל און אויס דעספּאָטי, עס איז איינגעפיהרט געוואָרען א רעפּובליק.

טריאומף פאר אמעריקאנער רעפּובליקען, פרעהליך! דאָ קומט דער דעמאָקראטישער גראָבער קאָפּ און אונטערשטיצט די רעוואָלוציאָנערע הייז־קעפּ פון לילוקאָלאנים קאָפּ־מענשען, אז מען זאָל ווידער איהם ארויפזעצען די קרוין אויפ׳ן קאָפּ.

וואָס דרעהט דיר דער קאָפּ פאר האלב ווילדע מענשען פון א ווייטע אינזעל, ווען אין דיין ציוויליזירטער רעפּובליק געהען אום טויזענדער מענשען אָהן קאָפּ?

אָה! קוים קום איך צום וואָרט קאָפּ, דערפיהל איך ווייטער דעם שמערץ פון מיין קאָפּ.

אָבער ווייטער:

ווי גליקליך זיינען אמעריקאנער בירגער! קיין דעספּאָט, קיין טיראנײ, און דאָך, ביי דער קלענסטער געפאהר פון די בירגער גיט זיך א שיט אן אָרגאניזירטע מאסע פריוווילינע סאָלדאטען מיט וואפען איבער׳ן קאָפּ און זיי היטען אונז און שירמען אונז, ווי איצט ביים ברוקלינער טראָלי סטרייק...

דאכט זיך גאנץ הומאָריסטיש?

אָבער ווי זיינען ציוויליזירטע מענשען אַזעלכע דום־קעפּ, אַז אום צו שיצען עטליכע שעהר־האַלדערס פון אַ קאָמפּאַני, וואָס וויל ניט נאָכגעבען אַ קליינע פאָדערונג פון 8 טויזענד קעפּ פאַמיליען־פאָטערס, וואָס ווילען פאַר זייער שווערער ארבייט ווענינסטענס האָבען וואו דעם קאָפּ אַניעדערצולעגען, זאָל דער קאָפּ פון ברוקלין אויסברעננגען 15 טויזענד דאָלאַר אַ טאָג, אבי צו פערהיטען אַ פּאָאר טויזענד דאָלאַר פון עטליכע שווינדעל־קעפּ ?

און וועלכע נוצען קען איבערהויפּט ברענגען די 15 טויזענד דאָלאַר אַ טאָג מיט די 10 טויזענד קעפּיגע מיליץ מעהר, ווי צו שפּאַלטען עטליכע קעפּ פון זייערע אונגליקליכע ברידער ארבייטער ?

אָה, מיין קאָפּ ! דער שמערץ ווערט אַלץ העפטיגער.

אָבער ווייטער :

קיין שטאָדט אין דער וועלט קען זיך ניט בעריהמען מיט אַזאַ פאָרט־שריט ווי ניו יאָרקער אידען : אין עטליכע יאָהר האָט זיך דאָ ענטוויקעלט דער אידישער „סאָציאַליזמוס“ מיט אייגענע צוויי „אָרגאַנען“, מיט 17 סעק־ציאָנען, מיט 77 גרויסע קעפּ, שרייבער און רעדנער, 777 אנהענגער, 7777 שטימען, און אַלע זיינען אַטהעאיסטען, רעוואָלוציאָנערען, מענשען־רעטער, „עס וואַקסט ווי אויף הייוועז“ ! . . .

דאַכט זיך אַ פריידע, עס טאַנצען אין מיר אַזש די קישקעס פון הומאָר.

און דאָך, הערט אַ קאָפּ־קשיא : פאַר וואָס דרעהט זיך דיזע גאַנצע זאָציאַ־ליסטישע מאַשינע נאָר עטליכע וואָכען פאַר עלעקשען, אום צו צעהלען די קעפּ פון די שטימען, פאַר וואָס ווילען די יעניגע ווערען קעפּ אין אַזאַ פּאַרלאַ־מענט, וואו אַלעס ווערט דאָרט פערהאַנדעלט געגען זיי ?

פאַר וואָס זיינען דאָ אַזוי פיעל רעדנער און שרייבער אין די האָללס און אויף די סטריטען, ווען מען דאַרף פאָרשטעלען די גוטע קעפּ אַלס קאַנדידאַ־טען ? און גראַדע ביי אַ גרויסען סטרייק, ווען טויזענדער ארבייטער זיינען פערזאַמעלט אין די האָללען, איז ניטאָ איינער פון יענע מויל־העלדען וואָס זאָל עפּענען דאָס מויל, דעם ארבייטער צו געבען אירגענד וועלכען ראטה, צו געבען מוטה, אָבער אונטערצושטעלען דעם קאָפּ געגען די מיליץ ?

איז דאָס אַ פּאַרטיי פון מענשען־רעטער, אָדער אַ באַנדע פון נמרא־קעפּלעך, הייץ־קעפּלעך, וואָס זוכען מיט איבער־קעפּלעך צו פערדרעהען די פּאָלקס־קעפּלעך, אים צו קענען איבער זיי האַלטען הויך דעם קאָפּ ?

ווייטער קאַפּ ! דאַ שווינדעלט מיר שוין אַזש דער קאָפּ פון שמערץ.

אָבער ווייטער, ווייטער:

א קאָמיטע פון טענעמענט הייזער האָט אַלעס אונטערזוכט און אויס־געפונען, וואָס יעדער האָט געזעהן און געוואוסט ניט זוכענדיג: אז די טענע־מענט הייזער זיינען צו ענג, צו שמוציג, עס ווערען פערמעהרט פיעל קראַנק־הייטען, עס ווערט פערדאָרבען די מאָראַל א. ז. וו. און דיזע קאָמיטע מאַכט פּרעכטיגע פּאָרשלעגע: מען דארף וועניגער טענעמענט הייזער, בעקוועמער, רייכער....

אך דו ליעבער פּאָרטשריט, דו פּרעכטיגער צייכען דער צייט! וועלכער פאָרטגעשריטענער מענש ווערט דערביי ניט הומאָריסטיש!

און דאָך, אָה מיין קאָפּ! וועלכער דום־קאָפּ קען זיך פרעהען מיט בעקווע־מערע הייזער, אז טויזענדער ארבייטער הונגערען און פריהרען אין די אונ־בעקוועמע הייזער? ווער קען דאַ אויפהויבען שטאָלץ דעם קאָפּ, ווען טויזענער אָרימע ווערען ארויסגעוואָרפען טעגליך אויף׳ן סטריט און האָבען ניט וואו צוצושפּאַרען דעם קאָפּ אפילו אין אַן אונרייינעם טענעמענט הויז?

אָה, טאַקע דערפון, פון דעם טענעמענט הויז טהוט מיר אַזוי וועה דער קאָפּ.

אָבער נאָך ווייטער.

ניין, הערר רעדאַקטאָר, עס געהט ניט ווייטער, כאָטש האַקט מיר אָב דעם קאָפּ, קען זיך היינט ביי מיר ניט גראַמען הומאָר מיט קאָפּ־שמערצען, מיר לאָזען עס אויף אַן אַנדערש מאָל.

---

## V.

### גייסט און גיפט.

איך בין ניט פאר אייך געדאַכט א זשאַרגאָנישער שרייבער היבשע עטליכע וואָכען, און איך שעהם מיך זעהר אייך אויסצוזאָגען, אז איך ווייס ניט די בעדייטונג פון דעם וואָרט „גייסט“.

נאָך מעהר, איך האָב מיך אליין ערלויבט דיזען וואָרט פיעל מאָל צו

געברויכען, אָבער איך האָב געטאַפּט אין דער פינסטער און האָב דאָס וואָרט גייסט געשריעבען אויף גאָט'ס בעראָט, און א דאנק זיין ליעבען נאָמען, וואָס די לעזער ווייסען אויך ניט די בעדייטונג, האָבען זיי קיינמאָל מיך ביי קיין גרייז ניט געכאַפּט.

מיר זאָגען און מיר שרייבען „גייסט", אָבער וואָס איז „גייסט"? צום ביישפּיעל, ווען מען זאָגט מיר א בוך, ווייס איך אז דאָס איז אזא זאך, וואָס האָט בלעטער; אי א בוים האָט אויך בלעטער? האָב איך שוין אויף אזוי פיעל שכל צו אונטערשיידען, אז די בלעטער פון א בוים האָבען א וואָרצעל, א מראה, א טעם און א ריח, און די בלעטער פון די מייסטע ביכער זיינען אָהן א שרש, אָהן אַן אויסזעהן, אָהן טעם און אָהן ריח.

אָבער „גייסט", וואָס זאָל דאָס הייסען? צום ביישפּיעל, ווען מען זאָגט „יענער בעריהמטער פּראָפעסאָר האָט א הויכען גייסט", וואָס זאָל איך דערונטער פערשטעהן? צו ער האָט א גרויסען רוח, דאָס הייסט, א גרויסען שד, טייפעל, לץ, וואָס ער שרייבט אזא טייפעלשע הלצה? אָדער ער טרינקט א סך גייסטיגע געטרענקע און פלוידערט ווי א שכור?

אָנפאַנגס פלעג איך מיינען, אז גייסט איז א נשמה, איז אָבער ערשטענס ווייס איך ניט, וואָס איז אזוינס נשמה, אזוי גוט ווי איך ווייס ניט, וואָס איז א גייסט.

און צווייטענס, אז איך זאָל שוין צוגעבען, אז א נשמה הייסט א שעהן מיידעל, ווייל אַלע רופען עס „מיין טהייערע נשמה'לע", „מיין זיסע נשמה'לע", טאָ ווארום רופען זיי זי ניט „מיין טהייער גייסטעלע", מיין זיס גייסטעלע"?

אין דער לעצטער צייט האָב איך מיך שוין געפרעהט און איך האָב גע־מיינט, אז איך האָב שוין ענטדעקט, וואָס הייסט א גייסט, איך האָב געזעהן, אז אין טהעאטער שטעלט מען פאַר גייסטער.

אַלס נאַטורפאָרשער האָב איך מיך ניט געפוילט און בין געגאַנגען הינטער די קוליסען זעהן, וואָס דאָס איז אזוינס א גייסט, און האָב אויס־געפונען, אז א גייסט איז א פערשטעלטער עקטער.

איז מיר ערשט רעכט קשה, אז אַן עקטער איז א גייסט, ווארום זיינען מייסטענס הויכע עקטערס ניעדריגע גייסטער, און גרויסע עקטערס קליינע גייסטער?

און ווארום זאָגט מען אויף יענעם טהעאַטער פּערפאַסער, אז ער איז

גייסט־רייך, אַז אַלע זיינע גייסטער זיינען אָרים און ער אַליין איז אויך אַ גרויסער דלות?

יעצט געהען מיר נאָך אַ שריט ווייטער, דאָס איז זיכער, אַז די גייסטיגע נאַהרונג, גייסטיגע געטרענקע, גייסטליכע און גייסטעס געגענוואַרט, אַלעס שטאַמט פון גייסט, איז דאָך אומבעדינגט, אַז איינער האָט גייסטער אין דער געגענוואַרט, און נעהרט זיך מיט גייסטער און טרינקט גייסטער, מוז ווערען אַ גייסטליכער. און אַזוי ווי איך זעה, עסען גאָר אַלע גייסטליכע פלייש ווי די וועלף און טרינקען וויין און וואַהיסקי און זיינען אימער גייסטלאָז, טאָ וואָרום הייסען זיי גייסטליכע? וואָלט דאָך געוועזן פאַסענדער דער נאָמען, פרעסער און טרינקער, אָדער אויף לשון קודש, זולל וסובא׳ניקעס?

וואָס אַלזאָ הייסט דאָך גייסט?

די בעלי מקובלים זאָגען, אַז גייסט הייסט עטוואָס אַ גאַנץ ערעלע זאַך, עפּעס אַזוינס, ווי אַ ווינטעל, עפּעס אָהן אַ קערפּער, וואָס מען זעהט עס ניט און מען הערט עס ניט, עפּעס אַ בלאָז, דאָס הייסט עפּעס אַ מין רוחניות, ממש אָהן ממשות, פּשוט אַ גאָר נישט.

רבונו של עולם! וואָס טויג מיר דאָ דאָס לאַנגע ברייען? קענען זיי דאָך זאָגען קורץ און בינדיג: ווייסטו וואָס הייסט אַ גייסט, פּשוט אַ גאָר נישט?

איצט לאָמיר זעהן צי עס שטימט? אַ מענש אָהן כאַראַקטער, ווי צום ביישפּיעל היימישע סבאָרסטשיקעס, קלעזמער, היגע פּאָליטישענס און כלי קודש, אויף איינעם פון אַזעלכע מענשען, ער איז אַ גאָר נישט, און אַז אַ גאָר נישט איז ער אַ גייסט, און אין דער פּראַקטיק זעהען מיר גראָדע דאָס געגענטהייל, אַז ווער עס האָט ניט קיין גייסט, זאָגט מען, אַז ער איז אַ גאָר נישט.

היינט אַז מיר זאָלען צוגעבען, אַז אַ גייסט איז אַ גאָר נישט, וואָלט דאָך געמוזט אויסקומען, אַז האָבען גייסטעס געגענוואַרט הייסט זיין אַ קבצן און גאָר נישט האָבען אין דער געגענוואַרט.

ער געניסט צופיעל גייסטיגע געטרענקע, וואָלט געהייסען אַ טעמפּ־רענצלער, וואָס טרינקט גאָר נישט.

אַ גייסטיגע בעשעפטיגונג, וואָלט געהייסען אַ ליידיג־געהער, וואָס טהוט גאָר נישט.

אז מען זאָגט, יענער רעדאַקטאָר איז אַ הויכער גייסט, וואָלט עס געהייי־
סען, ער איז אַ גרויסער גאָר נישט.

און אַ גייסטליכער, וואָלט געדאַרפט הייסען, אַ גאָרנישטכער.

און אז איינער שטעהט אויף פון אַ קרענק, וואָלט מען געדאַרפט זאָגען
אַ דאַנק גאָט, ער איז שוין גייסטעס קראַנק, דאָס הייסט ער איז שוין גאָר
נישט קראַנק....

נו הערט, וואָס פאַר אַן איבערקעהרעניס עס וואָלט דאָ ארויסגעקומען.

איבערהויפּט וואָלט איך געהאַט דעם גרעסטען פּסק, ווען איך זאָל מיר
מיהע געבען דיזען אַרטיקעל איבער'ן גייסט רעכט גייסטיג צו שרייבען,
וואָלט עס ערשט אויסגעקומען, אז איך האָב גאָר נישט געשריבען און וואָלט
טאַקע גאָר נישט בעצאָהלט געקראָגען.

אָבער הערט און שטוינט ! פון קליינע אורזאַכען קומען ארויס גרויסע
פאָלגען :

גראָד דאַרף איך דערהערען ווי אַ מאַן זאָגט צו זיין ווייב : „געוואַלד,
וואָס ביזטו אַזוי גיפטיג ?" האָט זי איהם באַלד געענטפערט, — ווייל איך
בין גייסטיג — אַ נאַר איז תמיד גוט, און אַ קלוגער מענש איז בייז. דאָ איז
מיר באַלד איינגעפאַלען, אַז גייסט הייסט גיפט. און איצט איז מיר אַלעס
אין דער אָרדנונג.

גייסט הייסט גיפט.

דערפאַר הייסען אַלע שטאַרקע משקאות גייסטיגע געטרענקע, ווייל זיי
פערגיפטען דאָס בלוט אין די געהירען און דער טרינקער ווערט טויט שכור.

דערפאַר הייסען די הימעל־הינד גייסטליכע, ווייל זיי פערגיפטען די
פערנונפט פון דעם פאָלק מיט אבערגלויבען פון גייסטער.

דארום הייסען חובבי־ציון'יקעס, סאָציאַליסטישע פּאָליטיקער און מיס־
יאָנערען גייסטיגע בעשעפטיגונג, ווייל דאָס איז אַ גיפטיגע בעשעפטיגונג,
זיי שפּייען איינע אויף די אנדערע גיפט און רייסען זיך תמיד.

דערפאַר הייסט ביכער לעזען גייסטיגע נאַהרונג, ווייל ווער עס וויל
לעבען מיט ביכער, אין ביכער, און נאָר דורך ביכער פערגיפטעט זיך דאָס
לעבען.

דערפאַר הייסט אַ געבילדעטע דאַמע גייסטרייך, ווייל וואָס מעהר ביל־
דונג זי האָט, אַלס מעהר גיפט האָט זי, דעם מאַן איז זי אַ ביטערער גיפט, און

פרעמדע פערגיפטעטע זי מיט'ן בליק און זיך פערביטערט זי דאָס לעבען.

און דארום הייסט אַן אַפּאָטהעקער און אַ דאָקטאָר גייסטרייך, ווייל זיי האָבען אימער צו טהאָן מיט גיפט, און ווערען רייך פון גיפט.

און דארום הייסט לעבען פערשווענדעריש און לוקסוס אין מאָדעס, לעבען נאָך דעם צייט־גייסט, ווייל מען לעבט אייגענטליך נאָך'ן צייט־גיפט, נאָך דעם גיפט וואָס פערביטערט דאָס לעבען פון אנדערע און טויטעט די אייגענע צייט.

און דארום איז מיין ארטיקעל ניט גייסטרייך, ווייל איך וויל ניט שרייבען קיין וואהרהייטען וואָס פערגיפטען מייסטענס אַ געוויסען טהייל פון מיינע לעזער, וואָס איך האָב געוואָלט, איז סך הכל נאָר צו זאָגען דעם לעזער, אז ער זאָל ניט פערגעסען, אז גייסט איז גיפט, דארום ווען איינער פערגיפטעט זיך מיט אַ פערדאָרבענעם עסען, דאַרף ער זאָגען, ער האָט זיך בעגייסטערט מיט'ן עסען.

און ווען איינער בעגייסטערט זיך פון אַ ליטערארישע פּלוידערארישע פּלוידעריי, זאָל ער זאָגען אז ער האָט זיך פערגיפטעט מיט ליטעראטור.

ווייל גייסט איז גיפט און גיפט איז גייסט.

---

## VI.

## איין און אויס.

נאָך אלס קינד פלעג איך הערען פון מיין מאַמען, זאָל האָבען אַ ליכטיגען גן עדן, אז איך בין אַ שוטה און וויים ניט וואו איין און וואו אויס. איצט הער איך דאָס זעלבע פון מיין יענטע נאָך אָפטער. דאָס האָט מיך געבראכט צום נעכדענקען, וואָס איז דאָס אייגענטליך, דאָס „איין" און „אויס", אז ווען מען וויים עס ניט, איז מען אַ שוטה, און אז מען וויים יא, איז מען וואהרשיינליך אַ חכם; מיר שיינט, אז צווישען איין און אויס איז גאָר קיין חלוק ניטאָ. איז דען אנדערש ווען איינער איז איינגעשמירט אָדער אויסגעשמירט?

אז אַ דערוואקסען מיידעל קריגט ניט קיין חתן, געהט זי נעבאך „אויס" פון די כוחות און געהט ביסלעכווייז „איין" אויך, און יעדער וואָס ווערט

ביי איהר אַן „איינגעהער“ זוכט מיט איהר „אויסצוגעהן“ אויף.

יעדער ווער עס האָט ליעב איינצונעהמען (אַ ביסעל משקה אָדער אַ קערטיל) מוז זיך מיט דער צייט „אויסנעמען“ אויף. (דער לעצטער סענט פון פּאַקעט).

אַ שעהנע טהעאַטער שטיק, וואָס איז אַן „אויסנאַהמע“, מאַכט טאַקע פאַר די אַקטיאָרען אַ גוטע „איננאַהמע“.

איך קען אַ ביזנעס־מאַן וואָס האָט „איין געכאַפּט“ אַ שעהן ביסעל גמילות חסדים, און ענדליך האָבען זיך זיינע גלויביגער בעקלאָגט, אַז ער האָט ביי זיי „אויסגעכאַפּט“.

אַרבייטער, וואָס „געהן איין“ אויפ׳ן באָס יושר, זיינען זיכער, אַז זיי וועלען „אויסגעהן“ פאַר הונגער.

דע „איינגאַנג“ אין יעדעס הויז איז צוגלייכער צייט אויף דער „אויס־גאַנג“.

אַ וואַארע, וואָס „לויפט איין“, איז זאָ גוט אַ שאַדען, ווי אַ טעפּעל, וואָס „לויפט אויס.“

אַזוי האָב איך מיך געטראַכט און האָב גאָר קיין חלוק ניט געפונען צווי־שען „איין“ און „אויס“.

איך קען שרייבער, וואָס האָבען „איינגעשריבען“ אַלע זייערע (און פרעמדע) וויצען אין די צייטונגען אום „אויסצונעהמען“ ביי׳ם לעזער און „איינצונעהמען“ ביים פּובלישער, האָבען זיך ענדליך אין גאַנצען „אויסגע־שריבען.“

און די מייסטע אָרענטליכע מיידלאַך, וואָס האָבען „איינגעשטעלט“ זייער עהרע, זיינען טאַקע געבליבען „אויסגעשטעלט“, אָבער ניט אויסגע־שטעלט ווי אינדיאַנער אין אַ מוזעאום, זאָנדערן ווי אַן אָרעמאַן וואָס האָט קיין רענט ניט, „אַרויסגעשטעלט“ אויפ׳ן סטריט.

ווען אַ יוניאָן פאַלט אויס „איינצוגעהן“ אין אַ סטרייק, און זיינען ניט איינפערשטאַנדען מיט אַלע איבעריגע יוניאָנס צו קריגען „אויסהילפע“, איז דאָס אַ זעהר שלעכטער „איינפאַל“, ווייל זיי מוזען באַלד איינזעהן, אַז זיי האָבען אַליין גאָר קיין „אויסזעהן“ ניט, דען אָהן „איינזיכט“ קען מען קען „אויסזיכט“ ניט האָבען.

קינדער זאָלען זיך „איינגעבען“ אין די עלטערן, איז גאָר ניט זעלטען

און אויך ניט שווער, אָבער „אויסגעבען" קינדער איז שוין פערבונדען מיט גרויסע „אויסגאַבען".

די מייסטע מענשען, וואָס זיינען „איינגעבילדעט", איז דער ערשטער בעוויז, אז זיי זיינען ווייניג „אויסגעבילדעט."

זעהר אָפט גיט מיר מיין יענטע אַן „אויסגעקאָכטע" שטיקעל פלייש און דאָך קען איך עס ניט איינבייסען, ווייל עס איז ניט גוט „איינגעקאָכט."

און אזוי בין איך ביסלעכווייז ערפאהרען דעם חלוק צווישען „איין" און „אויס" און קען נאָך „אויסרעכענען" טויזענדער זאכען ניט איינע „איינצו־רעכענען", אָבער איך וויל מיט מיינע לעזער „איינזיכט" האָבען און „איינ־האַלטען", ווייל זאָנסט האָבען זיי אַן „אויסזיכט" ניט „אויסצוהאַלטען", דאַן קענען זיי מיר נאָך „אויסרעדען", אז איך וויל זיי „איינרעדען", אז וואָס איך „צייכען איין", איז „אויסגעצייכענט".

אָבער ענדליך זייט איך האָב מיך אָנגעפאַנגען „איינצוגעפינען" אין דער גרויסער וועלט, האָב איך „אויסגעפונען", אז ווען מען וויל טאַקע „אויס־זעהן" ווי אַ מענש, מוז מען „איינזעהן" דעם חלוק צווישען „איין און אויס."

# VII.

## שווארץ און ווייס.

עס איז מיר אייגענטליך אליין אַ גרויסער וואונדער געוועזן ווי אזוי קומט צו מיר צו וויסען דעם אונטערשיעד פון קאָלירען. שטייטש, איך בין דאָך קיין מאָלער קיין מאָל ניט געוועזען?

נאָר אז איך האָב מיך אָנגעפאנגען צו פערטיעפען אין מיין יוגענד, אז איך בין ערשטענס געוועזן אַ גרויסער ווייסער־חברה'ניק, און צווייטענס אז איך בין געוועזן פערשווארצט געוואָרען ביז איך האָב אָנגעהויבען צו פערשטעהן די שווארצע אותיות'לעך און ווי דער רבי פלעגט מיר זאָגען: „מאָהל דיך" אז שמעון איז דער ניזק און שפעטער מיט יאָהרען האָב איך אָנגעהויבען גלויבען נאָר דאָס וואָס איך האָב געזעהען „שווארץ אויף ווייס"; האָב איך מיך אויפגעהערט וואונדערען און האָב פערשטאַנען אז איך בין יאָ אַ שטיקעל מאָלער און קען די 2 קאָלירען „שווארץ אויף ווייס" זעהר גוט.

שוואַרץ און ווייס! מערקווירדיג איז דאָס, אז מיר איינפאכע מענשען זיינען געוואָהנט שווארצע צו שענדען און דאָס ווייסע צו ליעבען, גלייך ווי דאָס ווייסע וואָלט פיעל בעסער געווען אלס דאָס שווארצע. ווען מען נעהמט אָבער גרינדליך בעטראַכטען דיביידע קאָלירען, אז אָפט איז גאָר דאָס שווארצע בעסער פון דעם ווייסען. צום ביישפיעל: ביי מיר איז איין שוואר־צער קאַפּע פיעל ליעבער אלס ווייסע קאַלך וואַסער, א שווארצער פראַק צום טאנצען פיעל ליעבער אלס ווייסע תכריכים; שווארצער מאָן פיעל אנגע־נעהמער אלס ווייסע ארבעס, אַן עכט געשווארצטער שטיוועל אלס איין אָב־געווייסטע אקטריסע; א שווארץ חן'עוודיגע אלמנה אלס א שייגעצעל מיט ווייסע האָאָר.

דאמיט איז אָבער ניט געזאָגט, אז אלעס וואָס עס איז שוואַרץ איז בעסער אלס ווייס, עס גיבט שווארצע זאכען וואָס עקלען אָן יעדען מענשען:

די „שווארצע זעעלען" פון פראָצענטניקעס, פיינבראָקערס, פּאָליציסטען, געמבלערס, קופּלער פון פרויען עהרע, דעטעקטיווס, שפּיאָנען, דעמאַגאָגען; די „שווארצע גייסטער" פון די גייסטליכע און יעזואיטען אין די שווארצע מאנטלען; די פינסטערע שווארצע מינעס פון קמצנים, פון רעפּאָרמער, ווען זיי דערזעהען איין אָרטהאָדאָקסען, פון אנטיסעמיטען ווען זיי דערזעהען א אידען, פון מאָנאָפּאָליסטען, ווען זיי דערזעהען אַן ארבייטער דעלעגאציאָן.

די „שווארצע הערצער" פון לענדלאָרדס, ווען זייערע ארמע אָפּפּער „טענענטס" האָבען קיין רענט ניט צו בעצאָהלען; די שווארצע געוויסען פון פּרעזידענטען און אלע פּאָליטיקער, וואָס פערשפּרעכען ביי די וואהלען הרים ונבעות און פעראכטען דאָס פאָלק ווען זיי זיצען פון אויבען...

די אלע שווארציגקייטען זיינען ניט איינע שווארצע פארב, וואָס גע־הערט צו די פארב קאָלירען, זאָנדערן א גיהנום פינסטערנים וואָס פער־שווארצט דאָס פּנים פון דער ציוויליזירטער מענשהייט.

דאנגען זינד די שווארצע זאכען, וואָס זיינען די גרעסטע נויטווענדיג־קייט דעם מענשענס גייסט ווייס צו מאכען.

אלע ערקענטנים, וואָס די מענשען האָבען עררייכט ביז איצט, האָבען מיר צו פערדאנקען די שווארצע דרוק פארב מיט די שווארצע דרוק שריפט, דורך וועלכע עס זיינען ענטשטאנדען מיליאָנען ביכער געדרוקט שווארץ אויף ווייס, וועלכע האָבען דעם מענשליכען גייסט ווייס געמאַכט אָבוואָהל די רענ־

קער און ערפינדער זיינען כמעט אימער פערשווארצט געוואָרען זייער לעבענס־לאַנג.

זאָגאר די שווארצע טינט איז איין אונפערגעסליכער דענקמאהל פאר די מענשהייט, ווייל אלעס וואָס די מענשען ווייסען פון די שווארצע דרוק־פּינטעלעך, איז פריהער ארויס פון דעם שווארצען שפּיץ פון א פעדער.

צוואר צעהלט מען „שווארץ" דעם ערפינדער פון דעם שווארצען פּול־ווער אויך צווישען די גרויסע ערפינדער. אָבער דאָך מעג קומען א שוואר־צער חלום אויף אזעלכע ערפינדער, וואָס ערלייכטערן די מיטעל צו מאכען מאָרד, צו מלחמות, צום שווארצען שפּיעל פון דעכּפּאָטען אום אויסצושלאכ־טען טויזענדער מענשען אין איין מינוט און אלע זאָלען בלייבען אונטער'ן שווארצען רויך פון די קאַנאָנען ליגען שווארץ ווי קויל.

הייַנט שווארצע אויגען! דאָס, פריינדע, איז די בעסטע פארב פון אלע קאָלירען, איבערהויפּט א פּאָאר שווארצע פרויען אויגען.

שווארצע אויגען זיינען פּיילען, וואָס טרעפען אימער אין ציעל, אין דאָס הערץ פון די מענער; שווארצע פרויען אויגען איז א פלאם, וואָס צינדעט אָן די מענער־זעעלע; שווארצע פרויען אויגען איז אַן עלעקטרישער שטראָם, וואָס האָט זעהר אָפט געזעצט אין בעוועגונג די גאַנצע פּאָליטישע צונ־באהן.

שווארצע פרויען אויגען זיינען גלייך צו דער צונג, וואָס ברענגט אי לע־בען אי אָפט דעם שווארצען טוידט פון אַן אייפערזיכטיגען ליעבהאָבער.

אָבער דאָך זיינען שווארצע אויגען מיר אימער נאָך ליעבער, ווי שווארץ אונטער די אויגען: שווארצע אויגען — פיעל אנגענעהמער, אלס שווארצע ציין, שווארצע אויגען און ווייסע ציין בילדען עטוואָס הארמאָנישעס און אַנ־גענעהמעס, וועהרענד ווייסע אויגען און שווארצע ציין רעגען אַן צו עקעל.

שווארץ־קינסטלער זיינען שוין יעצט אויך ניט זאָ שרעקליך ווי א מאָל, ווייל א מאָל פלעגט מען א שווארץ־קינסטלער האלטען פאר א מכשף, אָדער א בעל שם, וואָס מאכט די שווארצע קונסט מיט דעם שווארצען טייפעל און מען פלעגט זיי, לויט די אלטע שווארצע זיטטע, פערברענען אויף דעם שיי־טער־הויפען; אָבער יעצט, זייט מיר זיינען ערפאהרען, אז מכשפים מאכען ניט מיט שדים, און א בעל שם מאכט ניט מיט מלאכים, איז די מאגישע קונסט געוואָרען אפעהיגקייט, ווי אלע איבריגע געשיקטליכקייט פון מענשען.

אבשייליך איז דאָס „שווארצע בוך" פון די יעזואיטען. אין וועלכען זיי

שרייבען אריין די מענשליכע זינד געגען זייער פינסטערען פאַנאַטיזמוס; די שוואַרצע ליסטע פון רוסישער געהיים פּאָליציי, געגען אַלע פריידענקער; די שוואַרצע ליסטע פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען געגען אַלע פּאַרטיי־נעגנער.

מערקווירדיג איז דאָס, אַז אָבוואָהל דאָס שוואַרצע איז דאָס געגענ־טהייל פון ווייס, דאָך האָט ווייס ניט אזוי פיעל מעלות, וויפיעל שוואַרץ האָט חסרונות.

און אָבאָהל מען שילדערט די אונשולד ווייס, אָבוואָהל מאַנכע פרויען שטאָלצירען מיט זייער ווייסעס געזיכט, דאָך געפינען מיר אונטער די שוואַר־צע ניגערס פיעל מעהר אונשולדען, אַלס אונטער די ווייסע אריסטאָקראַטיש־ע געזעלשאַפט.... אַ פּאָאַר שוואַרצע ארבייטער־הענד ברענגען פיעל מעהר נו־צען, אַלס די ווייסע הענד פון קופּאָן שניידער. און געגנוג האָבען מיר געהאַט צו קעמפּפען געגען די ווייסע קאַפּאָטעס פון די חסידישע בעלי מופתים און ווייסע גאַטקעס און די שוואַרצע זאָקען פון די חסידים, און געגען דעם פאַ־נאַטיזמוס פון אונזערע ווייבער, אַז אַ ווייסע כפּרה איז בעסער, ווי אַ שוואַרצע.

דאָס נור בין איך זיכער, אַז ווייסע וועש איז יעדען מענשען פיעל אנ־גענעהמער אַלס שוואַרצע וועש, חאָטש מאַנכער ווייסער חברה'ניק פער־שוואַרצט זיין גאַנצע משפּחה.

נאָר מיט דיזען אַרטיקעל פון שוואַרץ און ווייס, זאָלען מיינע ליעבע לע־זער ניט מיינען, אַז איך וויל זיי ווייס מאַכען, אַז איך ווייס אַלעס וועגען שוואַרץ און ווייס, איך האָב בלויז געוואָלט אָנשרייבען עטוואָס שוואַרץ אויף ווייס, איך זאָל דערפאַר בעקומען עטוואָס „גר'ן אויף ווייס".

---

## VIII.

## איך און גאָט.

ער, דער זשורנאַליסט, ער האָט נעבעך קיין פּרנסה ניט, דאָס ווייס די גאַנצע וועלט, ווייל וואָס אַן אַקטיאָר, אַ נאַר און אַ זשורנאַליסט טהוט, מוז די גאַנצע וועלט קלינגען.

און אז ער האָט קיין פּרנסה ניט, כאַפּט ער זיך צו וואָס עס קען, און אזוי ווי איך קען גראָד א ביסעל לערנען, האָב איך מיך נעכאַפּט צו אַן עין יעקב און האָב גראָד געטראָפען אויף דעם פּסוק, ואתם... מה הוא רחום אף אתה רחום, אלזאָ מען דאַרף טהאָן וואָס דער רבש"ע טהוט.

אָבער אזוי ווי פון רחמנות קען מען קיין פּרנסה ניט האָבען, און פון כאַפּעכץ קען קיין גוטס ניט ארויסקומען, ווייל איך זעה, אז פיעלע אידען האַלטען אין איין כאַפּען און דאָך ווערען זיי ניט גליקליך.

אָבער מיין שווער זאָל לעבען איז אַן אַלטער למדן, און ער האָט מיר ערקלערט, אז רחום מיינט מען, אזוי ווי גאָט איז מזוג זוגים, דאָס הייסט ער מאַכט ראָמאַנען, אזוי זאָלסטו אויך מאַכען ראָמאַנען.

אָבער ווי קומט רחם זאָל בעדייטען ראָמאַנען, אָט דאָס דאַרף מען ערשט וויסען, האָט מיין שווער א ראשי תיבות: „רייב, חיים מעשות“, דאָס הייסט, שרייב, שלים־מזל, ראָמאַנען, ווייל ביז שמר'ן האָבען אלע ראָמאַנען אין אידיש געהייסען מעשות: די בבא מעשה, די מעשה פון רב מיט דער רביצין, די מעשה פון דעם בעל שם, די סיפּורי מעשות...

אלזאָ, אז גאָט איז א ראָמאַנען־שרייבער, אָדער ווי עס פלעגט א מאָל הייסען, א מעשה־מאַכער, ווייס דאָך יעדער, ווייל וואָס הייסט דען א ראָמאַן, מעהר, ווי בעשאַפען א וועלט אין דער לופט פון גאָר נישט? און דאָס זעהען מיר דאָך פון די ששת ימי בראשית, ווי גאָט האָט בעשאַפען א ראָמאַן, דאָס הייסט די וועלט, וועלכע מיר האַלטען איצט אין לעזען, אין 6 טעג פון גאָר נישט, און אזוי ווי עס שטעהט טאַקע אויף דעמזעלבען אָרט: „אשר ברא אלהים לעשות“, וואָס גאָט האָט בעשאַפען עס זאָל זיך מעשה'לען, האָב איך באַלד פערשטאַנען, אז מעשות איז קיין שלעכטע ביזנעס און האָב זיך גענומען צו שרייבען א ראָמאַן, כדי זיך צו פער'דבק'ען צום כביכול.

איך שרייב איצט א גרויסען ראָמאַן פאַר א אידישע צייטונג און איך בין שטאָלץ צו זיין גלייך מיט'ן רבש"ע צו בעשאַפען וועלטען אין דער לופט פון גאָר נישט.

יעדענפאַלס דענק איך, איך זאָל זיין א פעהיגערער שרייבער פון איהם, ער האָט געמאַכט איין בויגען און האָט עס געהאַלטען אין רעגען און עס איז פעררעגענט געוואָרען און עס הייסט ביז היינט דער „רעגען־בויגען“ און איך

האָב שוין אָנגעשריבען 50 בויגען און האלט זיי געוועהנליך אין מיין ביוראָ זיי זאָלען ניט פערדרעגענט ווערען.

דער קריטיקער וועט געוויס באלד פרעגען: — מילא פון גאָט'ס ראָמאַ־נען האָבען מיר עטוואָס, זיינע וועלטען זיינען רעעל, אָבער וואָס האָבען מיר פון דיין פאַנטאַזיע וועלט?

אָבער דאָס איז גאָר קיין פראגע ניט, ווייל פון די ראָמאַנען, וואָס הענ־גען ווייט, ווייט אין דער לופט, האָבען מיר דאָך געוויס גאָר ניט, מיר ווייסען אפילו דעם טיטול ניט פון זיי, און אפילו די ראָמאַנען וואָס מיר ווייסען שוין די נעמען, ווי צום ביישפּיעל, „די זון", „די לבנה", „דער מארס", „דער „יופּיטער" א. ז. וו. ווייסען מיר אויך ניט, וואָס דאָרט שטעהט, בלייבט דער איינציגער אינטערעסאַנטער ראָמאַן „די ערד" וואָס מיר קענען עס לעזען, וועלכען נוצען האָבען מיר פון דעם ראָמאַן?

האָבען מיר דערפון מעהר, ווי דאָס שטיקעל „צייט־פערטרייב"? מיר טרייבען די צייט, ביז די צייט פערטרייבט אונז.

איהר וועט מיר קריטיזירען, אַז מיין ראָמאַן איז א שלאָף־מיטעל, נון, פרעגע איך אייך, איז כביכול'ס ראָמאַן ניט א שלאָף־מיטעל, נאָך אַן ערגע־רער ווי מיינער? פון מיין ראָמאַן, אַז איהר וועט איינשלאָפען, וועט איהר זיך נאָך אויפכאַפּען און ווייטער לעזען, און פון גאָט'ס ראָמאַן זיינען שוין מיליאָ־נען לעזער איינגעשלאָפען און קיין איינציגער האָט זיך שוין צוריק ניט אויפ־געכאַפּט.

איהר וועט מיר קריטיזירען, אַז מיין ראָמאַן איז צו לאַנג, גרויסע צוויי טהיילען, אָבער יעדענפאַלס איז נאָך מיין ראָמאַן קירצער אַלס דעם כביכול'ס; זיין ראָמאַן, די ערד, איז אין 5 טהייל: אייראָפּא, אזיען, אמע־ריקא, אפריקא און אויסטראליען, און אלע טהיילען דורכצושטודירען מוז מען האָבען מתושלח'ס יאָהרען. מיר שטערבענדע האָבען אפילו ניט די גע־לעגענהייט דורכצוקוקען, און מיין ראָמאַן, איהר זאָלט אפילו וועלען לעזען און צוגלייך קריטיזירען, וועט איהר אין 6 מאָנאַטען פערטיג ווערען.

איהר וועט מיך קריטיזירען, אַז מיינע כאַראַקטערע, וואָס איך שטעל פאָר, זיינען פאַלשע, די בעגעבענהייטען ניט נאַטירליך, די קאַטאַסטראָפען איבערטריבען, מוז איך אייך זאָגען, מיינע פריינדע, אַז איהר האָט דעם

רבש"ע׳ס ראָמאַן ניט אויפמערקזאַם גלעזען, די כאַראַקטערע פון זיינע העלדען זיינען פיעל פאַלשער:

ער שטעלט פאָר רבנים, מיין וואָרט פאַלשע, די גאַנצע אידישקייט האָט זיך ביי זיי אָבגעשפּיצט אויף א לונג און לעבער, אבי ער האָט נאָר דעם „סיין" און די „פלאָמבע" פון זיין השגחה.

די גלחים דרעהען זיך ווי די וועטער־פאַהנען, ווי דער ווינד בלאָזט זיי, און זיי זיינען אלע געוואָרען סאָציאַליסטען.

זיינע קעניגע זיינען פייגלינגע, וואָס בעהאַלטען זיך אין מויז לעכער פאר זייערע אייגענע אונטערטהאַנען.

זיינע בעלי טובות, וועלט פערזאָרגער און שטאָדט פערזאָרגער גיט ער מעהר הצלחה, אלס כאַראַקטער.

ווען איך זאָל ניט זינדיגען מיט מיינע רייד, וואָלט איך בעהויפּטעט, אז כמעט אלע זיינע פּערזאָנען זיינען כאַראַקטערלאָז.

זיינע בעגעבענהייטען זיינען געוויס ניט נאַטירליך:

דאָ גיט ער איינעם אונגעהויער פיעל מיליאָנען, וואָס די מיליאָנערען מיט זייערע קינדס־קינדער קענען עס ניט פערצעהרען, און דאָ שטעהען אנט־קעגען מיליאָנען ארבייטער, וואָס ער גיט זיי אפילו ניט דאָס נויטווענדיגסטע צום לעבען.

די רייכע לעבען אין „איבערנאַטירליכען לוקסוס", די ארעמע ליידען „איבערנאַטירליך" און קענען זיך ניט העלפען, נאַטירליך, וועט איהר צוגע־בען, אז זיין ראָמאַן „איז איבערנאַטירליך".

זיינע קאַטאַסטראָפען זיינען דאָך זיכער איבערטריבען:

דאָ נעהמט ער גאַנצע שטעדט מיט טויזענדע פּערזאָנען, וואָס האָבען נאָך זייער ראָלע ניט געענדיגט אין ראָמאַן און פערניכטעט זיי דורך אַן ערד־ציטערניס, דאָ מאַכט ער א מלחמה, וואו מען הרג׳עט אויס גראָד די ניצליכע מיטגליעדער פון זיין ראָמאַן, די ארבייטער, און די לעדיג־געהער, די אדעליגע, נענערעלע און פירשטען לאָזט ער לעבען. דאָ ברענגט ער א כאָלערא, וואָס מאַכט לאַקשירען און ברעכען גראָד די ארעמע קלאַסען, וואָס האָבען ליידיגע מאָגענס און מוזען נעבעך אויסלאַקשירען זייער נשמה. וואָלט עס ניט גע־ווען כאַראַקטעריסטישער, אז דיזער פּראָצעס זאָל שטאָטפינדען ביי די מיליאָ־

נערען וואָס האָבען פולע דיקע בייכער און דארין נענוג שטאָף פאר אַן „אל־זייטינע" אבליידיגונג?

איז דען דאָס כאראַקטעריסטיש, וואָס ער האָט פערפאסט אונפליי, אונ־געציפּער, און וואו ער גיט זיי פּלאַץ אין די ענגע טענעמענט־הייזער, וואו די אָרעמע לייט האָבען זיך אַליין ניט וואו אהין צו טהאָן מיט זייערע קינדערלעך און באָרדערס, וואָלט דען ניט פיעל ליטעראַרישער געווען, ער זאָל אַלע מייז, קאקרוטשעס, וואנצען א. ז. וו. ארייננטרייבען אין די פּאַלעסטע פון דער 5טער עווענױ, וואו עס זיינען דאָ לעערע צימער, ביי פּערזאָנען, וועלכע האָבען גענוג צייט צו קראַצען זיך?...

מיינע פריינדע! איהר וועט מיר צוגעבען, אז גאָט'ס ראָמאַן, דעם כביכול'ס „מעשה" לאָזט זיך מעהר קריטיזירען ווי מיין ראָמאַן, אָבער פון דעסטוועגען, ווייל ער איז אנערקענט פאר אַן אויטאָריטעט, און איז זעהר פּאָ־פּולער צונלייך זעהר פּראָדוקטיוו, נאָך מעהר פון דעם פראנצויזישען דיומא, דעם פּוילישען מיצקעוויץ, אפילו פון דעם אידישען „שמ"ר", ווייל ער האָט שוין 310 ראָמאַנען, און שמ"ר האָט ערשט 290, בין איך דאָך צופריעדען, וואָס איך בין נעוואָרען כביכול'ס א קאָלענע, צו בעשאַפען וועלטען אין דער לופט פון ניכטס און צו זיין ווי ער א ראָמאַנען־מאכער. ווינשט מיר גליק.

---

IX.

## דער ערשטער נאַפּאָלעאָן און דער צווייטער יקום פורקן

ווען מיר נעהמען פערגלייכען דיזע ביידע היסטאָרישע פּערזענליכקיי־טען, געפינען מיר, אז אין פיעלע זאכען האָבען זיי גלייכע ראָלען געשפּיעלט, און אין פיעלע זאכען זיינען זיי גאַנץ פערשיעדען פון איינאנדער.

אזוי ווי ביידע יקום פורקן'ס זיינען מן שמיא, אזוי האָט דאָס פּאָלק נאַפּאָלעאָנס.

אזוי ווי ביידע יקום פורקן'ס זיינען מין שמיא, אזוי האָט דאָס פּאָלק אויך נעגלויבט, אז ביידע נאַפּאָלעאָן'ס זיינען פון הימעל בעשטימט.

די וועלט פרענט א קשיא, נאָך וואָס דאַרף מען צוויי יקום פורקן'ס, איז איינער ניט גענוג?

און דארום ענטפערט מען, אז טאָמער וועט איינער פערפאַלען ווערען, זאָל מען חאַטש בלייבען ביי איינעם.

איז דאָך אָבער ווייטער די קשיא, זאָלען זיין דריי יקום פורקן׳ס, טאָמער וועט דער צווייטער אויך פערפאַלען ווערען?

דארויף ענטפערט מען: עס זיינען טאַקע געווען דריי, נאָר איינער איז שוין פערפאַלען געוואָרען.

אין דעם פונקט זיינען די יקום פורקן׳ס אויך גלייך צו די נאַפּאָלעאָן׳ס, עס זיינען טאַקע געווען דריי נאַפּאָלעאָן׳ס און דער מיטעלסטער איז פערפאַלען געוואָרען, ווייל די געשיכטע וויים נאָר פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען און נאַפּאָלעאָן דעם דריטען, דארום שליסט מען, אז אויך דער מיטעלסטער יקום פורקן איז־פערלאָרען געגאַנגען.

אָבער אַנשטאָט וואָס דער ערשטער נאַפּאָלעאָן איז געווען א פיעל גרעסערער העלד פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען, זיינן די ביידע יקום פורקן׳ס צימליך גלייכע העלדען.

נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט זיין גרעסטע נידערלאַגע געהאַט אין רוסלאַנד, און יקום פורקן דער צווייטער האָט זיין נידערלאַגע געהאַט אין דייטשלאַנד (אין די רעפאָרם־שוהלען).

ביי ביידען, ד. ה., ביי נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען און ביי יקום פורקן דעם צווייטען, איז אפילו א קוגעל די הויפט־שפייזע, דאָךְ, אַנשטאָט וואָס נאָך יקום פורקן פערצעהרט מען דעם קוגעל (בלייבט זיך גלייך צו א לאָקשען־קוגעל, צו א בולבע קוגעל) האָט נאַפּאָלעאָן פערצעהרט דעם גאַנצען ערד־קוגעל מיט בלייענע קוגעל נאָך מיט א צימעס פון פולווער.

ווען מיר האַלטען שוין ביי צימעס, ווילען מיר שוין פערענטפערען דעם דובנער מגיד׳ס א קשיא:

קוגעל און צימעס זיינען אייגענטליך צוויי גלייכע ווייכע מאכלים, פאַר וואָס זאָגט מען: „דער ערד קוגעל“ און ניט דער „ערד־צימעס“?

נאָר דער תירוץ איז, אז צימעס איז א לוקסוס; ער איז שיטער, א מאָל לעקט מען איהם, א מאָל זופּט מען איהם, ער איז האַלב א משקה, האַלב א מאכל, און קוגעל איז נאָר א מאכל, וואָס מען מוז קייען און איידער מען קייט בעקומט היינט וואָס צו קייען, קייט מען טאַקע די ערד (ווי א דארען קוגעל) הייסט עס דעריבער דער ערד־קוגעל.

נור אזוי ווי היינט זיינען אלע פּרנסות געוואָרען שיטער, און דער עולם געוועהנט זיך מעהר צום זופּען ווי צום עסען, ווייל די בעפעלקערונג ווערט זעהר געדיכט און דאָס גאַנצע לעבען האָט א פּנים ווי א שיטערער קוגעל, ווע־לען מיר נאָך דערלעבען, אז פון דעם גאַנצען ערד־קוגעל וועט באלד ווערען אַ „ערד־צימעס“.

די גרויסע עטנאָגראַפען און אלטערטהומס־פאָרשער ברעכען זיך די קעפּ: מילא וואו דער ערשטער נאַפּאָלעאָן איז אהינגעקומען, ווייס מען — אויף דעם אינזעל סט. העלענא, וואו איז אָבער אהינגעקומען דער דריטער יקום פּורקן?

אָבער נאָך מיינער מיינונג איז דאָס גאַנצע קאָפּ־ברעכעניש אומזיסט, ווייל קיין לעבעדיגער נאַפּאָלעאָן איז ניט געבליבען, מוזען זיי וויסען, וואו דער טויטער איז, אום צו קומען איהם מאַכען מי שברך, אָבער אזוי ווי מיר האָבען צוויי לעבעדיגע יקום פּורקן'ס מיט א מי שברך, קען מען דעם פערפאַלענעם יקום פּורקן אויך מוצא זיין אָהנע צו וויסען וואו ער איז.

דער גרויסער שטערנזעהער דאָן זאָגט, אז ער זעהט אויף זיין אסטראָ־לאָגישען קונעל־טאָפּ אָדער מיקראָסקאָפּ, אז עס וועט קומען א גרויכער שטורם־ווינד און וועט אויך פערטראָגען די לעצטע צוויי יקום פּורקן'ס פון סידר, און אזוי ווי מיר זיינען איצט אָהן נאַפּאָלעאָנס, נאָר מיר זעהען זיי א מאָל אין טהעאטער פאָרשטעלונגען, אזוי וועלען מיר מוזען זיין אָהן יקום פּורקן'ס, נאָר אין טהעאטער וועלען זיי נאָך בלייבען, אזוי ווי „ונתנה תוקף“ און „כל נדרי“.

און אזוי ווי איך האָב דערלעבט צו זעהן וואָס פאר א פּנים די וועלט האָט אָהן נאַפּאָלעאָנס, וואָלט איך געוואָלט נאָך א מאָל געבאָרען ווערען שפּעטער מיט א יאָהר הונדערט, זעהן וואָס פאר א פּנים די וועלט וועט האָבען אָהן א יקום פּורקן.

נאָר ווער ווייס? פיליייכט ווען די שעהנע ווערטער פון די יקום פּורקן'ס חנא, הסדא, רחמא, מזוני רוחי, בריות גופא, נהורא מעליא, דאָס הייסט: ליעבע, טוגענד, מיטלייד, לייכטעס לעבען, געזונדע קערפּער, שעהנע זעעלען... אז די אלע ווערטער זאָלען פערלאָזען דעם „סדור“ און זיך בע־ער ארומשפּאַצירען פריי אויף דער וועלט, וואָלט פיליייכט פיעל בעסער געווען! ווער קען אויפהויבען דעם שלייער דער צוקונפט?

# X.

## די כאָלעריע.

זייט דאָקטאָר קאָך האָט אויסגעפונען א מיטעל צו טויטען די באַ־צילען (זאָלכע קליינע ווערעמלעך) פון די לונגען־זיכטיגע האָב איך ניט געקענט רוהען אום אויף עטוואָס צו ערפינדען.

דאָס ערשטע, וואָס איז מיר געפאַלען אין דעם זינען, איז געווען א מיטעל געגען דער כאָלעריע.

איך האָב ניט גערוהט, ניט געשלאָפען, נאָר געקלעהרט און געטראכט און האָב מיך שוין געפרייהט מיט מיין פאטענט אין דער פאנטאזיע, אָבער אוי ווערה! אָנשטאָט צו געפינען א מיטעל געגען דער כאָלערא האָב איך גאָר אויסגעפונען פערקעהרט, אז די כאָלערא איז אונז זעהר נויטהווענדיג פיר די יעצטיגע געזעלשאפט.

אויב אזוי, טראכט איך מיך, זאָל זיין דאָס די ערפינדונג, אז די כאָ־לערא איז נויטהיג אויף דער וועלט און איך האָב דארויף ארויסגענומען א פאטענט און אָט הערט ווי נויטהיג זי איז:

יעדער וויים, אז אַלע צרות אויף דער וועלט קומען ארוים פון דעם, וואָס עס זיינען דאָ צופיעל מענשען. עס זאָל זיין קלענער דער עולם, וואָלט געווען בעסער די סעודה, דאָ ענטשטעהט אָבער די פראגע: וועלכע מענשען זיינען די איבעריגע?

די גוים זאָגען, אז אידען זיינען איבעריג; די אידען זאָגען, אז די גוים; ביידע זאָגען, אז די טערקען זיינען איבעריג. אמעריקאנער זאָגען כינעזער זיינען איבעריג, רעפאָרמרע זאָגען אז אָרטהאָדאָקסען זיינען אי־בעריג. ביידע זאָגען אז סאָציאַליסטען זיינען איבעריג, סאָציאַליסטען זאָ־גען אז אנארכיסטען זיינען איבעריג, אנארכיסטען זאָגען אז קאפיטאליסטען זיינען איבעריג, און די קאפיטאליסטען זאָגען, אז אַלע אָרימע לייט זיינען איבעריג. היינט טאקע ניט געגנער־פארטייען, נור מענשען פון איין פאך זיינען אויך איבערציינגט, אז פיעלע מענשען זיינען איבעריג.

פרעגט דעם רב, וועט ער אייך בעווייזען באותות ומופתים, אַז פיעלע רבנים זיינען איברעיג; דער חזן געפינט איבעריגע חזנים, דער שרייבער

געפינט פיעל שרייבער איבעריג... מיט איין וואָרט, כמעט אַלע מענשען זיינען איבעריג. נאָר אזוי ווי די לייטע ווילען זיך ניט פערלאָזען אויף אַן ארביטריישען קאָמיטע, אָדער אויף א גורל, וועלכע עס זיינען די איבע־ריגע, מען זאָל זיי אָבשאפען פון דער וועלט, — ליידען נעבעך דערוויייל די נויטהיגע מענשען מיט די איברעיגע צוזאמען.

דאָ קומט די וואָהלטהעטיגע כאָלערא, וועלכע איז די איינציגע אונ־פארטייאישע ריכטערין און קלייבט זיך אויס פון יעדער פארטיי צו ביסלעך, אבי עס זאָל ווערען ווייניגער.

אָרימע כאָלערא! ווי ניצליך און נויטהיג זי איז פאר דער געזעל־שאפט, ליידעט זי נעבעך דאך פון איהרע צייט־גענאָסען, די קעניגע און פירסטען, וועלכע ווילען זי ניט אנערקענען, ווייל זיי קענען ניט ליידען א צווייטען גרויסען לעבען זיך, פונקט ווי די סאָציאַל־דעמאָקראטען מיט זייער פּאָליטיק ווערען ניט אנערקענט פון די דעמאָקראַטען.

איך האָב אין עטליכע פארלאמענטען געמאכט דעם פאָרשלאג, זיי זאָלען אָבשאפען דאָס מיליטער, ווייל זייער צוועק איז דאך נאָר די מענש־הייט אן אָדער צו לאָזען, וואצו טויג זיי צו קאָרמען זאָ פיעל סאָלדאטען, פערד, אָפיציערען, גענעראַלען, שפּיאָנען, קאדעט־שולען? וואצו זאָ פיעל פאבריקען פון קאנאָנען, ביקסען, פולווער, דינאמיט, באָמבעס, שווערדען? ליבער זאָלען זיי שליסען א קאָנטראקט מיט דער כאָלעריע. ערשטענס גע־ווינען זיי דערביי, וואָס זיי ערשפּאָרען פיעלע מיליאָנען ארויסצושלעפּען ביים פאָלק און צווייטענס ווענלען זיי פערשפּאָרען דאָס קנאקען, טראסקען, שיסען, פויקען און דעם רויך פון דעם פולווער. און דריטענס פערשטעהט די כאָלערא איבערהויפּט איהר זאכע פיעל בעסער ווי זיי. ווען זיי ווילען מאכען די קלענסטע שלאכט, מאכען זיי פול אַלע צייטונגען, און ביז זיי זיינען פאָרבערייטעט מיט איין מיליאָן סאָלדאטען, האָט שוין דער גענגער צוויי מיליאָן, און די כאָלערא קומט מיט איהרע רעגימענטען באצילען גאנץ אונזיכטבאר און גאנץ אונפערהאָפט און שניידט לינקס און רעכט אָהן רחמנות.

און זי וואָלט זיי געמאכט דעם דזשאב ביליג אויך, ווייל וואָס קאָסט איהר איהר גאנצע מיליטער? — קיין קאזארמעס ברויך זי ניט, איהרע סאָלדאטען האלטען זיך אויף אין גאנץ ווייטע אזיאטישע בלאָטעס, און

אָנשטאָט צו פאָהרען מיט אייזענבאהנען און שיפען, פליהען זיי אין דער לופט, מען ברויך ניט צו זאָרגען פיר זייערע אלמנות און יתומים, זי דארף איהרע מאָרד־העלדען קיינע מעדאלען געבען, א. ז. וו.

נון, מיינט איהר מיין פאָרשלאג איז אָנגענומען געוואָרען? חלילה, מען האָט מיך פשוט אויסגעלאכט. און הערט נאָר די גרינדע וואָס זיי האָבען אָנגעגעבען.

ערשטענס ווייל זי איז צו קאָסמאָפּאָליטיש און הויבט ניט אָן צו פערשטעהן דעם פאטריאָטיזמוס; זי האָט קיין געדולד ניט זיך צו בעזעצען אין איין לאנד און דאָס לאנד אנערקענען אלס איהר פאטערלאנד, — דאָ איז זי אין אפריקא, דאָ אין רוסלאנד, דאָ אין דייטשלאנד, דאָ אין פראנק־רייך, דאָ אין שפאניען, און אָהן פאטריאָטיזמוס קען זי קיין עכטע מאָרד־פעלד־הערצאָגין ניט זיין.

צווייטענס איז זי נאָך ווירקליך האלב־אזיאטיש און פערשטעהט גאָר ניט, אז אלע שלאכטען זיינען געריכטעט מייסטענס געגען דאָס אָרימע פאָלק, און ביי איהר איז גלייך אָרים און רייך.

דריטענס פערשטעהט זי קיין פארבען צו אונטערשיידען, סאָלדאטען פון יענעם געגנערס רעגימענט כאָטש זיי טראָגען גרינע מונדירען מיט רויטע הויזען איז ביי איהר גלייך מיט אונזערע סאָלדאטען וואָס טראָגען רויטע היטלען מיט גרינע שטיוועל.

און פערטענס, זאָגען זיי, איז עס איבערהויפט געגען זייער אייגענע אינטערעסע, דען ווען דאָס פאָלק וועט ערפאהרען, אז די כאָלעריע איז פיעל בעסער און ביליגער, ווי די מלוכה מיט די קעניגע, דארף מען דאָך זיי דאן אויף כפרות.

איך האָב געזעהן, אז מיט די פארלאמענטען קען איך גאָר נישט מאכען, האָב איך אָנגעפאנגען צו אונטערהאנדלען מיט די נויאָרקער דאָק־טוירים.

— סטייטש! — האָב איך זיי געזאָגט, וואָצו טויג אייך דאָס שטו־דירען 4 יאָהר נאָכאנאנד, וואָצו די אינסטרומענטען קויפען, וואָצו די רע־צעפּטען שרייבען? איהר האָט דאָך נאָר איין צוועק, צו טראנספּאָרטירען מענשען פון דער זינדיגער וועלט צום עולם האמת, — וואָלט אייך דען ניט פיעל ביליגער געקאָסט מיט דער כאָלעריע זיך צו בעדיענען...

נון, מיינט איהר, אז זיי פערשטעהען מיין ערפינדונג, זאָלען זיי אזוי לעבען. הערט, וואָס בהמות האָבען מיר געענטפערט, אז זיי קענען ניט ארויסגעהן געגען די אפּאָטהעקער, ווייל די כאָלעריע טוידטעט צו שנעל און עס בלייבט קיין צייט ביי די אפּאָטהעקער צו קויפען מעדיצין. מיט'ן געלען פיבער וואָלטען זיי שוין יאָ אָנגעגאַנגען, ווייל דאָרט דויערט די קרענק עטוואָס לענגער און ניט תמיד שטארבט מען, בלייבט צייט די אפּאָטהעקער זאָלען פערדיענען ביים מעדיצין דאָס געלד, וואָס זיי צאָהלען די ערצטע.

איך זעה עס געהט ניט מיט זיי, בין איך געקומען צו די אנארכיסטען.

— סטייטש, רבונו של עולם, — האָב איך גענומען דאָס וואָרט, — וואָס טויג אייך די אגיטאַציאָן און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, ליבער מאַכט א קאָמפּראָמיס מיט דער כאָלעריע.

נון, דאָ האָב איך מעהר ניט געדארפט.

— ניין! טויזענד מאָל ניין! — האָט מיר דער פּאָרזיצענדער נעענטפערט, — זי איז קאָרופּט, זי איז פאַלש, זי שמייכעלט די קאַפּיטאַליסטען, באלד ווי זי קומט אין א שטאָדט זיינען די ערשטע כפּרה די ארבייטער פון די טענעמענט־הייזער; מיר ווילען זי ניט קענען. —

און אזוי טראָג איך מיר ארום מיט מיין פּאַטענט. געוויס אז אלע אנערקענען, אז זי איז ניצליך, נאָר זיי זיינען פערבונדען מיט אנדערע.

---

## XI.

### דער ווע־גע־טאַר־יאַ־נאַר.

שלימזל בלייבט שלימזל!

ווי דעם עולם איז בעקאַנט האָב איך אין מיין לעבען דורכגעמאַכט זעהר פיעל גלוגלים; איך האָב שוין איבערגעטהאָן אלע מלאכות, איבערגעהאנדעלט אלע מסחרים און תמיד האָט זיך אויסגעלאָזען, אז איך האָב ווייניג הצלחה.

איך האָב מיך גענומען צו אידעען; אלס מתנגד, האָט מען מיר געזאָגט איך קען צו ווייניג לערנען; אלס חסיד, האָט מען מיר געזאָגט, איך האָב צו

ווייניג אמונה; אלס ספּעציאַליסט — איך בין צו ווייניג פּרינציפּיעל, און איך בין ענדליך געוואָרען אַ געואַפסע.

יאַ, מילא דאָס איז ערשט אַ פּרנסה, אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָט אַ מענש אָהן אַ אידעע?

פּשוט אַ בהמה!

נו, אָבער צו וועלכע אידעע נעהמט מען זיך? שוין דאַכט זיך אַלעס דורכגעמאַכט, אָבער קליינע אורזאַכען גרויסע פאָלגען.

אַ מאָהל אין אַ שעהנעם יום כפּור־טאָג האָב איך דערזעהן ווי איין רעפאָרמירטער רב זאָגט די תפילה פון אויסטערס.

איך האָב איהם באַלד געוואָלט נאָכזאָגען, כאַפּט מיך מיין יואל באַלד אָן פאַר דער האַנד און גלאָצט אויס אויף מיר אַ פּאָר אויגען.

— דוד'ל, גאָט איז מיט דיר, סטייטש אויסטערס?

— נו וואָס איז דען?

— אויסטערס לעבען.

— נו אַז זיי לעבען, אַבי זיי לאָזען זיך עסען.

— סטייטש, אבר מן החי!

דאָ האָט מיך שוין געגעבען אַ טיאַף. אבר מן החי. דאָס האָב איך מיר נאָך פאַרגעשטעלט שרעקליך אַלס אינגעל אין חדר: עפּעס אויסשניידען אַ שטיק פלייש פון אַ לעבעדיגע זאַך און עסען, — דאָס איז עפּעס מעשה רוצח. אָבער באַלד האָב איך מיך פערכאַפּט און געזאָגט צו מיין יואל:

— עה, וואָס גלייכסטו?! אבר מן החי שניידט מען און עס נעהט בלוט, און די בהמה האָט אַ וואונד מיט שמערצען, אָבער איין אויסטער: אָט איז ער געשלאָפען אין מולטערעל און אָט שלאָפט ער ביי מיר אונטער'ן לייבצודעקעל (ארבע כנפות).

— הער נאָר דאַדעק! — האָט מיין יואל געזאָגט ערנסט — דאָ איז ניט די ריידע פון שניידען, בלוט רינען, שמערצען, עס איז פּשוט: אַ ציוויליזירטער מענש דאַרף ניט הנאה האָבען פון קיין זאַך וואָס האָט געלעבט, וואָס לעבט אָדער וועט לעבען, און דאָס איז איינע פון די ערהאַבענסטע אידעען, דאָס הייסט וועגעטאַריאַניזמוס.

— אהא, אַ ציוויליזירטער מענש בין איך דאָך, אַ בעוויז איך טראָג אַ סטאָרפּייפּ, אַן אידעע זוך איך שוין פון לאַנג, און אָט האָב איך זי

דערמאפּט, — און באלד האָב איך אָבגעלענט א שבועה פאר מיין יואל'ן צו ווערען א וועגעטאריאנאר.

אדיע סטייק! אדיע ספּרינג טשיקען! אדיע הערינג מיט ראָסעל! אדיע מארינירטע שלייען! איצט וועל איך מוזען אָפּפאסטען מיט פראָסטע אייער מיט א ביסעל מילך.

— וואָס? — האָט יואל א געשריי געטהאָן. אייער? ווייסטו דען ניט, אז אין איין איי ליעגט א גאנץ הינדעלע, עס פעהלט נאָר עטליכע טעג ווארימקייט פון דער מוטער. און מילך, ווייסטו דען ניט אז עס קומט פון א לעבעדיגער קוה און דו רויבסט די נאהרונג פון א לעבעדיג קעלבעל.

— יע, אָבער די מילך פון א קוה, וואָס איז איין אלמנה, איך מיין א בעזדעטניצע מעג איך שוין?

— ניין, — זאָגט יואל שטרענג — אלעס וואָס קומט פון א לעבעדיגעס וועזען איז טרפה, שעדליך, נבלה און מען טאָר ניט.

— אָבער וואָס דען עסט מען? — האָב איך איהם געפרעגט, איהם כאפּענדיג ביים ארבעל.

— האָסט געגוג וואָס צו עסען: עפּעל, ניס, גרויפּען, לאָקשען...

— אָבער וואָס פאר א טעם האָט גרויפּען אָהן מילך? לאָקשען אָהן אייער? — האָב איך איהם געפרעגט מיט שמערץ.

— איין אידעאליסט דארף אזעלכע קשיות ניט פרעגען, און איז מען א וועגעטאריאנער, טאָר מען קיין זאך ניט עסען וואָס קומט פון לעבען, און מען קייט גראָז — האָט יואל געזאָגט און איז פערשוואונדען.

איך האָב אלזאָ געשוואָרען און מוז זיין א וועגעטעריאנער. עס זאָגט זיך זיין, אָבער דאָ, מיינע פריינדע, האָט זיך פיר מיר אָנגעהויבען א לעבען פון פּלאָגען און הונגערן, פון געוויסענביסע און פערצווייפלונג, פון פילאָזאָ־פירען און א לעדיגען מאגען.

אלזאָ, אלעס וואָס לעבט און קומט פון לעבען טאָר מען ניט געניסען. נון, און גראָז לעבט דען ניט? שטעהט דען ניט אין דער תורה לא תכרתו כל עץ כי האָדם עץ השדה, און אלע באָטאניקער בעהויפּטען דען ניט, אז יעדעס גרעזעלע לעבט, — ווי־זשע מעג מען עסען רעטעך מיט ציבעלעס?

אי וואָס, זיי פיהלען ניט? און אַן איי פיהלט דען? א ש'טיקעל שוויי־צער קעז פיהלט דען? און ווען טאקע ניט נאָר פיהלען, נאָר ווייל עס קומט

פון לעבען, ווי טאָר מען טראָגען די וואָלענע זאָקען, וואָס קומען פון א לעבעדיגער שעפּס? ווי טאָר מען טראָגען די פּאַנטאָפּעל, וואָס איז די הויט פון א לעבעדיגער קאַלב, ווי טאָר מען טראָגען דעם טלית־זאַק, וואָס איז פון א לעבעדיגער בן פּקועה?

היינט וואָס טהוט מען דאָ אין אמעריקא מיט די בעטען, וואו עס געפינען זיך אזוי פיעל לעבעדיגע רויטינקע בעשעפעניסען? זיי לעבען דאָך? אי לאָזען זיי לעבען, בייסען זיי דאָך!

און וואָס טהוט מען מיט די קינדערשע קעפּלעך, ווי קען מען זיי צוואָגען און קעמען, מען זאָל חלילה ניט געשטרויכעלט ווערען און וועה טהון א לעבעדיג בעשעפעניש.

און ווי מעג מען איבערהויפּט דאָס מויל גאָר עפענען צום רעדען. סטייטש, אין דער לופט שוועבען אום פיעל מיליאָנען קליינטשינקע חיה־לעך וואָס מיט יעדער וואָרט קען מען מיט די צייהן צוקנאַקען א פּאָאר מיליאָן פון זיי?

היינט ווי מעג מען שמעקען טאַבאַק, אז מיט איין ניס, קען מען דער־שיסען טויזענדער פון זיי?

היינט ווי מעג מען געהן אויף א לויה, אָדער תשעה באָב אויפ'ן פעלד, טאָמער טרעט מען ארויף אויף א ווערימעל?

און ווי קען מען זיך לאָזען שלאָגען מלקות, טאָמער טרעפט דער שמש מיט'ן רימען אויף א לעבעדיגער פלעה?

און ווי קען מען טרינקען אפילו א גלעזעל ציקאָריע, טאָמער פאַלט אריין א פליעג?

ווי קען מען בלאָזען שופר מיט דעם האָרן פון א לעבעדיגען באַראַן?

ווי קען מען מבער זיין דעם חמץ מיט דער פּען פון א לעבעדיגען האָן? און כפּרות שלאָגען טאָקע מיט'ן האָהן אליין?

און ווי קען מען וואַרטען אויף משיח'ן, וואָס ער וועט מוזען רייטען אויף א לעבעדיגען עזעל?

און אז משיח וועט קומען און מען וועט ווייטער מקריב זיין די קרבנות אויפ'ן מזבח, וואָס וועט טהון דער כהן גדול מיט'ן זאָרעק, דער לוי מיט'ן פריידיק און דער ישראל מיט דער קוטניצע?

היינט וואָס טהוט מען מיט די תפילין, מיט די מזוזות און טאָקע מיט

דער גאנצער תורה, אלעס איז דאָך געשריעבען אויף קעלבערנע פעלכלעך?

און וואָס טהוט מען מיט'ן האָניג צו דער המוציא, וואָס קומט פון לעבעדיגע ביהנען?

און וואָס טהוט מען מיט'ן תשליך? ווי ווארפט מען אזעלכע גרויסע עבירות אין טייך די לעבעדיגע פיש זאָלען זיך דערווארגען?

געוואלד דער קאָפּ דרעהט זיך מיר, איך ווער אזש פּערריקט, ניט עסען, ניט לעקען, ניט שמעקען, ניט קושען, ניט געהן און ניט שטעהן, ניט רעדען, ניט ניסען, — כאָטש נעהם לעג דיך אנידער און שטארב אין דער גאַס, און אפילו דאָס ביסעל אידישקייט כאָטש נעהם און פערברען, אז וואו מען גיט זיך א קעהר איז אלעס פערבונדען מיט'ן לעבען און מיט לעבעדיגע וועזען.

אָבער געשוואָרען איז פערפאלען; איך בין א וועגעטאריאנער און מוז זיין טריי מיין אידעע.

פון הונגער בין איך געוואָרען דאר ווי א שפּאָן, די האָזענע ניסלעך האָבען מיך דאָך ניט געזעטיגט ווי א מילכיגער טייגאכץ, טרינקען האָב איך אין פילאדעלפיא ניט געקענט אפילו קיין וואסער, ווייל עס איז אויך פול מיט לעבעדיגע וועזען. איך בין געוואָרען אויס מענש און אפילו אויס איד אויך; איך בין הויט און ביינער און א וועגעטאריאנער.

שפּעטער מיט א יאָהר, ווען איך בין שוין געווען א האלבער כקלעט, נעל און גרין און דאר ווי גרוגרת דר. צדוק, האָט מיך בעזוכט מיין יואל.

— דאָדעק, וואָס איז מיט דיר, ביזטו קראנק?

— ניין, איך בין א וועגעטאריאנער.

— וואָס דען זעהסטו אזוי שלעכט אויס?

— הערסט, דו פרעגסט עס נאָך; קיין זאך ניט עסען און טרינקען קען מען נאָך בעסער אויסזעהן?

— פאר וואָס עסטו דען ניט?

— דו אליין האָסט דאָך מיך געמאכט פאר א וועגעטאריאנער.

— אוי ביזטו א בהמה! — האָט ער זיך צולאכט, — איך האָב דיר דאָך אָבער געזאָגט, אז דאָס איז איין אידעע, און ווי קומסטו דען דאָס אויסצופיהרען אין פראקטישען לעבען? ביז ווי לאנג דו לעבסט, מוזטו מיט'ן לעבען און לעבעדיגעס אין בעריהרונג קומען, און אויב דו ווילכט

זיך אויסהיטען פון אַלעם וואָס לעבט, דאן לאָז דיך פערברענען און צר שפּרייטען דיין אַש אויף שבע ימים.

„געה, זאָגט ער, פאסט אָפּ, זאָג דיין יענטע זאָל דיר אָפּקאָכען אַ ספּרינג טשיקען מיט אביסעל זופּ און דערקוויק דיין נשמה!

— יואל, שטייטש אַ טשיקען! ס׳איז דאָך אַ פּגר, אַ לייכע, אַ בר־מנן, אפילו ווען מען זאָל מעגען עסען איז דאָך דאָס שעדליך, אַ בר מנן ווערט דאָך באַלד פערשטונקען.

— שוטה, און פערפּוילטע ציבעלעס שטינקען דען ניט און זיינען ניט שעדליך?

— אָבער פליש פערדערבט דאָך דעם מאָגען?

— ביזט אַ נאַר. איין פונט פלייש האָט מעהר נאהרונג פיר דיין בלוט און גאנצען קערפּער, אַלס 10 שיסעל קארטאָפּעל.

— סטייטש, אַלע מענשען שטארבען דאָך אויס נאַר ווייל זיי עסען פלייש?

— דאָך לעבען מענשען ביז 70, 80 יאָהר און בהמות מיט פערד, וואָס עסען היי און האָבער לעבען קוים אריבער 20 יאָהר — דוד׳ל, זיי ניט קיין נאר; מען זאָגט נאַר, אז מען איז אַ וועגעטאריאנער, און מען עסט און מען טרינקט וואָס דאָס הארץ גלוסט.

— אי, יואל! לאנג לעבען זאָלסטו, ווען דו זאָלסט ניט זיין קיין „אבר מן החי“, קיין לעבעדיגע זאך, וואָלט איך דיך יעצט איינגעשלונגען פאר דער גרויסער בשורה.

---

# XII.

## וואָס הייסט לעבען?

### אויף אַ באַלל.

— האָ, דו ביזט עס יואל, פערשטעהסטו מיך, איך זיץ דאָ און טראכט וואָס הייסט לעבען?

— פערריקט ביזטו דוד׳ל? וואָס הייסט, וואָס הייסט לעבען? עפּעס

היינט האָסטו אנגעהויבען לעבען אויף דער וועלט ? לעבען הייסט : אָטהע־מען, בעוועגע, זיך, עסען, טרינקען, ארבייטען... און זאָ ווייטער און ווייטער, פשוט דאָס נעגענטהייל פון זיין טויט.

— אזוי גאָר, אטהעמען ? אָט אטהעמט דאָך א בלאָז זאק אויך, און א ראָד בעוועגט זיך, דאָס ראָסט עסט, א פּומפּע טרינקט, א מאַשין ארבייט און דאָך לעבען די אלע ניט ?

— וואָס טויג מיר דיין פילאָזאָפיע איבער אזא פשוטע זאך, וואָס יעדעס קינד וויים עס.

— אזוי, יעדעס קינד וויים עס. אָלל רייט, לאָמיר פרעגען ביי די אנוועזענדע, איך וויל טאַקע וויסען, אויב זיי ווייסען.

די ערשטע האָבען מיר בעגעגענט א מיידעלע פון א יאָהר 15 מיט א ווייסע דרעס און ווייסע שיך, ראָזע בענדער, אראָבגעלאָזטע האָאר מיט האלב נאקעטע דארע הענטלעך און שלעפּט א לאנגען פּאַרעס פון מויל.

— סיי מיידעלע ! — זאָג איך צו איהר — בי הא קיינד און זאָג אונז וואָס הייסט לעבען ?

זי האָט אויפגעעפענט א פּאָר קעלבערנע אויגלעך צו אונז און געענט־פערט ניט געטראַכט :

— דאָנט יו נאָו, דהאַט איז עדעמס פּעפּסין. מייק האָט מיר איצט געטריט דערמיט ביי דער באַר. דו יו לייק איט טו ?

— די טשואינג־גאָם ווייסען מיר — האָט יואל איהר אונטערגעהאַפּט, אָבער וואָס איז לייף, לעבען ?

— אָה, לייף גאָם יו וואָנט, עסק די בארטענדער — און זי איז פער־שוואונדען.

— שאַט ניט — זאָגט יואל — אזא קעלבעל לעבט אין טשואינג גאָם און בּאַרטענדער, ווייסט זי נאָך ניט, וואָס דו פרעגסט איהר. אָט לאָמיר פרעגען שמואלזאָהן, ער איז א סמאַרט ביזנעס־מאַן, ער וועט אונז זאָגען.

שמואלזאָהן איז געשטאַנען אין א רעדעל, איין האנד אויף איין בע־קאַנטען, די אנדערע האנד אויף איין אנדער בעקאַנטענס פּלייצע און האָט גערעדט און געלאַכט מיט'ן פולען מויל.

— מיסטער שמואלזאָהן, איהר וועט מיר ענטשולדיגען, דער שלימזל וויל וויסען וואָס הייסט לעבען ?

ער האָט מיך נעגעבען אַ קוק אָן, עפּעס מיט האַלב מיטלייד און מיט האַלב רעספּעקט און אַ זאָג געטהאָן: — איהר זאָלט ניט וויסען, וואָס הייסט לעבען? דאָס איז מיר אַ וואונדער. לעבען הייסט, דאָס הייסט, איהר מיינט דאָך לעבען אַ גוטען טאָג, אַ שטייגער, אַז מען האָט אַ גאַנצען טאָג געלעזט אין סטאָר אַזוי טאָקע היבשע עטליכע דאָלאַר, זאָ אַז דאָס ווייב זאָל שוין ניט וויסען פון קיין רעכנונג און אָבענדס גראַבעלט מען אַריין אין פּאַקעט אַזוי טאַקע בלא ראיה אַ מנה יפה און מען קומט צו פּינקלען אָפּ־סטעירז און מען מאַכט אַ קערטעל די גאַנצע נאַכט ביז 8 אוהר פריה־מאָרגען, דערביי איין כוסה און די אַנדערע, און דאָס הייסט חי געלעבט... און דערביי האָט ער זיך גאַנץ אַנגענעהם צולאַכט און דאָס זעלבע ווידער־האָלט פאַר זיינע בעקאַנטע.

— אַלזאָ, יואל, לעבען הייסט לייזען אַ סך געלד און די גאַנצע נאַכט שפּיעלען אין קאָרטען און טרינקען?

— וויים איך, וואָס רעדסטו איבער זיינע רייד, דו זעהסט ניט, אַז ער איז שיכור'לעך, אָט לאָמיר פרעגען דעם יונגענמאַן.

און מיין יואל האָט מיר אָנגעצייגט אויף אַ פראַנטעל, וואָס איז גע־שטאַנען מיט עטליכע מיידלעך און האָט אַפּנים אָדער געזאָגט שאַרפע קאָמפּלימענטען אָדער ער האָט גערעדט פון קענדי, ווייל די מיידען האָבען זיך נעהאַלטען ביי די זייטען לאַכענדיג.

— עקסקיוז מי מר. סווינטאָן, דאָס איז דער הינקעדיגער שלימזל, ער וויל וויסען, וואָס הייסט לעבען, און זאָגט אַז קיינער וויים ניט. זאָגט איהר איהם, איך בעט אייך, — האָט מיין יואל צו איהם געזאָגט, ווי צו אַ גוטען בעקאַנטען.

— איהר זעהט יענע בתולה מיט די שוואַרצע האָאָר און ברענענדיגע אויגען — זאָגט צו מיר מר. סווינטאָן אויפ'ן אויער, ווינקענדיג מיט איין אייגעל אויף איינע פון די לאַכענדיגע מיידען — מיט איהר כאַפּען אַ טענצעל, יו נאָו, דאָס הייסט געלעבט ווי גאָט אין אָדעס — און דערביי גיט ער מיר אַ שטורך אין דער זייט, איך זאָל פערשטעהן עטוואָס מעהר וויפיעל ער זאָגט און האָט זיך באַלד צוריקגענומען צו זיין רעדעל.

— אַלזאָ, יואל, הייסט עס, לעבען הייסט טאַנצען מיט אַ מיידעל?

— האָב נעדולד — זאָגט מיר יואל און שלעפּט מיך ביים אָרבעל ווייי־

טער. וואס קוקסטו אויף דעם מערבען־יעגער, ער פערשטעהט אבור וואס דו פרעגסט איהם. אט זיצט ר' שמערל דער תלמיד־חכם, ער וועט אונז גע־ווים זאגען.

— איהר קענט דאך דעם הינקעדינגען שלימזל — זאגט ער צו ר' שמערלען ציינענדיג אויף מיר, — ער זאגט, אז קיינער ווייס ניט, וואס הייסט לעבען. זאגט איהר איהם כאטש.

— לעבען, יעס לעבען, ער האט רעכט, לעבען מוז מען טאקע וויסען וואס דאס הייסט. די גמרא זאגט, אז רשעים אפילו בחייהם קרואים מתים, א רשע לעבט גאר ניט. אבער דער וואס היט אב אידישקייט און טהוט מצוות, דאס הייסט ער לעבט, אזעלכער לעבט אפילו נאך דעם טויט אויך. נישט אזוי, מר. שלימזל?

— נו, יואל, אלזא שאקלען א לולב, שלאגען כפרות הייסט לעבען און ווען חלילה ניט, איז ער פשוט א פגר, הא?

— עה וואס, ער איז דאך פשוט א שוטה, — זאגט יואל, מיך ווייטער שלעפענדיג פאר'ן ארבעל — קום נאר אט צו דיעזער פרוי. זי איז די פרעזידענטין פון א ציון־פעראיין און א ביזנעס־לידי און קיין נאר ניט.

— מיסיס טעפיכין, אונזער שלימזל וויל ביי אייך פרעגען וואס הייסט דאס לעבען?

— געהט שוין געהט, איך בעט אייך — האט זי געזאגט פערשארענדיג א באנד פון איהר העט און איבערקעהרענדיג איהר גאלדען זייגערעל אויף דעם גאנץ הויכען בוזים — אפנים איהר האט ניט קיין ווייבער, זאלען גע־זונד זיין, עה איהר מוזט שוין אודאי וועלען שפיעלען א טריק, עפעס אב־נארען.

— ניין, טאקע פשוט, ער וויל וויסען וואס הייסט לעבען.

— ווער ווייס עס ניט, אז גאט העלפט נאר א גוטען לעבען, אט לעבט מיין שוועסטער חנה מיט איהר מאן — אוי א לעבען, הלואי אויף מיינע קינדער געזאגט געווארען.

— אלזא, יואל, לעבען מיט א מאן דאס הייסט לעבען?

— ווייס איך, קוקסט אויף א אידענע. לוק היער, אט דיעזער באי אפילו וועט דיר זאגען וואס הייסט לעבען — און ער האט אבגעשטעלט

א באָי, וואָס זיינע אויגען זיינען אומגעפלוינגען איבער'ן האַלז זוכענדיג עטוואָס.

— סיי דזשעק, דו ביזט דאָך א לעבע־יונג, זאָג דעם מיכטער שלימזל וואָס הייסט עס לעבען?

— לעבען, הי איז א גרין האָרן! לעבען הייסט, אז מען לעבט, יו אָנ־דערסטענד, אז מען לעבט און מען... — און דעם באָי'ס אויגען זיינען אומ־געפלויגען איבער'ן זאַאל זוכענדיג און איז האַלב געערגערט, וואָס מען האָט איהם אָבגעשטעלט.

— יעס אז מען לעבט — זאָג איך צו איהם, איהם נאָך מעהר צו ער־גערען — אָבער וואָס הייסט מען לעבט?

— מען לעבט, יו אָנדערסטענד, הייסט, ווי עוורי באָדי נאָוז איט, ס'הייסט אז מען לעבט. סיי, העוו יו סיען מערי באַלאַוואסקי, זי איז...

— לאָז איהם געהן — זאָגט יואל צו מיר, דאָס איז א דענסינג־באָי אויף אַלע בעלער און זוכט א בעשערטע. שא לאָמיר א פרעג טהאָן, אָט זיצט בינוש משכיל, א צייטונג־שרייבער, ער וועט דאָך דיר געוויס זאָגען וואָס לעבען איז.

יואל האָט איהם באַלד ערקלעהרט מיין בעהויפּטונג און בינוש האָט ניט לאַנג געטראַכט און געזאָגט:

— לעבען, פערשטעהט איהר מיך, יעס ניט יעדער פערשטעהט וואָס דאָס הייסט. לעבען הייסט ניט נאָר ניט שטאַרבען, לעבען הייסט מיט־לעבען מיט'ן צייט־גייסט. צום ביישפּיעל דאָ אין אמעריקא מוזען מיר אידען זיך אַמעריקאַניזירען, מיטלעבען מיט דער פּאָליטיק און טאַקע לע־בען, ווי א מענש און ניט ווי א גרינע בהמה... וואָס דען מיינט איהר. אָט דיזע גרינע חיות אין דער אידישער גהעטאָ לעבען אויך? אַה ניין, און טויזענד מאָהל ניין. לעבען הייסט...

— לאָז איהם אָב. — זאָגט יואל צו מיר שטיל אין אויער — דו ווייסט, מיין טהייערער שלימזל, איך דענק, אז דו האָסט רעכט, זיי ווייסען טאַקע קיינער ניט וואָס הייסט לעבען, און איך בין דיר מודה דעם אמת, אז איך אליין בין שוין אויך אביסעל צומישט אין דער פראַגע. איך האָב עפּעס קיין מאָהל נאָך ניט געטראַכט וועגען די ריכטיגע בעדייטונג פון לעבען. זאָג זשע מיר, ווייסטו וואָס הייסט לעבען?

— צו ווייס איך, וואָס הייסט לעבען? מיין גאַנצעס לעבען איז דאָס געווען מיין איינציגע אויפגאַבע, דאָס לעבען צו שטודירען.

— אויב אַזוי, וויל איך טאַקע זאָלסט מיר עס ערקלעהרען.

— יעס, איך בין בערייט עס צו טהאָן. אָבער יעצט איז שוין צו שפּעט.

---

# XIII.

## די עקספּאָזישאָן.

אין חדר בין איך געווען אַ מאַדים אויף תרגום לשון. דאָ אין אַמע־ריקאַ אָבער, אַז איך האָב דערהערט פון מיין יואל:

— זאָג נאָר דאָרעק, ביזטו געווען אויף דער עקספּאָזישאָן —

האָב איך אויף איהם אויסגעגלאָצט אַ פּאָאָר אויגען און האָב ניט פערשטאַנען, וואָס ער רעדט צו מיר.

— וואָס איז דאָס עקספּאָזישאָן? איז דאָס ניט דאָס זעלבע וואָס קרוספּרין?

— אַ שעהנער צייטונג־שרייבער, כ'לעבען, ווייס אפילו ניט וואָס עקס־פּאָזישאָן הייסט. אויב אַזוי טו טהו אָן דיין פּייפּ סטאָוו און נעהם אַ קוואָדער און קום אויף די עקספּאָזישאָן, — האָט יואל צו מיר געזאָגט, און אָנגענומען ביים אַרבעל און האָט מיך געשלעפּט מיט זיך.

ער שלעפּט מיך און איך נאָר נעה און באַלד האָבען פאַר מיר אַ בליץ געטהאָן די טויזענדער עלעקטרישע ליכטער פון אונגעהייער־גרויסע גע־ביידען, פּאַלאַצען, טהורמס, פּיראַמידען, טויערען, אַז עס האָט מיר שיער די אויגען פערבלענדעט.

אַ קוואָדער אַ טיקעט, אַ דרעה אַ רעדעל און מיר זיינען געווען אינוויינינג.

דאָס ערשטע ביי וואָס יואל האָט מיך אָבגעשטעלט איז געווען אַ נוואַלדינג הויכער סטענד מיט אַ ים פון עלעקטרישע ליכטער און גאַנץ נישט־קשה'דיגע בתולות זיינען געשטאַנען אויבגעפּוצט אין די בגדי שבת און האָבען געמאַכט חן'דלאַך צו די אַרומיגע מענשען.

— וואָס איז דאָס ? — האָב איך געפרעגט יואל'ן.

— סטייטש, דאָס איז דאָך דער גרעסטער „באָקוויט" מאַנופעקטשורער אין אַמעריקא, ער שטעלט דאָ אויס זיין באָקוויט.

עס איז אַפּילו זעהר אונאַנגענעהם פאַר אַ בעצעלינדערטען דזשענ־טעלמען אַלעס צו פרעגען, אָבער איך האָב דאָך ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ מין מתכות באָקוויט איז און האָב געפרעגט.

— דאָס איז שעהן, — האָט יואל איראָניש געענטפערט, — „בוקוויט" וויים ער ניט ! דאָס איז רעטשענע מעהל, גרויפּען, פּשוט הרעטשקע.

— טאָ וואָס מאַכען זיי דערמיט אַזאַ צימעס, אַט האָט מיין מומע ויסעלע פערקויפט רעטשענע גרויפּען אין רעמיגאַלע 30 יאהר פאַר אַ סטאַ־טשיק, אָהן עלעקטרישע בעלייכטונג !

— פלוידער ניט. זעה בעסער דאָס — האָט יואל מיך ווייטער אַ שלעפּ געטהאָן ביים ארבעל און אָבגעשטעלט ביי אַ צווייטען סטענד, אויך געוואַלדיג בעלייכטעט, מיט רעדער און רימענס, עס האָט געקלאַפּט און גערודערט ווי אין אַ מיהל.

— וואָס איז דאָס ? — האָט מיין פראַגע געלויטעט.

— דאָס איז די נייע ערפינדונג צו מאַכען סיידער. נעהם טרינק אַ גלאָז, עס קאָסט בלויז 5 סענט.

— סיידער ? איך זאָל אַזוי וויסען פון בייזע פּאָקען ! מיט וואָס עסט מען דאָס ?

10 סענט, 2 טיקעטס און מיר טרינקען שוין.

— יואל ! דאָס איז דאָך עפּעל קוואַס, פּשוטע עפּעל קוואַס, ווי מיין מומע פּראַדעל פלעגט פערקויפען אויף אניקסטער שוהל־הויף !

— קוק נאָר אהער — זאָגט און שלעפּט מיך יואל ווייטער — דו זעהסט ווי די פּיאַנאָ שפּיעלט אַליין ; קיין מענש איז ניטאָ דערביי.

— נו, דאָס איז אין כל חדש תחת השמש, האָב איך איהם גלייכגילטיג געענטפערט.

— דאָס איז דיר קיין נייעס ניט ? — האָט יואל בייז געפרעגט. האָסטו עס אַ מאָהל געזעהן אָדער געהערט, אַז אַ זאַך זאָל געטריעבען ווערען אָהן מענשליכע קראַפט ?

— אוי, אוי, אוי ! אויב איך האָב ניט געזעהן, האָב איך אָבער גע־

הערס, אז פיעל זאכען פלעגען געטהאָן ווערען מיט רוח הקודש.

— מיט רוח הקודש! כאַ, כאַ, כאַ! — האָט יואל געלאכט. מען פלעגט עס זאָגען, מיט כשוף, מיט רוח הקודש ווערט עפּעס געטהאָן, האָבען זיי אָבער פערשטאַנען וואָס זיי ריידען? וואָס רוח הקודש איז? דאָ ווערט אָבער די מאשין און די פּיאַנאָ געטריבען מיט עלעקטריציטעט.

— נו און איצט פערשטעהען זיי, וואָס עלעקטריציטעט איז? מען האָט פריהער ניט פערשטאַנען, מען פערשטעהט איצט ניט. היינו הך, אלס דאָס זעלבינע, און וואָס איז דאָס?

— ווייסטו וואָס, דאַדעק, הער אויף פרעגען, איך וועל דיר שוין אַלעס ערקלעהרען: דאָס איז דער סטענד פון דעם בעריהמטען קענדי מאנופעק־טשורער; דאָס איז דער סטענד פון דעם בעריהמטען בייסיקעל־מאנופעק־טשורער; דאָס פון דעם בעריהמטען דזשולער, דאָס פון דעם פאַרניטשורער, דאָס פון דעם בעריהמטען זייף־מאַנופעקטשורער, א. ז. וו. זעה ווי אַלעס איז דאָ אויסגעשטעלט גרויסאַרטיג. דאָס זיינע אַלע אמעריקאנער פּראָ־דוקציאָנען, וואָס ווערט היער געמאַכט און אויך נאָך אין פיעלע לענדער געליפערט. איז דאָס ניט גרויסאַרטיג?

— אָבער וואָס ווילען זיי אַלע דאָ?

— זייערע זאכען צייגען.

— וואָס האָבען זיי דערפון?

— זיי ווילען עס אדווערטייזען, בעקאַנט מאַכען אויף דער וועלט, זיי זאָלען מאַכען בעסערע געשעפטען, און דערווייל מאַכען זיי דאָ אויך גרויסע ביזנעס.

— הער נאָר, יואל, אויב אזוי ווייס איך שוין וואָס הייסט איין עקס־פּאָזישאָן. פּשוט וואָס מען רופט ביי אונז א יאַריד (יריד), ווי ווידזער יריד אין דער ליטא, יארמעליניצער אין פּאָדאָליען, לאַסקאָוויצער אין גאַ־ליציען. זיי דאַרפען דאָך נאָר צוצאָהלען וואָס מען קומט דאָס זעהן!

— דאָס וועסטו זיי פרעגען, — האָט יואל געזאָגט אונצופריעדען — אָבער ווי אַלט־מאָדיש, ווי קליין־שטעדטעלדיג דו פערגלייכסט אַלעס: — סיידער איז ביי דיר עפּעל־קוואַס, בוקוויט איז ביי דיר הרעטשקע, עלעקטריק איז ביי דיר רוח הקודש, און די גאַנצע עקספּאָזישאָן איז ביי דיר א יאַר־מעליניצער יריד, פע!

— נו, און ביי די: איז בוקוויט ניט הרעטשקע?

— יעס, אָבער איך קוק ניט אויף דעם בוקוויט, זאָנדערן אויף די גראָס־ארטיגע ענטוויקלונג פון די מאשינעריען מיט וועלכע אלעס ווערט געמאכט, ווי שנעל און ווי גוט עס ווערט געמאכט; ביי מיר איז טהייער צו זהען די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, מעכאניק, טעכניק א. ז. וו. איך זעה אין אלעס דעם פראָגרעס, דעם פאָרטשריט, אָבער ניט די הרעטשקע מיט דעם עפעל־קוואס.

— מוז איך דיר זאָגען, אז דו ביזט אראָב פון דעם דרך הישר. ביי מיר איז גראד אומגעקעהרט: די הרעטשקע מיט די עפעל־קוואס דער עיקר. עס איז דאָ וואס א קיי צו טהאָן און צו פערזופען. וואָס האָב איך פון די גרויסארטיגע עלעקטריק מיט דעם פראָגרעס? אז איך קוק עס אָן מיט א ליידיגען מאָגען? וואָס קומט מיר ארויס, וואָס אלעס ווערט שנעל און לייכט פאבריצירט, אז איך האָב ניט מיט וואָס צו קויפען.

— די פראגע איז אפילו אויך א פראגע. אָבער דאָס שמעקט שוין מיט סאָציאליזמוס. נאָר מיין ניט, דאָדעק, אז איך דערשרעק מיך דערפאר. אפילו פון דיעזען שטאנדפונקט דארפסטו אויך די אלע זאכען בעטראכטען מיט מעהר אינטערעסע, ווייל ווען דער סאָציאליסטישער משיח זאָל טאקע קומען און אלע מענשען זאָל ווירקליך גלייך זיין בערעכטיגט אלע זא־כען צו געניסען, טהוען דאָך די ערפינדער אָפּ פאר אונז א גרויסע שטיק־ארבייט, אז דאָ זאָל אונז אלעס גרינגער און שנעלער אָנקומען און אונז פערשפאָרען א סך מענשליכע ארבייט.

אלזאָ, יואל, בינו לבינו גיסטו מיר צו, אז סיידער איז פשוט עפעל־קוואס, בוקוויט — הרעטשקע, קאָנפעקשאָנערי — צוקער־געבעקס, עלעקט־ריק — רוח הקודש און עקספּאָזישאָן — א פשוט׳ער יריד. נאָר וואָס דו פיהלסט דאָ אין אלעס דעם טעם פון פראָגרעס, אָלל רייט, אויב דיר איז ניחא, איז מיר אויך ניחא. נאָר אום דעם טעם צו פיהלען, וואָלט איך דאָך געוואָלט פון אלעס פערזוכען.

# XIV.

## די וועלט קעהרט זיך איבער.

אַלע צייטונגען האָבען געשריעבען, אַז באַלד וועט רעגענען מיט שטערן, מיט פּלאַנעטען און די וועלט וועט זיך איבערקעהרען.

אַז צייטונגען שרייבען איז געוויס אמת. ווענינגסטענס מוז איך עס גלויבען, אַלס צייטונגס־שרייבער, וואָרום ווען אין צייטונגען זאָל שוין אויך ניט זיין דער אמת, מעג זיך שוין טאַקע די וועלט אין אמת'ן איבערקעהרען.

טאַקע אמת, אַז מיט די איצטיגע פּרנסות ווינשט מען זיך זעהר אָפּט דעם טויט, אָבער שטאַרבען ווילט זיך דאָך ניט, און דאַרום האָט מיך דער געדאַנק, אַז אָט היינט ביי־נאַכט קעהרט זיך איבער די וועלט און די גאַנצע האַרעוואַניע ביז יעצט וועט מאָרגען זיין תהו ובוהו, דאָס האָט מיך זעהר בעאונרוהיגט און ביי־נאַכט, ווען איך האָב צוגעמאַכט דאָס געשעפט און בין ארויפגעגאַנגען אין בעד־רום שלאָפען, האָב איך מיך אַנידערגעזעצט אויף אַ ראַקענג טשער און האָב אָנגעהויבען דורכמאַכען די חבלי מות, די לעצטע מינוטען פאַר'ן טויט.

די לאָדענס האָב איך גראַד געלאָזט אָפען, איך זאָל ווענינגסטענס זעהן ווען דער שרעקליכער מאָמענט, דער פּלאַנעטען־רעגען וועט אָנהויבען און ווי די וועלט־איבערקעהרעניש וועט פאָרקומען, צו וועט זיך איבערקעהרען נאָר די ערד, וועלכעס אין אָרטהאָדאָקסישען זין מיינט די וועלט, אָדער וועט זיך טאַקע איבערקעהרען דער גאַנצער קאָסמאָס, אַלע פּלאַנעטען, אַלע זונען־סיסטעמען, וואָס עס מיינט אין וויסענשאַפטליכען זין די וועלט, אָדער אַלע וועלטען.

אָבער איך האָב זיך באַלד צולאַכט פון מיר אַליין, דען וואָס אייגענט־ליך איז מיר דער חלוק. אויב עס ווערט חרוב נאָר די וועלט אויף וועלכע איך בין, אָדער אַלע וועלטען, אַבי איך וועל אַלענפאַלס ניט מעהר זיין.

ניט זיין! דאָס איז לייכט צו זאָגען, אָבער זיצען אין אַ וואַרעמען ליכטיגען בעדרום און אנטקעגען בעט זעהן מיין יענטע, ווי זי שלאָפט זאָ רוהיג או שעהן, די באַקען און ליפּען גליהען ראָזיג, די ברוסט הויבט זיך רעגעלמעסיג — און דורך דער אָפּענער טהיר זעהען זיך אין צווייטען רום די זיעבען פּופּקעלעך צוואוואָרפען אין פערשיעדענע פּאָזיציאָנען, פערפּלאָב־

טען מיט די פיסלעך, איינס שעהנער פון דאָס אנדערע, בלאָנדע, דונקעלע, געקרויזטע און לאנגע הערלעך, אלע ווי די מלאכים׳לעך — גאָה שטארב דאמאָלס! גאָה זיי גלייכגילטיג, אז דיעזע אלע לעבעדיגע ברואים׳לעך אטהע־מען צום לעצטען מאָל און מאָרגען וועט פון זיי קיין שריד ופליט ניט בלייבען, פון אלעם וועט ווערען א תהו ובוהו, אלעס וועט אויפגעלעזט ווע־רען אין דעם גאנצען ערשטען אור־שטאָף, ווער וויים וואָס פאר א ליימיגע מאסע דאָס איז געווען? איך מוז זיך מודה זיין, מיינע פריינדע, אזוי ווי איך האלט מיך פאר א פילאָזאָף, האָב איך מיך דאָך ניט געקענט בעהערשן און עס איז מיר געוואָרען זעהר טרויעריג צום מוטה.

אָבער מיינע פילאָזאָפישע געדאנקען זיינען מיר באַלד איבערגעשלאָגען געוואָרען. איך האָב פלוצלונג דערזעהן איין בעוועגליכען שיין דורך דע־ווינדאָו. מיט שרעק האָב איך א שפרונג געטהאָן און פון גאנץ ווייט האָב איך דערזעהן ווי עס פאלען פון הימעל רונדע פייער־קוגעלעך, גלייך ווי די פונקען פון ראקעטען וועלכע פאלען צוריק ווען די ראקעטע פלאצט אין דער לופט.

דיעזעס בילד האָט מיך צוואר ניט איבערראשט, ווייל דאָס זעהען מיר אויף אלע פאָליטישע פאראדען. אָבער באלד האָבען אָנגעהויבען פאלען פיעל גרעסערע פלאמען, פיעל מעהר און אלץ נעהענטער צו מיר.

דאָ, האָב איך געזעהן, איז שוין מעהר קיין צייט ניטאָ! דאָס שרעק־ליכסטע פון אלע שרעקען קומט שוין, און מיט קלאפענדע ציינער האָב איך אָנגעהויבען זאָגען וידוי, איין על חטא, דעם צווייטען, דעם דריטען. מיט יעדען קלאפ אין הארצען ווערט דער פייער־רעגען אלץ שטארקער און אלץ נעהנטער און איידער איך בין נאָך געקומען צום 10טען על חטא, האָט שוין דער פייער־רעגען אָנגעהויבען קלאפען אויף די ארומיגע דעכער, און באלד האָט שוין געדונערט מיט פייערדיגע שטיינער אויף אונזער דאך.

עס האָט מיר שוין געקלאפט א צאָהן אָן א צאָהן, איך האָב שוין פער־געסען דעם וידוי מיט די איבעריגע על חטא׳ס, איך האָב געוואָלט אויפ־וועקען אלע שלאָפענדע אין הויז, אָבער איך האָב מיר געטראכט: זאָלען זיי בעסער שלאָפען און ניט זעהען דעם טויט־שרעק מיט די אויגען.

א גוואלדיגער קראך און א שרעקליכער בליץ האָט באלד געמאכט דאָס ענדע פון אָנפאנג, איין אונגעהייערער וואָלקען־ברוך האָט אָנגעהויבען גיסען

עמער־ווייז און נאָך אַ מאָמענט און דאָס הויז איז באַלד געוואָרען פול מיט וואַסער, און באַלד דערויף האָט דאָס גאַנצע הויז אָנגעהויבען צו וואַנ־קען. אַלע מענשען זיינען אויפגעשפּרונגען פון די בעטען, ווילדע שרעקענס־געשרייען האָבען זיך פערמישט מיט די קנאַלענדע דונערען, מיט די רוישענדע וואַסער־שטראָמען. אַ פירכטערליכער קנאַל און דאָס גאַנצע הויז איז אומ־געפאַלען אויף דעם שטורמישען וואַסער און איך האָב יעצט אָנגעהויבען געטראָגען צו ווערען פון ברויזענדע וועלען אהין גאַנץ ווייט, אין דאָס אונ־ענדליכע, אונבעוואוסטע אונענדליכקייט.

דער שרעקליכסטער מאָמענט איז געקומען. אויס! מיין פאַמיליע זעה איך ניט מעהר! איך זעה נאָר טויזענדער הייזער קראַכען און פאַלען, מיליאָנען מענער, פרויען און קינדער מיט הערצרייסענדע פערצווייפלונג קעמפּפען מיט וועלען און מיט ווירבלענדע קלעצער, שטיינער, ביינער, בוי־מער, פוינעל, טהירע און אַלעס וואָס אויף דער וועלט האָט נאָר געלעבט און עקזיסטירט, ווערט יעצט געטראָגען מיט איין אונגלויבליכער שנעלינקייט אויף דעם שטורמישען וואַסער פערמישט מיט פייער, אַ דונקעל געלבע פינסטערניש בעדעקט די גאַנצע שרעקענס־סצענע, וועלכע ווערט נאָר אונ־טערבראָכען פון צייט צו צייט דורך אויפפלאַמענדע הייזער אָדער דורך פלוצלונגע בליצען, וועלכע ווערען באַלד פערלאָשען אין די אונענדליכע וואַסער־מאַסען.

איך ווער געטראָגען פון די שטראָמען, אָבער ווי קומט עס דאָס איך לעב נאָך, איך פיהל נאָך אַלעס וואָס קומט פאָר ארום מיר?

דאָס האָב איך פיליייכט צו פערדאַנקען, וואָס איך בין זעהר לייכט און דערצו אַ גוטער שווימער אימער געוועזן.

אָבער שטעה! פלוצלונג האָט זיך מיר מיין לינקער ארבעל פערטשעפּעט אָן דעם שפּיץ פון דעם אייפעל־טהורם. ווי עס שיינט, איז נאָך דאָס וואַסער ניט איבערשטיגען דעם העכסטען שפּיץ פון דער וועלט, און איך בין געבליבען אַ קורצע צייט הייננען אויף איין אָרט.

דאָ האָב איך דערזעהן פאַר מיר אין טייפלישער שנעלינקייט פאַרביי־שווימען פערשיעדענע ברואים אין פערשיעדענע פּאָזיציאָנען. עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ שרעק און אַן עקעל צוגלייך.

דאָ זיינען פאַרביינעשוואומען רייסענדע טיגערען, היענען, וועלף מיט

די בלוטיגע צינגער פערביסען צווישען די צייהן; נאָך זיי די פערצעהרטע געזיכטער פון פאון־בראָוקערס, וואוכערניקעס, טשאַריטי־פאָרשטעהער און אנדערע חיות משונות; נאָך זיי וועלף, פוקסען, הינט, צבוע׳קעס, גאָטס־סטראַפּטשעס, פאַנאַטיקער און היפּאָקריטען; נאָך זיי אָקסען, ציגען, פערד, עזלען, געשונדענע ארבייטער, בעטראָגענע לאָדזשען־און חברה־מעמבערס און אנדערע מיליאָנען פערפיהרטע, בעטראָגענע, בעשווינדעלטע, אונגליקליכע בעשעפּעניסע; נאָך זיי פּיאַווקעס, ווערים, שלאַנגען, ראַקעס, קאָראָבקע־מאַכערס, קהל־פערזאָרגער, שונד־ראָמאַנען און צייטונגס בלאָפּשרייבערס און נאָך מיליאָנען קריכענדע אונגעציפער...

דאָ האָט געטהון א לויף פאַרביי א פּרעזידענט פון שומרי שבת פעראיין פערדרעהט אין דעם ראַפּער פון דער ערלות וואָס נעהמט אראָב די לייכטער, דאָ א מורה צדק מיט יעדען פינגער אריינגעשטעקט אין גאַרטעל פון א בוטשער, דאָ א אידישער דיכטער וואָס גריזשעט די פען אין שטערבליכער פערצווייפלונג, דאָ אן אידעאַליסט וואָס שטרעקט די הענד ארויף צום שרעקליכען כאָאָס, דאָ טויזענדער קרעמערלעך מיט די הענד איינער אין דעם אנדערען׳ס פּאַקעט, דאָ פערצעהרטע פּראָלעטאַריער קעמפּפענדיג מיט די וועלען און טויזענדער הינדערניסע, און דאָ העהנער, הינער, ציגען, שעפּ־סען און טויזענדער אונגוויסענדע ברואים, וואָס שווימען אין דיעזען שרעק־ליכען ווירר־וואַר בעוואוסטלאָז, זינלאָז און אָהנמעכטיג. אלעס שווימט, קעמפּפט, דרעהט זיך אין דיעזען שרעקליכען כאָאָס, איינער כאַפּט זיך אָן דעם אנדערען, יענעם דרענגט ער אראָפּ צו גרונד, שווימט אויף זיין פּלאַץ, אָבער באַלד געהט ער אונטער און אנדערע ווערען געטראָגען אויף זיין וועג. און אזוי דרעהען זיך מיליאָנען, קעמפּפענדיג, פערניכטענדיג איינער דעם אנדערען און אלעס געהט אין א ווילדען ווירר־וואַר.

אָבער פּלוצים, קראַך! — אויך דער טהורם איז איינגעפאַלען. מיין ארבעל האָט זיך אָבגעטשעפּעט און איך בין פערשליידערט געוואָרען אויף טויזענדרע מיילען און בין ווידער געפאַלען אין דעם ווילדען כאָאָס פון פייער און וואַסער.

באַלד אָבער האָבען זיך מיט דער זינדיגער וועלט, אונזער ערד קוגעל, אָנגעהויבען מישען אנדערע וועלטען, זאָננע, מאָנד און שטערן נאָך שטערן האָבען געפּלאַצט און צופאַלען אויף מיליאָנען שטיקער איבער דיעזער גרוי־

סער ־אסער־פלעכע; בערג, וועלדער און שטיינער האָבען זיך אָנגעהויבען דרעהען אין שרעקליך רוישענדען און שטורמענדען אונגעהייער, און יעצט האָב איך אָנגעהויבען פיהלען ווי אלעס לאָזט זיך אראָב נידריגער אָהן אויפ־הער, איך האָב דערפיהלט איין בויך־גרימען, ווי מען פיהלט זיך אראָבלאָזענדיג מיט א הויכען עלעוויטער.

דאָס וואסער האָט אָנגענומען א גרין־געלבליכען קאָליר. א מיאוסע פליסיגקייט פון די אלע אויפגעלעזטע וועלטען און געגענשטענדע איז אלץ שנעלער געלאָפען און זיך געדרעהט אין דעם שטירצענדען וועלטאל; פייער־פלאמען האָבען זיך פערמישט מיט דער פליסיגער מאסע, אלעס האָט גע־רוישט, געברויזט, געווירבעלט און זיך געדרעהט ווי אין א זידענדיגען קע־סעל, עס האָט געקנאלט, געקראכט, געזאָטען, געקאָכט און די מאסע האָט אָנגעהויבען ווערען שיטערער, איז באלד פערוואנדעלט געוואָרן אין א חמאָ־רע, באלד אין א שיטערען דונסט און ענדליך איז אלעס געגצליך אויפגעלעזט געוואָרען אין איין אונגעהויערען גאָרנישט, אין דעם „אָין“ פון ששת ימי בראשית, אין דעם אונענדליכען תוהו ובוהו, און אויס איז מיט אלע וועלטען!

אך! ווען איך זאָל כאָטש געווען בלייבען צו זעהן דעם אלטען רוח אלהים מרחפת, ווי ער געהט יעצט בעשאפען א נייע וועלט, ווי זיין שטיי־נער איז (בונה עולמות ומחריבן), וואָלט איך איהם וועניגסטענס געבעטען מאכען א ביסעל מעהר אָרדנונג — און דאָס וואָלט געווען גוטער שטאָף פאר ווייטערע ארטיקלען.

---

## XV.

### א ביין אין האלז.

אין אונזער היברו ליטעראטור כאָסייעטי אין פילאדעלפיא איז געווען א הייסע דעבאטע איבער „נאציאָנאליטעט און אינטערנאציאָנאליטעט“. ווי אין אלע דעבאטען זיינען אויך דאָ געווען צוויי פארטייען, ווי אין אלע דע־באטען האָבען אויך דאָביידע פארטייען געזוכט איינער דעם אנדערען צו בעזיעגען, ניט איינער פון אנדערן צו לערנען אָדער בעזיעגט צו ווערען.

חלילה! אדרבה, פּונקט ווי אין אַלע ויכוחים זיינען ביידע פּאַרטייען אַרויס די זיעגער און נאָך פיעל הייסער אין זייערע אידעען אַלס בעפאָר, און איך האָט געמוזט אויסרופען מיט געטהע׳ן: איך בין זאָ קלוג ווי צופאָר!

אָבער וייל אין נאציאָנאַליטעט און אינטערנאציאָנאַליטעט האָבען אַלע טהיילנהעמער געהאַט אַ ברייטעס פעלד אריינצומישען אַלע גענענווערטיגע אידעען, ווי: רעליגיאָן, ציוניזמוס, סאָציאַליזמוס א. ז. וו., האָט די דעבאַטע געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט און איך בין געקומען אַהיים נאָך איינס אוהר.

זעלבסטפערשטענדליך בין איך געוועזן מוכן ומזומן צו האָבען אַ וויסטען סוף פון מיין יענטע זאָל לעבען, אויב עס וועט מיר גאָר ניט טרעפען דאָס גליק זי צו געפינען שוין שלאָפען. אי מיין הונגער, וועל איך שוין שטילען מיט וואָס גאָט האָט געגעבען און איך וועל געפינען.

אָבער ליידער וואר עס ניט אזוי.

מיין יענטע קליימט מיך זעהר ליעב צו האָבען און האָט ניט געוואָלט געהן שלאָפען, ביז זי וועט מיר אָבגעבען מיין סאַפּער, און איבערהויפּט איז נאָך דאָס מאָל געוועזן אַ סאַפּער, אַ גאַנצע ליטווישע חופּה־וועטשערע: לאָקשען מיט הוהן און עפּעל־צימעס און אַ גלאָז טהעע אויך, און זי האָט מיך מיט נערגערטע געפיהלען ערוואַרטעט.

איך האָב געאַהנט מיין שוואַרצען סוף, אָבער מיר מענער קענען זיך דאָך פערשטעלען נאָך מעהר ווי פיעל מיר וואַרפען אויף די פרויען און איך האָב מיט אַ פרעהליכען טאָן געזאָגט אריינגעהענדיג:

— העלאָ, ליעבע יענטע!

קיינע אַנטוואָרט.

— אזוי שפּעט ווארטסטו נעבעך אויף מיר?

קיינע אַנטוואָרט.

— גיב, מוטערל, מיר עטוואָס עסען.

קיינע אַנטוואָרט.

דאָ האָב איך שוין פערשטאַנען די שרעקליכע כמארע אויף מיין ליעבעס־הימעל און אום צו פערמיידען דעם שרעקליכען דונער און וואָלקען־ברוך, האָב איך געמאַכט דעם געוואַגטען געפעהרליכסטען שריט און בין צו איהר צוגעטאַנצט. ארומגענומען איהר שעהנעם קאָפּ צו צודרעהען צו מיר

און אַ קוס צו טהון.

אַ שרעקליכער בליץ (פון איהרע שעהנע גרויסע אויגען), אַ קנאַלענדער דונער (פון איהר זילבער־קלינגענדער שטימע), אַ שלאַגס רעגען (פון איהרע איבערפּילטע טרעהרען־קוועלע), און באַלד דאַרויף איין האָגעל פון פאַר־ווירפע, מאָראַל־פּרעדיגס, גאַרדינען פּרעדיגט א. ז. וו.'

נון, שטעלט זיך יעצט פאַר מיין לאַגע. ווי לאָזט זיך דאָ טהאָן? וואָס וואָלט איהר אין אַזאַ פאַל געטהאָן? וואָס וואָלטען אַנדערע מענער געטהאָן?

פערטהיידיגען זיך? אָה, ניין! דאָס געהט ניט אין אַזאַ מאָמענט, דאָס שאַרט נאָך מעהר אויף דאָס פייער.

און מיט וואָס קען מען זיך פערטהיידיגען. דאָס הייסט דאָך געכאַפּט דעם גנב ביי דער האַנד, מיר זיינען דאָך שולד־בעוואוסט, זיי האָבען דאָך אין גרונד פאָלקאָמען רעכט.

— איינס פון דיביידע: ווילסטו פאַמיליען־גליק? דאַן פערברייננ דיינע אָבענדען מיט דיין פרוי און קינדער, געה צו צייט שלאָפען זאָלסט קענען פריה אויפשטעהן, אָטענדען דיינע ביזנעס.

ווילסטו אָטענדען מיטינגען, זיטצען אין קאָפע הייזער, לעבען אַ פּוב־ליק לייף, דאַן פּלאַג קיין פאַמיליע... זיי אַ סינגעל־מאַן...

דאָס איז דער אסענס פון מיין יענטע'ס ווערטער, וועלכע זיינען בע־גלייטעט געוואָרען מיט טרעהרען, פאָרוווירפע, פערפלוכען איהר שיקזאַל אז"וו.

יאָ, איך האָב ביי מיר אויסגעזעהן, ווי אין אַמאָליגע יאָהרען אַלס איינגעל אין חדר ביים רבי'ן אויפ'ן ביינקעל מיט'ן רובצת פאָרבערייטעט פאַר זיין קאַנטשיק אונבעהאָלפען און מאַכטלאָז.

אָבער די צייט טהוט דאָס איהריגע. די וואָלקענס ווערען שיטערער, די דונערן און בליצען זעלטענער, די רעגען־טראָפּענס פון צייט צו צייט קלענער און אין דיעזען מאָמענט האָט זי מיר צוגעטראָגען דעם טעלער טשיקען זופּ.

טראַכטענדיג, וועיל זאָגען האָב איך עס נאָך ניט געזאָגט. מיין טהייע־רע, ביזט גערעכט, מען ווערט הינגעצויגען, מען פערגעסט זיך, אָבער דאָס לעצטע מאָל, מעהר טהו איך עס ניט... האָב איך גענומען דעם ערשטען לע־פעל זופּ אין מויל און אַראָפּגעשלונגען. איין אונגעהייערער שרעק האָט די סצענע געענדערט, אַ ביינדעל איז מיר געבליבען שטעהן אין האַלז.

— נעהם א הארטען ביסען ברויט שנעל! — זאָגט זי צו מיר, איך שלינג דעם הארטען ביסען ניט געקייט, דער שמערץ ווערט נאָך גרעסער, איך שטופּ דעם פינגער אין האלז, איך קען דעם ביין ניט דערגרייכען. אי־ טרינק וואסער, דער ביין — ניט ארויף, ניט אראָפּ, ער שטעקט אין ביידע זייטען ושט (וויישעט) און דריקט אונגעהייער.

דאָ איז קיין צייט צו פערלירען. איך לויף ארויס צו מיין דאָקטאָר. מיין יענטע אין נעגלעזשע לויפט מיר נעבעך א האלב־טויטע נאָך.

איך רינג די בעלל. אויף מיין שלימזל איז מיין דאָקטאָר ביי א גע־ ווינערין, איך לויף צו א צווייטען דאָקטאָר, וואָס איז צוגלייך איין אפּאָטהע־ קער אויך. איך קלינג, נאָך 10 מינוטען קומט ערשט ארונטער די פרוי, זי האָט געמיינט מען דארף אין אפּטייק.

— פרוי דאָקטאָר, שנעל רופט ארונטער אייער מאן; איך האָב א ביין אין האלז.

נאָך 5 מינוטען און דער דאָקטאָר איז ארונטער, אָבער מיט בעדויערען ערקלעהרט ער מיר, אז צו אזא פאל האָט ער ניט דאָ די נויטיגע אינסטרו־ מענטען און איך לויף צו א דריטען דאָקטאָר, מיין יענטע נאָך מיר.

ווייטער א פּאָר מינוטען, די פרוי דאָקטאָר עפענט מיר.

— שנעל דעם דאָקטאָר, איך האָב א ביין אין האלז, איך ווער דער־ וואָרגען.

— דער דאָקטאָר איז אין וואנע, איך שיק איהם באלד אראָב.

ווייטער 10 מינוטען, און דער ביין, פיהל איך, לעכערט מיר דורך דעם ושט. איך וואָלט געשריען, געקרעכצט, געפּאלען, אָבער דאָ וויל איך מיין יענטע'ן ניט ערגער איבערשרעקען און האלט מיך מיט אלע קרעפטען קוים אויף די פיס.

דער דאָקטאָר איז דאָ.

45 מינוטען טראָגען דעם ביין אין האלז איז א פּנים נאָך ווייניג געווען און דער דאָקטאָר האלט נאָך אין איין זוכען זיין „רעפלעקטיוו בריוו", זיין „מאָגען פּאָמפּע" און די זאָנסטיגע אינסטרומענטען און איך ווער שיער דערוואָרגען.

דער מענש, ווי לייכטזיניג ער איז, גיט עס דאָך צייטען, וואו ער איז שטארקער פון אייזען, אָט מיט צוויי שטונדען פריהער האָב איך קיין קראַפט

געהאט צו פערלאזען די דעבאטע און צו געהן אהיים און יעצט אין שרעק־ליכסטען מאמענט פון לעבען האב איך געהאט קראפט דורכצודענקען אלע גענענוועריטיגע אידעען און אלע האבען מיר געשיינט ווי א ביין אין האלז.

אין אונזער אלטער היימאטה א מאל זיינען מיר געבארען און ערצויגען געווארען אלס געבעטעלטע מענשען, מיר האבען געהאט נאר איין „שטרע־בען" צו לערנען צו ווערען פאלקאמענע מענשען לויט דאמאלדיגע און דאר־טיגע בעגריפע און גע'פטר'ט. היינט האבען מיר אידעען, פרינציפען, רע־גרעסיווע, פראגרעסיווע און אלע שטעהען אונז ווי „א ביין אין האלז", ניט אויסצושפייען, ניט אראפצושלינגען. די אידעען זיינען שעהן, די פער־העלטניסע אבשייליך און מען ווארגט זיך מיט דעם ביין.

ציוניזמוס. זעהר שעהן, אבער דאקטאר, שלעפט שוין ארויס, שטופט שוין אריין; ניין, עס שטעהט ווי א ביין אין האלז און דריקט.

סאציאליזמוס. זעהר שעהן, אבער דאקטאר, שלעפט ארויס, שטופט אריין, ניין — ווארג דיך מיט דער אידעע.

אנארכיזמוס. אוי! דער דאקטאר איז אריין מיט זיין אינסטרומענט אין מיין ושט, א ריס, א דרעה און איז ארויס צוריק.

— נו, ווי פיהלט איהר, הערר שלימזל?

— עס שטעכט נאך.

— אה, שטעכען וועט אייך נאך א פאאר טעג, אבער דער ביין איז שוין אראפ.

און כך הוה — דער ביין איז אראב, געשטאכען האט נור א פאאר טעג, אבער די אידעען זיינען מיר געבליבען ווי א ביין אין האלז.

---

# XVI.

## דער סקעב.

א מענש, וואס האט קיין מזל ניט, איז כאטש צוריים זיך. צו וואס ער נעהמט זיך, נעהט עס איהם מיט דער פוטער אראפ.

איך האָב געזעהן, אז קיין זאך געלינגט מיר ניט, האָב איך געטראכט: איך וועל ווערען עפּעס גאָר א נייע זאך, א סקעב. נור וואָס איז א סקעב? דאָס האָב איך ניט געוואוסט. איך האָב נור געהערט, אז אין די יוניאָנס שרייט מען אויף די סקעבס, מען זוכט מיטלען געגען די סקעבס, מען פערפלוכט די סקעבס, גלייך ווי די קאַפּיטאַליסטען, — האָב איך געטראכט, מן הסתם איז א סקעב אויך אזא מין קאַפּיטאַליסט און געוויס איז א סקעב צו זיין אַן ערטרעגליך געשעפט, גלייך ווי א קאַפּיטאַליסט צו זיין.

איך האָב ווייטער געהערט, אז מען זאָגט אַלץ, אז די סקעבס קומען ארויס פון די גרינהאָרנס, טראכט איך מיר: א גרינהאָרן בין איך דאך, קען איך אַלזאָ דאך שוין ווערען א סקעב.

נור די פראגע איז: ווי אזוי ווערט מען א סקעב? זאָל דאָס זיין עפּעס א מין חכמה, וואָלט איך דאך דאָס שוין לאנג געדאַרפט קענען, ווייל איך קען דאך אַלע שבע חכמות. אַלזאָ מן הסתם מוז איך דאך זאָגען, אז דאָס איז א מלאָכה, און אזוי ווי אויף יעדער מלאָכה איז אין אמעריקא דאָ א יוניאָן, מוז דאך אויך זיין א סקעב־יוניאָן. האָב איך אַלזאָ נור צו געהן אין דער סקעב־יוניאָן, זיי אָפּנארען, אז איך בין אַן אויסשטודירטער סקעב פון צו הויז און וועל מיך איינקויפען אין סקעב־יוניאָן.

אָבער ליידער האָב איך געפרעגט עטליכע טעג אויף דעם סקעב יוניאָן און קיינער האָט ניט געוואוסט וואו דער יוניאָן מיטעט, בין איך געפאַלען אויף איין אויבער הסברה, אזוי ווי איך האָב געלעזען אין א ציימונג, אז עס קומט דער גרויסער טאָג פון דער ערלייזונג, דער ערשטער מאַי, און אַלע יוניאָנס וועלען מאַטשען מיט די פאָהנען, וועל איך איבערלעזען די פאָהן פון דעם סקעב יוניאָן און וועל געוואָהר ווערען וואו זיי מיטען. אָבער צו מיין שלים־מזל זיינען געוועזן אויף יוניאָן סקווער אַלע יוניאָנס, נור די סקעב יוניאָן האָב איך ניט געזעהן, איצט האָב איך שוין קיין האָפנונג מעהר ניט געהאַט א סקעב צו ווערען און האָב אָנגעהויבען זוכען אַנדערע ארבייט. און אזוי ווי איך האָב געלעזען אין א ציימונג: „פערלאַנגט" גוטע ניע פּענטס מייקער, געפינען סטעדי ארבייט אין נומער 2222 שטינק סטריט, און דאָס איז דאך איינע פון מיינע פּראָפעסיאָנען, בין איך באלד אהין געלאָפען און האָב מיך געזעצט ארבייטען און האָב מיך שוין געפרעהט מיט דעם, איך וועל קענען די וואָך פערדיענען אויף רענט צו בעצאָהלען.

אָבער, אָה וועה! נור וואָס מיין רעדעל האָט זיך אָנגעפאַנגען דרעהען, זיינען ארייגגעלאָפען אין שאפּ א מעננע ארבייטער, און האָבען אָנגעהויבען שלאָגען דעם באָס, דעם פאָרמאַן און ענדליך אויך מיר.

— גזלנים! וואָס שלאָגט איהר מיך? — האָב איך זיי געפרעגט.

— פאר וואָס דו ארבייטסט, דו שארלאַטאַן.

— וואָס זאָל איך טהון? איך מוז דאָך ארבייטען, איך האָב ניט פון וואנען צו לעבען.

— קויף דיך איין אין יוניאָן!

— איך בין דאָ איינגעקויפט אין יוניאָן, און פון דעסטוועגען ניט מיר די יוניאָן ניט צום לעבען.

— ווארט־זשע ביז מיר וועלען געווינען דעם סטרייק.

— וואָס וועט מיר ארויסקומען אז איהר וועט געווינען, וועל איך מיט איין זאט זיין?

— אז מיר וועלען געווינען, וועלען מיר האָבען גרויסע ווידזשעס און דו אויך.

— אז איך געה שוין ארום א האַלב יאָהר אָהן ארבייט און בעקום ניט קיין פּליים, אויף קליינע ווידזשעס.

— איז דיר קיינער ניט שולדיג, דו דארפסט ניט זיין ראָגעגען, אז מיר זאָלען קענען לעבען.

— פאר וואָס זאָרגט איהר פאר מיר ניט, אז איך זאָל קענען לעבען און איהר זייט מיר ראָגעגען?

— שלאָגט איהם, ברידער ער איז א סקעב.

— מיין עהרען וואָרט, אז ניט! ווי איך בין א איד, אז איך בין א ניעפּענטס מייקער; איך האָב געוואָלט ווערען א סקעב, ווייס איך ניט, וואו זייער יוניאָן איז, איך ווייס אפילו ניט וואָס דאָס איז א סקעב.

— סקעב! דו ביזט א סקעב, פאר וואָס דו ביזט געגאַנגען ארבייטען, ווען אלע סטרייקען.

— אזוי! דאָס הייסט א סקעב! ווער עס וויל עסען און אז ער האָט ניט וואָס, געהט ער ארבייטען, שווער האָרעווען און וויל ניט ווארטען, ביז די נשמה וועט איהם ארויס, הייסט מען א סקעב, אזוי, דאָס איז א סקעב! אָבער פאר וואָס קומט מיך צו שלאָגען, צו הרג׳ענען? אמת, איך האָב גע־

זינדיגט, איך האָב געסקעבעט, אָבער איך האָב דאָס געטהאָן אויס הונגער, אויס נויט, דארפט איהר דאָך עפּעס מיטלייד מיט מיר האָבען, און איהר שלאָגט מיר נאָך! אויב אזוי! זייט איהר דאָך גלייך מיט די קאפּיטאליס־טען, וואָס שיקען א מענשען אוועק קיין סינג־סינג נור דערפאר וואָס ער האָט גע׳גנב׳עט א שטיקעל ברויט פאר זיינע הונגעריגע קינדער; זיי ווילען ניט בערעכענען, אז נויט און הונגער קענען טרייבען א מענשען צו פיעלע זאכען; זיי שרייען אָבער: ניין! ער איז א גנב! ער האָט גע׳גנב׳עט ברויט! ער האָט גע׳גנב׳עט! איז דאָס רעכט? איז דאָס מענשליך? איז דאָס ברי־דערליך?

— הע, ברידער, ער איז א סקעב, א גרינהאָרן, אַן אנארכיסט, שלאָגט איהם....

און מיט די ווערטער האָט מען מיך א כאַפּ געטהאָן ווי א רוח א מלמד און מען האָט מיך געשלאָגען מכות אכזריות, מען האָט מיך נאָר געוואָלט צורייסען, אָבער פּלוצלונג זיינען אָנגעפאָלען פּאָליציי מיט דעטעקטיוום, אלע ארבייטער זיינען אנטלאָפען געוואָרען, און מיך האָבען די פּאָליס־לייטע אָבגעמינטערט מיט די קלאָבס, און ביים קראַגען האָבען זיי מיך אָבגעפיהרט אהיים.

שוואך און צושלאָגען יעדען אבר בין איך געבליבען ליגען אויף מיין סינגעל בעטעל און האָב געפיהלט, אז די לעצטע שטונדע פון מיין לעבען האָט שוין געשלאָגען, באלד, באלד וועל איך ערלייזט ווערען פון די פינס־טערע וועלט מיט די יוניאָנס אין איינעם, און וועל איבערגעהן אין די רו־היגע אויביגע וועלט, אין פינסטערען קבר, וואו עס איז ניטאָ קיין סקעבס, וואו אלע זיינען גלייך.

---

## XVII.

### דער סטאָוופּייפּ.

ענטשולדיג מיר, „מאדאם“ אָדער „הערר“ סטאָוו פּייפּ, וואָס איך בין דיר פונע בכבוד און רוף דיך אַן מיט דעם לעבערליכען נאָמען „סטאָוו פּייפּ“, ווי די אמעריקאנער לויפער רופען דיך, ווייל איך שרייב איינפאך

פאר אידען אין אמעריקא, וואו דו ביזט מיט דעם נאָמען פּאָפּולערער, אלס מיט דיינע צאָהלרייכע אנדערע נעמען.

ביזטו א זכר, ווי די טיימשען רופען דיך, „דער צילינדער הוט", זאָ פערצייהע, אָה, פערצייהע! דו העכסטער אלער גרעססען!

ביזטו א נקבה, ווי די רוסען רופען דיך, „שליאפּא", טאָגדא איזוויני מניע באריניא!

ביזטו א טומטום, ווי די ענגלענדער רופען דיך, „סילק העט", דאן הער איך דיך, ווי איין אנדרויגנוס און זאָג דיר איין קאלטען „עקסקיוזמי!"

ווייל איך האָב דאָ אייגענטליך ניט צו טהאָן מיט די אומות העולם, נאָר מיט דעם אידישען סטאָוו פּייפּ, וואָס איז ביי די אידען אין אמעריקא אזוי טהייער געוואָרען, אז זיי טראָגען זי אום אויפ'ן קאָפּ, זי איז זייער קרוין, זייער צירונג, זייער אלעס.

אייגענטליך בין איך אליין בייז אויף די לויפער, פאר וואָס זיי האָבען עס א נאָמען געגעבען „סטאָוו פּייפּ". דאכט זיך אונטער אידען האָט עס פיעל שעהנערע נעמען? די בראָדער בעלי בתים רופען עס „קאפּעלוש", די לעמבערגער „קאפּעליטש", די קראקאָווער „א שבת הוט", די ווילנער איינפאך „א צילינדער", די קאָוונער — א צילינדער הוט", די קיעווער — „א הויכען הוט", די ניו יאָרקער גרינע — „א חתונה העט", די אמעריקאניזירטע — א „סילק העט" און די לויפערם — „א סטאָוו פּייפּ".

אָבער אין די אלע ערטער, וואו מען רופט דיך העט, הוט, קאפּעלוש, און מען לייגט צו צו דיר: חתונה, הויך, שבת, הארט מיך ניט, אבי דאָס וואָרט הוט בלייבט. עס הארט מיך אויך ניט, וואָס מען רופט דיך צילינדער מיט'ן זעלבען נאָמען, ווי א מאשין, ווייל דער ערשטער סטאָוו פּייפּ איז געווען מיט שפּרונזינגעס און אז מען פלעגט געבען א פּאטש פון אויבען, פלעגט פון דעם סטאָוו פּייפּ ווערען א פלאציגער לאָקשען ברעט און אָנשטאָט אויפ'ן קאָפּ פלעגט מען עס קענען לייגען אונטער'ן „איך בעט איבער דיין כבוד". נו, דאָס איז שוין א ביסעל מאשינען ארטיג און עס קען הייסען צילינדער, אָבער „סטאָוו" פּייפּ, רבונו של עולם! ווי פּאלט עס איין די שלעכטע מענשען דיר אזא נאָמען צו געבען?

„סטאָוו פּייפּ" הייסט אויף פּראָסט אידיש „א קוימען פון אן אויווען",

דורך וועלכען עס געהט ארויס דער רויך. וואָס פאר א סמיכת הפרשה האָט עס מיט דיר, ליעבעס טומטום?

אָט דאָס איז „די געהיימניסע דער נאַטור“, וועלכע מיר אַלע זינדיגע מענשען פון דיזעס יאהרהונדערט זוכען געוואָרע צו ווערען, און וואָס איך, אלס הויך וויסענשאפטליכער נאַטור פאָרשער, דענק אין דיזען ארטיקעל דער מענשהייט צו ענטדעקען.

נאָר פריהער א פּאָר ווערטער איבער דער צייט, ווען גאָט האָט דעם סטאָוו פּייפּ מגלה געווען פאר די מענשען:

די בעלי קבלה זאָגען, אז משה רבינו האָט שוין געטראָגען א סטאָוו פּייפּ, ווייל עס שטעהט אין דער תורה „כי קרן עור פניו“. ער האָט געהאַט א לעדערנעם האָרען אויפ'ן קאָפּ, און דאָס מיינט מען א סטאָוו פּייפּ.

די משכילים זאָגען, אז ערשט אין די נביאים'ס צייטען האָט מען עס אויסגעפונען, פון דעם פּסוק וכובע ישועה בראשו, א צילינדער הוט אויף זיין קאָפּ, און דאָס איז קרוב אל השכל, ווייל אז כובע איז א הוט, איז מסתמא ישועה א צילינדער.

די גאַליציאַנער אידען בעהויפּטען, אז ר' יונת'ל פראגער האָט דעם הוט אויסגעפונען, ווען ער האָט געדארפט ערשיינען פאר'ן קייזער אום צו בעוויעזען, אז זיין גוי'עשקער גלויבען טויג אויף כפרות.

די רוסישע שעהנע אידען ווילען האָבען, אז ערשט דער ווילנער גאון האָט עס אויסגעטראכט, און דאָס איז דאָס היטעל, וואָס זיין גולם האָט גע־טראָגען, ווען ער איז געגאַנגען די לאָדענס פערמאכען פון גאַנץ ווילנא.

די רוסישע בויערען, להבדיל, זאָגען, אז דעם צילינדער האָבען גאָר די שדים אויסגעטראכט, ווייל ווען זיי האָבען נור געזעהן א שד, איז ער אימער געווען געקליידעט, ווי א דייטשעל מיט א צילינדער־הוט.

די אפיקורסים זאָגען, אז דער ערשטער סטאָוו פּייפּ איז ענטשטאַנען אין פלאָרענץ (איטאַליען) און ערשט אין יאָהר 1825 האָט מען איהם אָנגע־הויבען צו פאבריצירען אין פאריז און ערשט מיט א יאָהר 10 שפּעטער האָט ער זיך בעקאַנט געמאכט אין אלע גרעסערע שטעדט פון יוראָפּ און ווייל דער סטאָוו פּייפּ האָט ווירקליך די שעהנסטע פאָרם און פאַסט יעדען מענ־שען און קאָסט אויך טהייערער אלס אנדערע העטס, האָבען איהם אָנפאַנגס גע־טראָגען נור די רייכערע קלאַסע פון דער געזעלשאַפט.

אָבער דאָס אַלעס איז פילאָזאָפישע, אפּיקורסישע חקירות. דער אמת איז, אז דער סטאָוו פּייפּ איז ערשט ערפונדען געוואָרען אין דער זעלבער צייט, ווען קוימענס פון אויוועגס זיינען ערפונדען געוואָרען.

אין די גאַנץ אַלטע צייטען, ווען מענשען האָבען געוואָהנט אין בייד־לעך, האָבען זיי געטראָגען אויפ'ן קאָפּ פאטשיילעס, פּעטשעס און יאַר־מולקעס.

ווען מענשען האָבען געוואָהנט אין פּעקערינש (נידריגע הייזער אָהן קוימענס) האָבען זיי אויך געטראָגען נידריגע קאסקעטלעך אויפ'ן קאָפּ.

ווען מענשען האָבען אָנגעהויבען וואָהנען אין רייכע הייזער מיט ארויס־געפיהרטע קוימענס, האָבען זיי אויך זייערע קעפּ ארויפגעשטעלט דעם סטאָוו פּייפּ און זעלבסט־פערשטענדליך צום זעלבען צוועק, די שלעכטע ריחות פון דעם מענשליכען אויוועז זאָלען ארויס גאַנץ הויך, עס זאָל אַנדערע ניט דערשטיקען.

און דארום איז טאַקע דער אמעריקאַנער נאָמען „סטאָוו פּייפּ" דער ריכטיגסטער און דארום געפינען מיר, אז ניט אַלע מענשען טראָגען „סטאָוו פּייפּס", נאָר געוויסע קלאַסען, וועלכע האָבען אין זיך שלעכטע ריחות:

אויפגעקלעהרטע רבנים טראָגען סטאָוו פּייפּס, כדי דער ריח אפּיקורסים זאָל פון זיי ארויסגעהן.

איזוואָשטשיקעס פון לייכען וואָגען — ווייל דאָרט שמעקט מיט'ן טוידט.

רעווערענדען — דורך וועלכע דער ריח תורה געהט ביי זיי ארויס.

פּאָליטישע — באָמס — כדי דער ריח פון דער ווהיסקי און ברענדי זאָל האָבען וואו ארויסצוגעהן.

אַקטיאָרען, וואָס האָבען גאָר קיין טעם און קיין ריח ניט, טראָגען עס איינפאַך, אַלס פּאַרטזעצונג פון דעם פּוסטען קאָפּ.

גאַליציאַנער אידען טראָגען סטאָוו פּייפּס צום זעלבען צוועק, וואָס די שטריימלעך, ביי זיי צו הויז, אום צו בעדעקען די פּעדערן און די שמד־שטיק פון זייערע קעפּ.

געוויסע ליטעראַטען טראָגען סטאָוו פּייפּס, ווייל זיי האָבען איינפאַך קליינע קעפּלאַך און ווילען פאַר דער וועלט שיינען אַלס גרויסע קעפּ.

פרומע אידען טראָגען נור שבת סטאָוו פּייפּס, אום דער ריח פון טשאָ־

לענט און קוגעל זאָל האָבען וואו ארויסצוגעהן (און אויך דער ריח פון די שבת'דיגע סיגארעטלעך).

אפרייטאָרס טראָגען נור צו דער חתונה סטאָוו פייפס, אָלס צייכען, אז פון דער חתונה אָן ווערט זייער דלות מיט א קאָפּ גרעסער און זיי ווערען פערשווארצט, ווי דער סטאָוו פייפ.

און איך, „הינקעדיגער שלים־מזל", טראָגט א סטאָוו פייפ איינפאך, ווייל איהם, דעם סטאָוו פייפ, האָב איך צו פערדאנקען מיין איצטינגען אר־טיקעל, „דער סטאָוו פייפ".

---

## XVIII.

### געכאפּט.

(אַ אידישער סדר היום אין אמעריקא).

היינט האָב איך מיר אויפגעכאפּט גאנץ פריה און האָב מיך ארויסגע־כאפּט פון בעט און ארויפגעכאפּט אויף מיר דאָס אָנטהועכץ, געכאפּט און אָפּגעגאָסען נעגעל־וואסער און מיך אריינגעכאפּט אין קיך אריין און געכאפּט א גלעזיל ווארימס און געכאפּט דעם טלית ותפילין און מיך אריבערגעכאפּט אין שולכעל צו כאפּען א קדושה וברכו מיט'ן מנין.

חברה האָבען דאָרט עפּעס אויפגעכאפּט א יאָהר צייט; פערשטעהט זיך, אז מיר האָבען געכאפּט צו ביסלעך בראנפען נאָך מיט קיכלעך פערביסינן, און חברה זיינען געוואָרען לוסטיג. איך אָבער האָב מיך ארויסגעכאפּט פון שולכעל און אריבערגעכאפּט זיך אהיים און עפּעס איבערגעכאפּט דעם הונ־גער און האָב מיך ארויסגעכאפּט אין סטריט, זוכען עפּעס כאפּען א פער־דיענסטעל.

דערווייל כאפּט מיך אָן מייק און דערצעהלט מיר, אז אין ליפּענקאָט'ס אָקשען כאפּט מען גרויסע בארגיינס.

— לאָמיך זיך אריינכאפּען אהין — האָב איך מיך געטראכט — און האָב געכאפּט די קאר און זיך אריבערגעכאפּט אהין.

דאָרט האָט מיך פּשוט אָנגעכאפּט א שרעק. אזוי ווי עס וואָלט אויף

זיי געקומען אַן אויסכאַפּענים, מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ און איינ־פּאַכע שמאַטעס האָט איינער געכאַפּט פון דעם אַנדערן. נאָר מיינט איהר, זיי האָבען געכאַפּט מציאות, חלילה! זיי האָבען אין דעם כאַפּענים געצאָהלט אַזעלכע פּרייזען, וואָס עס מעג טאַקי קומען אויף זיין אַן אויסכאַפּענים.

אַזוי ווי איך שטעה און בעטראַכט עפּעס אַ צוגעכאַפּטען (אַ ביסעל צו־געברענטען) סוט, ווייס איך ניט פון וואַנען עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט עפּעס איין איירישער שכור און האָט זיך צוגעכאַפּט צו מיר זידלען און שעלטען. געוועהנליך האָט ער פון מיר זיך אויך ניט גענאַרט און געכאַפּט אַ פּסק, ווי ער האָט פּערדיענט. אָבער דער באָמער האָט זיך באַלד אַרויפגעכאַפּט שלאָגען, איך האָב געכאַפּט גוטע עטליכע קלעפּ, אָבער אין געשלעג האָב איך פּלוצים געכאַפּט אַ שטויס אין פּנים און עס האָט געכאַפּט לויפען דאָס בלוט. איך האָב מיך באַלד אַרויסגעכאַפּט אין סטריט, געכאַפּט אַ פּאָליסמאַן, אָבער ווי ער האָט נאָר מיט איהם גערעדט צוויי ווערטער, האָט ער אָנשטאָט איהם גאָר מיך געכאַפּט ביים קאַלער און באַלד טאַקע מיך אַרויפגעכאַפּט אויפ'ן פּאַטראָל וואָגען.

אין סטיישאָן הויז האָט מען מיך אויפגעכאַפּט ווי אַן אבן טוב, מיך באַלד אַריינגעכאַפּט אין אַ פינסטערע שטיקענדע סעללע, אַז עס האָט מיר פּשוט פערכאַפּט דער אָטהעם.

איך זיץ און וואַרט אויף די „הירינג". איך האָב דערווייל געכאַפּט אַ דרעמעל, פּלוצלונג הער איך עפּעס אַ געשריי. איך כאַפּ מיך אויף, מען רופט מיך צום מעדזשיסטרייט.

דער ריכטער כאַפּט מיך באַלד מיט פּערשיעדענע פראַגען. געוועהנ־ליך, ווען ער האָט דערהערט מיין ענגליש רעדען, האָט ער מיך אַלס אונטער־געשטופּט. סוף כל סוף האָב איך געכאַפּט 5 דאָלאַר פיין מיט אַ מיאוס'ען נאָז דערצו.

איך האָב אַרויסגעכאַפּט דאָס געלד און בעצאָהלט און מיט אַרויסגע־כאַפּט נים טויט נים לעבעדיג פון קאָרט, אַריינגעכאַפּט זיך אין סאַלון כאַ־פּען אַ שנאַפּס, ווייל, ערשטענס, האָט עס מיך טאַקע געכאַפּט הונגערען, און צווייטענס, האָט מיר געכאַפּט ביים האַרצען די 5 דאָלאַר אומזיסט און אומ־נישט, און עס איז שוין געווען פּאַר־נאַכט, ווען איך האָב מיך אַריינגעכאַפּט אין דער היים.

יעצט קענט איהר זיך פאָרשטעלען, ווען מיין פרוי האָט ערפאהרען פון דער גאנצער געשיכטע, וואָס פאר א פּסק איך האָב געכאַפּט.

איך זאָג אייך דעם אמת, אז עס כאַפּט פשוט אָן א שרעק, ווען מען דארף פערברענגען א לעבען אין כאַפּעכיז, אוי, דאָס וויסטע אמעריקא מעג שוין טאַקע פערכאַפּט ווערען.

## XIX.

### געקענוועסט און געלעפּסט.

גליקליך איז טאַקע נור דער ארבייטער; ער וויים איינמאָל פאר אלע מאָל, וואָס ער איז; ער האָט קיין קאָפּדרעהענים ניט צו זוכען אלע טאָג אן אנדער ביזנעס, פון וואָס א לעבען צו מאכען; ער איז א שניידער, א שוסטער, ער וויים, ער דארף גאנץ פריה אוועקגעהן אין שאָפּ ארבייטען, ביי נאכט געהן צוריק אהיים, און מאָנטאג איז פּיידיי און דאָס לעבען געהט איהם, ווי א מזמור.

טאַקע אמת, עס ברעכט איהם די ביינער פון די אנגעשטרענגטע ארבייט; טאַקע אמת, אויף די סטרייקס מיט די סלעק געהט אוועק כמעט דאָס גאַנצע יאָהר; טאַקע אמת, עס ברעכט איהם דאָס הארץ קוקענדיג אויף זיין אונגליקליכער פרוי און קינדער, ווי זיי ליידען מאַנגעל און נויט — אָבער די אלע זאכען איז דאָך נור איינמאָל אין יאָהר, פון צום גדליה ביז ראש השנה, און די איבריגע צייט לעבט ער זיך רוהיג און גליקליך.

גליקליך איז אויך דער קליין בירגער, א קרעמערעל, א קליין סוחר'ל; ער שטעהט זיך אויפ'ן סטריט, אין סטאָר, די הענד אין די קעשענעס, דארף גאָר ניט טהאָן און זיין קאַפּיטאַל וואַקסט.

טאַקע אמת, די קאָנקורענץ איז אזוי גרויס, אז איינער עסט אויף דעם אנדערען, טאַקע אמת, אז כמעט ביי אלע ארטיקלען לייגט מען נאָך צו, טאַקע אמת, אז עס ווערט איהם צושפּאָלטען דער קאָפּ זוכענדיג עטליכע דאָלאר צו צאָהלען בילס, צו לאַטען די לעכער פון די בייזע מיילער פון די גלוויבינער; טאַקע אמת, אז איידער ער ארבייט זיך ארויף, מוז ער שוין

ברעכען; דאָס הייסט, ער קומט צו זיך, מאכט דעם גרויסען „היושב“. אָבער ווען טרעפט עס? נור איינמאָל אין יאָהר: פון ניי יאָהר ביז — קריסמעס, אין דער איבריגער צייט לעבט ער זיך רוהיג און גליקליך.

ווי אונגליקליך אָבער איז דער יעניגער פּראָלעטאַריער, וואָס דער אַר־בייטער איז איהם מקנא: „ער דאַרף ניט אַרבייטען, דער קליין־בירגער איז איהם מקנא, ער דאַרף פאַר געלד ניט זאָרגען, ער לעבט אויף דער קאָמ־פּאַניעס רעכנונג“, דאָס מיינט מען „ד ע ם א ג ע נ ט ע ן“.

ער דאַרף ניט אַרבייטען און אַרבייטעט מעהר, ווי אַן אַרבייטער; ער לעבט אויף יענעמס רעכנונג און דאָ לעבט די קאָמפּאַניע אויף זיין רעכנונג; ער אַרבייטעט און טהוט גאָר ניט; ער קאָלעקטירט געלד און אלס צוגאָב צו דיזער זיסער פּראָפעסיאָן מוז ער נאָך מיטשלעפּען אין זיין האַרצען „איין אונריינעם געוויסען“, גרעסער ווי ער אליין, ווייל... נו, גענוג, יעדער אַגענט ווייס עס שוין אליין.

דאַגעגען אָבער איז זיין בעשעפטיגונג ניט אזוי פּראָסט, ווי איין אַרביי־טער; פערגעסט ניט, אז ער „קענוועסט“, ער „לעפּכט“, ער מאכט זיין לע־בען נור פון „קענוועסען“ און „לעפּסען“. אַך, וואָס פאַר ערהאבענע, טער־קישע ווערטער דאָס זיינען! אַ פּראָסטער מענש פערשטעהט גאָר ניט די בע־דייטונג דערפון; נור איך, גראַדע איך ווייס עס יא, ווייל איך בין צום מזל געקרוינט געוואָרען אלס אינספּעקטאָר, דאָס הייסט, איך זאָל איספּעקטירען, רעווידירען, קאָנטראָלירען, און ווייל איך ווייס די אלע ווערטער, ווייס איך אויך, וואָס עס הייסט „קענוועסען און לעפּסען“, „קענוועסען און לעפּשען“ הייסט..... דאָס הייסט; עס הייסט ניט, איך מיין, קענוועסען הייסט ניט בע־שווינדלען, און לעפּסען הייסט ניט בערויבען; קענוועסען הייסט ניט וואַר־גען, און לעפּסען הייסט ניט דערשטיקען; קענוועסען הייסט ניט גנב'ענען, און לעפּסען הייסט ניט מאָרדען; קענוועסען הייסט ניט פאַנגען אונשול־דיגע דומע פיה, און לעפּסען הייסט ניט זיי אויפפרעסען; נור קענוועסען הייסט איינפאך: קענוועסען, און לעפּסען הייסט — לעפּסען. וואָס דאָס הייסט, דאָס ווייסען אלע, וועלכע שרייען: „אַגענטען און קאָלעקטאָרען גע־זוכט“; דאָס ווייסען אלע, וואָס „קענוועסען און לעפּסען“; דאָס ווייסען אויך אלע דומע מענשען, וואָס ווערען געקענוועסט און געלעפּסט; דאָס וועט אויך ווייסען דער לעזער, ווען ער וועט מיט מיר דורכגעהן די אלע טענע־

מענט הייזער פון אידישען פיערטעל, וועלכע בילדער איך שטעל אייך יעצט פאָר.

אלזאָ, איך בין צום מזל געוואָרען איין אינספעקטאָר. אז איך בין נע־וועז אין שניפּעשאָק נאָך האָב איך געמיינט, אז אן אינספעקטאָר איז פשוט א געוואַלד, פריהער גאָט, דערנאָך דער קיסר, דער שני למלכות, דערנאָך דער גובערנאַטאָר, דערנאָך דער אינספעקטאָר, און דארום מוז ער אויך געהן אין א קיווער מיט עפּאָלעטען; אָבער איצט אין אמעריקא בין איך ערפאהרען, אז פריהער איז דער קאַפּיטאַליסט, דערנאָך זיינע צוויי לומפּיגע העלפער: רעליגיאָן און רעגיערונג, און דערנאָך זיינע משרתים און שקלאַפען און איי־נער פון זיי הייסט „אינספעקטאָר“ און דארום איז איהם גענוג א סטאָוו פּייפּ מיט ברילען.

איך בין, אלזאָ, אן אינספעקטאָר, צו מיר האָט מען צוגעפּאַסט דעם קענוועסער־לעפּסער און מיר געהען אינספּעקטען צו אלע זיינע צאן קדשים, אויף ענגליש קאַסטאָמער גענאַנט.

יא, אין מחשבות'ען האָב איך אייך פערגעסען צו זאָגען, וואָס פאר קאַסטאָמער? וואָס האָבען זיי געקויפט אויף אָפּצופּלאַנען? וואָס מען האָט זיי נעקענוועסט און נעלעפּסט? נור דאָס בלייבט זיך גלייך, מיט וואָס פאר א שטיקעל קענוועסט מען דען ניט אין אמעריקא? וואָס ניט מען דאָ ניט אויף אבצאהלונגען?

הערט א צעטעל: שערס, טויזענד דאָלאר פאר 10, לייף אינשורינג פאר'ן טוידט און נאָכ'ן טוידט, הייזער, פארמס, לאטס, קארפּעט, אויל־קלאָטהס, קוירטענס, שפּרינג־מאטראצעס, הויזען, פלודערן, מייטקעס, מכניסים, תחתונים, גאטקעס, א כשרה'ן זיווג, א גט, עולם הבא, אדווער־טייזמענטס, א ריכטער שעמלע, א גרינגען טויט — אלעס, אלעס ווערט גע־קענוועסט, אלעס ניט מען אויף אבצאהלונגען, און ווער עס ווערט קלינער און האָט חרטה אין דער מיט, דער ווערט געלעפּסט.

נענוג פאר די רעדע, איצט בין איך גראדע אין לודלאָוו סטריט, נומער 1 איז מייקעל קאפּעלוש, 4טען פלאָר. — „אָה, ווי פינסטער איז אין האָל!“ אָבער איידער איך האָב נאָך געענדיגט דעם אויסרוף, טראסק! מיר גלייך אין פנים אריין. דזשייק דער בינגלער לויפט אין שאַפּ אריין, 10 וואָכען גע־סטרייקט, ער האָט קיין צייט ניט זיך אומצוקוקען, אז אן אינספעקטאָר

געהט, און אויפהויבענדיג מיין צילינדער פון דער בלאָטע, האָט ער אויס־געשטאַמעלט: „איהר מוזט מיר עקסקיוזען" און איז פערשוואונדען.

אָפּווישענדיג מיין צילינדער, שלעפּ איך מיך אויף די פינסטערע, שמאָלע, נאַסע, קנאַקעדיגע טרעפּ; איך דערפיהל א ווייכען געגענשטאַנד אונטער מיינע פיס, א צאַרטע קינדער שטימע האָט ערציטערט מיין הערץ:

— מאַמאַ; מיי הענד, מיי הענד! —

— ארמע קליינע! איהר מוטער, די אלמנה, שטעהט אויף דעם חזיר־מארק מיט אייער און מיט חריין און זי איז וויינענדיג איינגעשלאָפען אויף די שמוציגע טרעפּ. —

איהר איינצושטילען, האָב איך איהר געגעבען א גלעט איבער'ן קע־פּעלע, דאָס האָט איהר שוין שטיל געמאכט און מיט א מיטלייד ערוועקענ־דעם צוטרויען האָט זי מיר געזאָגט: — „גיוו מי א פּעני". איך בין ער־שטוינט! אויך טרערען בעקומט מען אויף אבצאָהלונגען. און איהר דעם ניקעל אין הענטעל געבענדיג בין איך נאָכגעגאַנגען די שטימע פון מיין קענ־ווער־לעפּבער, וועלכע איז שוין געוועזן טאַפּ־פלאָר.

נאָך עטליכע מענשען אָנגעשטויסען, נאָך א אידענע איבערגעקעהרט א פּיטשער וואסער, וועלכען זי האָט מיט אלע קרעפטען אָנגעפּומפּט, מיין יואל קלאַפּט אין דער טיהר. „קאַם אין" און מיר זיינען אין קיטשען.

אָ, הימעל! וואָס פאר א בילד, וואָס פאר א פּאנאראמע האָט זיך דאָ ענטוויקעלט פאר מיינע אויגען!

דער פינסטערער טענעמענט קבר איז פול מיט רויך און טשאד צום ערשטיקען; ווי דורך א וואָלקען האָב איך דערזעהן איין האלב נאקעטע פרוי מיט א פערגעלבטעס געזיכט שטעהט און וואשט וועש, איין קליין קינד שרייט ביטערליך, ליגענדיג אין ווינקעל פון וואש־קאסטען אונטער'ן קלאָ־זעט, צוויי גרעסערע קינדערלעך שטעהען און וויקלען זיך אין דעם קליידעל פון דער מוטער וויינענדיג עסען, פון בעד־רום הערט מען א טרויעריגעס, שווערעס קרעכצען; די פרוי בלייבט פערלעגען, פערשעהמט, כאפּט די הענד צום קאָפּ, צום לייב, זוכט מיט וואָס זיך צו בעדעקען, און מיין יואל אכ־טעט ניט אויף איהר פערלעגענהייט און זאָגט:

— דאָס איז דער אינספּעקטאָר פון דער קאָמפּאני, ער געהט נאָכזע־

הען, אויב איך האָבווירקליך זאָ פיעל אָבגעגעבען אין אָפיס, וויפיעל איך האָב ביי אייך קאָלעקטירט. ווייזט אייערע ביכלעך.

די ארמע פרוי פערשטעהט ניט דייטליך, וואָס ער מיינט, און זאָגט מיט פערצווייפלונג:

— וואָס זאָל איך טהאָן, מיין ליעבער האר, אז איך האָב אפילו ניט קיין שטיקעל ברויט פאר מיינע קינדער; ער ליגט מיר שוין קראַנק 9 וואָכען, ער האָט צובראָכען א פוס, ארויסגעהענדיג פון שאפּ פון די טרעפּ; אז ער וועט געזונד ווערען, וועל איך געווים בעצאָהלען, וואָס איך בין שול־דיג; איין גאָט ווייס, אז איך האָב ניט....

— יא, גאָט ווייס און די קאָמפּאַניע ווייס אויך. נור איהר אליין ווייסט מן הסתם ניט, אז מען צאָהלט ניט פיער וואָכען, איז אלע פריהערינגע צאָה־לונגען פערפאַלען און מען ווערט געלעפּסט...

מיין הערץ איז געוועזן געבראָכען, איך האָב זעלבסט ניט געוואוסט, וואָס איך זאָג; אָבער קוים האָב איך געזעהן, ווי די פרוי איז ערציטערט געוואָרען פון דעם „געלעפּסט", האָב איך מיך זאָפאָרט געפּאַסט און האָב זי געטרויסט.

— ליעבע פרוי, איך קום אייך ניט מאָהנען קיין געלד, איך וויל נור זעהן דאָס ביכעל, אויב דער קאָלעקטאָר האָט ריכטיג אָנגעגעבען אייער אָנ־געצאָהלטעס געלד... —

— זיצט, זיצט, אָט גיב איך אייך —

און א שוואכע שטימע פון בעד־רום זאָגט צום קענוועסער: — מיסטער יואל! איהר ווייסט דאָך, אז איך צאָהל תמיד פּינקטליך, איך וועל.... אוי, מיין פוס!...

די טרערען זיינען מיר געשטאַנען אין די אויגען, מאַשינאַלנע האָב איך אינספּעקטירט דאָס ביכעל, און א ים מיט געדאַנקען האָבען זיך מיר בעגעג־בען א שטויס אין קאָפּ, דאָס וויינען פון די קינדער, דאָס קרעכצען פון קראַנקען פאָטער, דאָס עלענד פון דער מוטער, דאָס קענוועסען, דאָס לעפּ־סען, דאָס אינספּעקטען.... עס איז מיר געוואָרען ענג אין מיין אייגענער הויט; ווי פערריקט האָב איך פערלאָזען דעם צימער, גלייך צו די טרעפּ, אָבער מיין יואל שרייט: — פּסט! פּסט! „נעקסט דאָר, א קאָסטאָמער —

# XX.

## בראָנזווילער פנקס.

די לופט איז היים, אלע שוויצען, אָבער נאָר די רייכע ניט, ווייל זיי פאָה־רען ארויס אין די קאַנטרים; אָבער אזוי ווי אין בראָנזוויל זיינען קיינע מיליאָ־נערען ניטאָ, זיינען אלע אין דער היים און יעצט איז אין בראָנזוויל ניט ווע־ניגער נייעס ווי אימער.

אין די זייטען גאסען פון בראָנזוויל איז די לופט צימליך גוט און א סך ניו יאָרקער זיינען געקומען אונז העלפען זויגען די פרישע לופט, אָבער אין מיטען פיש־מארק איז טאקע, גאָר דער זעלבער וואונדער, ווי אין בית המקדש איז געוועזן, אז די פרויען האָבען ניט מפיל געוועזן פון דעם ריח פון די היי־ליגע פלייש, דאָ איז נאָך דער וואונדער גרעסער, ווייל דאָ איז חוץ דאָס פלייש, נאָך דאָ הייליגע פיש, הייליגע הערינג, און הייליגע ציבעלעס, און אלע ריחות אין איינעם זיינען נאָך הייליגער.

— אין די שטעדט, וואו עס איז דאָ א פיש־מארק, איז ניט מעהר ווי רעכט, אז די וואָס שלעפען און זויגען די לופט אין זיך, זאָלען נעהמען פאר׳ן מויל א טיכעל אָדער א זייער, ווי ביי אונז די עהרליכע אידען טהוען, ווען זיי טרינקען וואסער, כדי ווערימלעך זאָלען זיי ניט אריין אין מויל, ווייל אין אזעלכע שטעדט איז די לופט אויך צו־געדיכט, ווען זי קומט נאָר פון דער זייט, וואו דער פיש־מארק איז.

הלואי וואָלט איך מיר דערמאָנט אָן דעם מנהג און געהאט א טיכעל, אָדער אזייער פאר׳ן מויל, וואָלט איך דעם דינסטאג צו אזא אונגליק ניט געקומען.

די מעשה איז אזוי געוועזן: דעם דיענסטאג איז געוועזן זעהר היים, בין איך געזעסען און האָב געשעפּט לופט, געוועהנליך מיט׳ן גאנצען אָפענעם מויל, ווייל דארויף איז קיין קאראָבקע דאָך ניטאָ.

אָבער פּלוצלינג איז מיט דער לופט מיר אריינגעפלויגען א גאנצער הע־רינג אין מויל. איך האָב מיר אָנגעהויבען ווארגען, אָבער באלד האָב איך איהם נעכאפּט ביים עק און האָב איהם ארויסגעשלעפּט.

— ווי קומסטו, יונגער מאן, אהער? — האָב איך איהם בייז נעפרעגט און דער הערינג האָט מיט שרעקען מיר דערציהלט:

— שמעני אדוני! איך בין א מאָל געלעגען מיט אַלע מיינע ברידער אין א פאַס שעהנע עטליכע יאָהר אין ניו יאָרק ביז מיר האָבען אַלע אָנגע־הויבען פוילען, נאָך ערגער ווי די טענענטס אין די טענעמענט הייזער.

באַלד אָבער איז געקומען א בראָנזוויל ער גראָסערימאַן און האָט גע־וואָלט קויפען מציאות, האָט מיין באָס מיך פערקויפט מיט אַלע מיינע ברי־דער אין דער קאָנטרי בראָנזוויל.

אָבער אין בראָנזוויל זיינען אויך דאָ פּאָליסלייטע, וואָס האָבען א חוש הריח און באַלד האָבען זיי דערשמעקט, אז מיין נייער באָס וויל זיי ניט געבען קיין לא יחרץ געלד. האָבען זיי אונז אַלע אויסגעשיט אין מיטען חזיר־מארק. גראָד האָט זיך אין דער מינוט אויפגעהויבען א ווינד און עס האָט מיך פערטראָגען ביז אהער צו דיר אין מויל, עקסקיוז מי. לאָז מיך כאַפּען א ביסעל לופט.

דער הערינג האָט געגעבען א בייג מיט'ן עקעל, ווי איין ערעלמאַז און איז אוועקגעפלויגען ווייטער.

יעצט האָב איך שוין ניט אזוי פיעל געהאַלטען אָפען די מויל און האָב מיר ווייטער געשלעפּט לופט.

אָה, אונגליק! ווידער איז מיר אריינגעפלויגען א וויענער וואורשטעל אין מויל.

דער יונגער מאנטשיק איז נאָך געווען גאָר א פרישער, איך בין געוואָ־רען בייז און האָב איך געפרעגט, ווי קומט ער אהער?

— די געשיכטע מיט מיר איז אזוי. איך בין געווען אין באָרד אין בעל־מאָנט עוועניו קאָרנער אָסבאָרן סטריט מיט נאָך מעהרערע פון מיינע קאָ־מעראדען, מיין מיסעס פון וואורשט סטאָר איז פון דער זיסער לופט איינגע־שלאָפען. א פופצעהן יעהריגער באָי פון דער נאכבארשאַפט האָט בעמערקט איהר שטארקען שלאָף. איז ער צוגעגאנגען צום טישקעסטעל און האָט ארויסגענומען 15 דאָלאָר.

א גליק וואָס דער באָי איז ניט אַלט געווען זעכצעהן יאָהר, וואָלט זי איהם נאָך געדארפט דערלייגען א 16־טען דאָלאַר.

דער מיסטער מיינער האָט עס אָבער באַלד דערזעהן, עס איז געוואָרען א גוואַלד, א פּאַטרול וואַגען איז געקומען. דעם באָי האָט מען ארעסטירט און אוועקגעפיהרט, אָבער אין צוזאמען לויף האָט א מיסיס א כאַפּ געטהאָן

עטליכע פון אונזערע קאמעראדען אונטער׳ן פּארטוך, מיר האָט זי אָבער פון שרעקעניש פערלאָרען און דער ווינד האָט מיך געטראָגען ביז אין דיין מויל אריין.

איך האָב איהם אפילו געוואָלט פון כעס צובייסען, איך האָב מיך אָבער דערמאָנט, אז איך וויים ניט פון וועמעס השגחה ער איז, האָב איך מיט איהם ניט געוואָלט האָבען צו טהאָן. געה געזונטערהייד.

יעצט האָב איך צונויפגעלייגט די ליפּען, ווי א קמץ און געלאָזט נאָך א קלענערע לעבעל פאר די לופט, אָבער איידער איך האָב נאָך אָנגעהויבען אטהמען, איז מיר שוין געבליבען שטעקען אין מויל א מענשליכער אויער.

איך האָב מיך דערשראָקען און האָב געציטערט, ווי א לולב, אַן אויער פון א לעבעדיגען מענשען, נאָך גאַנץ ווארעם און צאַפּעלדיג, איך האָב איהם געבעטען מחילה און האָבען איהם ארויסגעשלעפּט פון מויל.

אוי! איך שטארב, נאָך מיט א גאָלדען אוירינגעל. פון א ליידי, האָב איך מיך געטראַכט, דאָ מוז מען שוין זיין א ביסעל העפליכער.

— ביטע, מאַדאַם, דארף איך זי געפעליגסט פרעגען, מיט וואָס איך האָב פערדיענט דאָס פערגניגען צו האָבען די עהרע פון איהרע ווערטהען געגענ־ווארט אין מיין זינדיג מויל?

מיט א שפּיציגע שטימעלע האָט מיר דיזער עלעגאַנטער דאַמען־אויער געענטפערט:

—א וועהטאָג איז מיר, איהר ווייסט עס גאָר ניט? קיצעלט מיר נאָר ניט, וועל איך אלעס דערצעהלען, איך בין זעהר קיצעלדיג.

הערט ווי אמעשה פערלויפט זיך. איך האָב געארבייט מיט מיין מי־סעס אין א שניידער־שאָפּ אין אָסבאָרן קאָרנער איסטערן פּארקוועי, האָט מען מיר דאָרט פערביטען דעם סטענד פון מיין מאשין, בין איך געקומען אָפּבייטען, א וואָרט פאר א וואָרט, דער באָס איז בייז געוואָרען, ער האָט גע־כאַפּט אַן אייזען און האָט מיין מיסיס צוקלאַפּט דעם קאָפּ און מיך אָפּגע־ריסען פון איהר.

באַלד איז געקומען אַן אמבולאַנס מיט א פּאטרולמאַן. מיין מיסיס ליגט איצט אין האָספּיטאל און דער באָס אין דזשייל אויף טויזענד דאָלאָר בייל און מיך, צארטעס וועזען, האָט דער ווינד פערטראָגען ביז צו אייך אין מויל.

נאָר עס שאַדעט ניט, איהר מעגט מיך האַלטען אין מויל, איך בין געַ־וואָהנט צו ליגען אין פרעמדע מיילער.

איך האָב מיך ארומגעקוקט, אויב מיין יענטע זעהט עס ניט, זי וועט נאָך מיינען, דאָס איך האָב אָן אויער פון אַ געליעבטען צום עווינען אנדענ־קען און האָב גאַנץ העפליך דעם אויער ארויסגעוואָרפען דורך דער ווינדע.

איצט האָב איך שוין אזוי פערקוועטשט די ליפען, אז טאקע נור די דינסטע לופט האָט געקענט ארייננעהן.

אָבער אז איינעם איז בעשערט צרות, געהט איהם שוין, ער וויים אפילו ניט דורך וואַנען.

קוים האָב איך נאָר אַ שטאַרקען ציה געטהאָן די לופט און אַ האָאר האָט מיר געשטעקט אין מויל.

דעם האָב איך שוין געגעבען אַ כאַפּ מיט גרויס גרימצאָרן, איך זעה איך האָב אַ גאַנצע פּאה אין דער האנד.

— ר׳ קרוב, ווי קומט איהר עפּעס אהער מחוץ לתחום — פון דער אי־דישער שכונה?

— וואָס הייסט, איהר ווייסט גאָר ניט ווער איך בין? איך בין אַ תלמיד חכם׳ס אַ פּאה פון דעם רב פון די „לעבעדיגע העלצער, „עץ חיים“, און אייער שאלה ווי איך קום לכבודו, איז מעשה שהיה כך היה.

דער פּרעזידענט פון די „באָרדערס אנשי בראַנזוויל“ האָט דאָך געוואָלט, אז אלע זאָלען נעהמען פלייש פון זיין קאַראַבקע בוטשער, האָט ער געזאָגט אויף דעם בוטשער מינדליך, אז ער האָט טרפה פלייש, דעם האָט עס נעבעך וועה געטהאָן, האָט ער איהם געשלעפּט צו אַ דין תורה טאקי צו זיין אייגע־נעם רב פון דער זעלבער חברה.

דער בוטשער האָט דערצעהלט זיינע טענות. דער פּרעזידענט האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגען, דער רב איז געבליבען זיצען נעבעך ווי אַ סקאַפּע אין דער בלאָטע. זאָל ער זאָגען, אז דער בוטשער איז אומגערעכט, איז דאָך אַ ליגען, זאָל ער זאָגען, אז זיין פּרעזידענט איז אומגערעכט, וועט ער דאָך קיין ווייזשעס ניט בעקומען די וואָך, האָט ער געקראַצט די פּאה און גאָר ניט געענטפערט.

דער בוטשער איז בייז געוואָרען און האָט איהם אָנגעהויבען רייסען די באָרד מיט די פּאות און אזוי האָט דער ווינד מיך פון זיין האַנד אין אייער

מויל אריינגעטראָגען. איך בעט אייך איהר זאָלט מיר מוחל זיין.
און די פּאה איז אוועקגעפלויגען.
אָבער איצט האלט איך שוין דאָס מויל פערבונדען מיט א האנטוך און כאפּ לופט דורך דער נאז.
אָבער דאָס איז א געמוטשעטער לעבען. איך ראטה אלע מיינע פריינדע, זיי זאָלען בעסער ארויספאָהרען אין די קאָנטריעס, זיי זאָלען אָהן געפאהר קענען כאפּען לופט און אנטלויפען פון די גאסען פון בראָנזוויל.
זאָנסט זיינען ביי אונז אין בראָנזוויל אלע געזונד און פריש און צופרי־דען, ווייל אין די היצען איז דער אפּעטיט קלענער, פעהלט ניט אזוי פיעל צו עסען, נור ווען עס איז זעהר הייס, טרינקען זיי, און וואָס מעהר זיי טרינ־קען, אלץ מעהר שוויצען זיי, וואָס עס איז ביליג.

---

## XXI.

### געוואלד, מען האָט מיך בע׳גנב׳עט!

אזוי ווי איך וויים, אז די טבע פון א אידשען לעזער איז אריינצולעגען פשט׳לעך און פילאָזאָפיע אין א שרייבער׳ס רעד, איבערהויפּט נאָך זיין טוידט, שרייב איך דיזע מעשה מיט א „בעוואָרענעס“, אז איך אליין זאָג אלעס וואָס איך האָב ניט געמיינט.
אין דער גרויסער וועלט־שטאָדט פילאדעלפיא, וואו איך וואוין (איך מיין ניט וועלדט־שטאָדט“, ווייל דאָ איז פאר אלעמען א לעבעדיגע וועלט, אדרבה, דאָ ליגען א סך מענשען אין דר׳ערד ווי איבעראל) איז דאָ א טייך מיט דעם נאָמען „סקילקול ריווער“, פון וועלכען די גאנצע שטאָדט טרינקט וואסער, דאָס וואסער איז זעהר שמוציג, ווייל אלע פעקטאָרים שטעהען ביי זיינע ברעגעס.
עס איז געווען זעהר א פינסטערע נאכט (איך מיין ניט די פינסטערנים פון אונוויסענהייט), א דיקע כמארע האָט פערשטעלט די לבנה מיט די שטערען, (איך מיין ניט דעם פאנאטיזמוס, וואָס פערשטעלט דעם פאָרט־שריט פון דער וויסענשאפט) און א זעהר שטיקענדע לופט האָט פון יעדען

מענשען ארויסגעשלאָגען אַ נויט־שוויים (איך מיין ניט די פּערשטיקטע פּריי־הייט, ווי אין פיעלע אייראָפּעאישע לענדער, וואו מען שלאָגט יעצט אידען), נור פּשוט די אמעריקאנער פערשטיקטע זאַנדערבארע לופט, וואָס מייסטענס דוכט זיך עס איז ניט אַזוי הייס, און דאָך איז די לופט נאַס און אונערטרעג־ליך (איך מיין ניט, אז חאָטש דאָ אין אמעריקא האָבען מיר גלייכע ביר־גער־רעכטע און פון דעסטוועגען איז מען ניט זיכער מיט דער הייקערדיגער נאָז און די עטליכע האָר אין באָרד).

האָב איך מיך מישב געוועזן און בין געגאַנגען אין סקילקול ריווער זיך אָפּבאָדען (דאָ מיין איך ניט צו זאָגען, אז דאָס וואסער וועלכע האָט באַ־ציליען מיט מיקראָבען און מען וויל ניט טרינקען, דאָך געהט מען זיך דאָרט באָדען, דאָס מיינט ניט, אז עס זיינען דאָ פיעלע מענשען וואָס האָבען אינ־נערע איבערצייגונגען געגען אַ געוויסע אידעע און ארבייטען דערוויילע פאר ירושה צו לאָזען זייערע קינדס קינדער)...

נאָר פּשוט ווייל עס איז געווען זעהר הייס, האָב איך מיך אויסגעטהאָן מיינע זאכען הינטער אַ גרויסען בארג צוזאמענגעלייגטע ברעטער און האָב מיך אריינגעכאַפּט אין ריווער און האָב מיך געקוויקט אין דעם מיטנעם וואַ־סער. (דאָס מיין איך אויך ניט די געוויסע „איסטען“ וואָס כאַפּען זיך אריין אין אַן ענגע פּארטיי פון געגאָסען און שווענקען זיך אין שמוץ און מיינען, אַז עס איז גאָר קיין בעסערע אידעע ניטאָ אויף דער וועלט).

פּלוצלונג האָט אָנגעהויבען געהן אַ שטאַרקער רעגען. צום באָדען זיך האָט עס מיר צוואר ניט געשאדעט, ווייל די רעגען־טראָפּענס זיינען יעדענ־פאלס געווען ריינער ווי דער ריווער, אָבער איך האָב מיך דערמאָהנט, אַז ביים ברעג דאָרט ווערען מיינע קליידער בערעגענט.

(דאָ זאָלט איהר נאָר ניט פילאָזאָפירען, אַז איך מיין, אַז ווי אָנגענעהם עס איז איין מענשען פיר זיין אייגענעם קערפּער, דאַרף ער זיך דאָך אַ מאָל דערמאָהנען אָן זיינע נעבען־מענשען), נאָר פּשוט מיינע קליידער וועלען נאַס ווערען, וועל איך ניט קענען זיי אָנטהאָן און בין באַלד ארויסגעלאָפען פון טייך צו מיינע זאכען.

אויך דאָ זאָלט איהר מיר ניט מאכען קיין פּשט׳ל, אַז איך מיין ווי מיר ליגען אָפּט אין מאנכע שמוציגע פערהעלטניס און דערוויילע פערלירען מיר די בעסטע געלעגענהייטען אים לעבען, וועלכע פערשווינדען פון אונז אויף

אייבינ נאָר דורך אונזער איינענער פערנאכלעסינונג, נאָר פּשוט מען האָט צוועקגע׳גנב׳עט מיינע קליידער און יעצט מוז איך געהן נאקעט דורך 10 סטריטען ביז אהיים.

מילא נעכטינען ביים ברעג איז דאָ אונמעגליך און נאקעטערהייד מוז מען זיך אריבערכאפּען אהיים. (אויך דאָ מיין איך ניט, אז אין דער גרעס־טער פערצווייפלונג דארף א מענש ניט פערבלייבען מוטהלאָז אין זיין לאגע, זאָנדערן ער מוז אלעס אָנווענדען וואָס לאָזט זיך זיין ציעל צו ערהייכען, ניין), נאָר איינפאך, בלייבען דאָ לענגער וועט עס ווערען טאָג און דאן איז געוויס אונמעגליך נאקעטערהייד צו געהן איבער די גאסען, און איך האָב מיך אָנגעהויבען שארען ביי די ווענט.

אָבער, אָה וועה! ווי שפּעט עס איז געוועזן אין דער נאכט, האָב איך דאָך באלד דערזעהן ארום מיר, און הינטער מיר א גרויסע מעננע מענשען, וועלכע זיינען מיר שוין נאָכגעלאָפען מיט געשרייען:

— א נאקעטער! א משוגענער! אנטלאָפען פון א אירדען־אנשטאַלט! אפּט איהם! היט זיך נאָר, ער זאָל אייך ניט א ביס טהאָן...

(דאָ פאלט מיר אויך גאָר ניט איין די פילאָזאָפיע, אז פיעלע נאכט־טרעמפּס, פינסטערלינגע פערפאָלגען זעהר אָפט איינעם, וואָס געהט זיך זיין וועג אום זיין ציעל צו ערהייכען און אָנשטאָט איהם צו העלפען, פערפאָלגען זיי איהם נאָר) אָסור! פּשוט די מאכע ארום מיר איז אלץ געוואָרען גרעסער און באלד האָב איך שוין געזעהן איינינע פּאָליסלייט צווישען זיי מיט גע־צוינגענע רעוואָלווערס.

ווי מען פלאָנט זיך אין לעבען, אָבער שטארבען וויל מען דאָך ניט. און איך בין געבליבען שטעהן.

באלד האָט מיר דער שטארקער פויסט פון א פּאָליסמאן אומקלאמערט מיין דארע האנד און מיט דער צווייטער האָט ער מיר גענלעט, שארף ארײנ־קוקענדיג אין די אויגען צו זעהן ווי ווייט איך בין משוגע.

(אָבער דאָס מיין איך געוויס ניט די מאָנאָפּאָליסטען און טראָסטס, וועלכע נעהמען אונז ארום מיט זייער קלאמערס אז זיי צוברעכען אונז די ביינער שיער, און מיט דער אנדער האנד גלעטען זיי אונז מיט גרויסע סומען אויף קירכען און טשאריטיס...), חלילה, נאָר פּשוט, ער האָט מיר נעגלעט איך זאָל איהם ניט אויסקראצען די אויגען אָדער א ביס טהאָן.

— לאָז מיך גערן, הערר פּאָליסמאַן, אַז איך האָב ביי מיר ניט קיין גנבות זעהסטו דאָך, איך בין דאָך נאַקעט, איך האָב מיר איינפאַך געבאָדען און מען האָט מיר צוגע'גנב'עט מיינע קליידער און איך בין געצוואונגען געווען וואָס שנעלער אהיים צו קומען.

(אויך דאָ קומט מיר אין זינען ניט צו מיינען, אַז מיר גיבען דעם פּאָלק אַזעלכע דייטליכע ארגומענטען פיר געוויסע אידעען און זיי קוקען אונז אָן זעהר פערדעכטיג...) חלילה! נאָר פשוט, איך בין צוזעצט געוואָרען רעדענדיג און שווערענדיג און ער האָט מיר אַלץ שטייפער געהאַלטען מיט איין האַנד און אַלץ מעהר געגלעט מיט דער אַנדער האַנד. און די מאַסע איז אַלץ גרעסער געוואַקסען ביז דער פּאַטראָל־וואָגען איז אָנגעקומען.

א יונגער דאָקטאָרעל איז ארויפגעשפּרונגען, האָט מיר א שאַרפען קוק געטהאָן אין די אויגען, — ער איז א וואַהנזיניגער! — האָט ער אויסגערופען, און באַלד בין איך געזעסען אין פּאַטראָל וואָגען.

די פּאָליציי האָט איהר פּפליכט געענדיגט און איז אוועק, און איך בין אריינגעבראַכט געוואָרען אין האָספּיטאָל.

— ער איז וואַהנזיניג! — האָט דער יונגער דאָקטאָר רעפּאָרטעט, און מען האָט מיר באַלד אריינגעלאָזט אין א צעללע.

(אָבער לייענט דאָ ניט פשט, אַז איך מיין אונטער דעם יונגען דאָקטאָר יענע קלאַסע מענשען, וואָס קויפען א טיטול מיט געלד און פערגוואַלדעווען די וויסענשאַפט, אָדער מיט דער וויסענשאַפט פערגוואַלדעווען זיי אַנדערע מענשען, זאָל מיר גאָט היטען, איך דערצעהל אייך פשוט, ווי עס איז געווען:

אין דער צעללע אריינגעהענדיג האָב איך געבעטען איינעם פון די וועכטער, ער זאָל מיר צושיקען דעם בעסטען דאָקטאָר פון האָספּיטאָל, ווייל איך בין ניט משוגע און מוז באַלד קומען אהיים צו מיין פאַמיליע; איך וועל איהם דערפאַר מאָרגען זעהר שעהן בעפרידיגען.

אין איינעגע מינוטען ארום איז ביי מיר געווען דער בעסטער דאָקטאָר, איך האָב איהם דערצעהלט די געשיכטע, האָב אונטערדעסען איהם ערקלעהרט, ווער איך בין, אַז איך בין א זשורנאַליסט, א פּאַבליק ספּיקער, אַז איך האָב געשריבען און גערעדט איבער דיעזע און יענע געגענשטענדע, דערווייל האָבען מיר זיך צופילאָזאָפירט איבער דער יודען־פראַגע, איבער ציוניזמוס, סאָציאַליזמוס א. ז. וו. ענדליך האָט מיר דער פּראָפעסאָר גע־

רייכט די האַנד און האָט מיר אַריינגעפיהרט אין איין צימער און מיר גע־געבען די נויטיגסטע קליידער אָנצוטהאָן און האָט מיך אַליין בעגלייטעט ביז מיין היים.

(אויף דיעזען לעצטען פאַקט, זאָלט איהר ניט איבערלעגען, אַז איך מיין, אַז נאָר די גרינדליכע וויסענשאַפט פון עהרליכע דענקער איז אימ־שטאַנדע אונז צו רעטען פון פאָראורטהיילע, פון ליידען און פון פיעלע שלעכטע פערהעלטניסע).

ניין, נאָר איינפאַך דערמיט ענדיג איך מיין געשיכטע, וועלכע איך האָב ליידער אין דער ווירקליכקייט דורכגעמאַכט און האָב עס פיר נויטיג געפונען צו פערעפענטליכען מיט דעם „בעוואָרענעס" איהר זאָלט ניט אַריינ־לייגען קיין פילאָזאָפיע און אַנדערע פשטים ביי מיין לעבען אָדער נאָך מיין טויט, וואָס איך האָב גאָר ניט געמיינט.

דאָס איינציגע וואָס מיר טהוט לייד איז, וואָס דיעזער אַרטיקעל איז אויף געלעגען אין דעם בוזים־פּאַקעט פון מיינע גע'גנב'עטע קליידער און איז פערפאַלען געוואָרען מיט די קליידער צוזאַמען אָהן אַ שפור.

---

## XXII.

### געפּתען די אמתה.

ווער וויים עס ניט, אַז מיט אמונה ווערט מען געבאָרען, אַז אָהן גלויי־בען אין הארצען איז דער מענש ערגער ווי אַ הונד...

אויך איך בין געבאָרען אין גלויבען, (מיין מאַמע עליה השלום האָט מיך געהאַט אין אַ יאַרמולקע) און איך האָב אויך געוואוסט, אַז מען דאַרף גלויי־בען, איך האָב מיך ערצויגען אין בית המדרש און מיין גאַנצעס לעבען איז געוועזן די אמונה...

ויהי היום, נישט איצט געדאַכט, אין קיין אידיש הויז געדאַכט, האָט מיר אַ בית המדרש בחור דערלאַנגט אַ לשון קודש ספר'ל, איך האָב עס גע־לעזען מיט שרעק און פערגעניגען צוזאַמען, איך האָב דאָס געענדיגט האָב איך בעקומען נאָך איינעם און נאָך איינעם, באַלד האָב איך בעקומען די

לוסט צו לערנען, א חוץ לשון קודש, די רוסישע שפּראַך אויך און טאַקע אין א קורצע צייט די דייטשע אויך, א ביסעל רעבענען אויך און וואָס מעהר איך האָב מיך פערטיעפט אין די ביכער, איז אלץ מיין וויסען גרעסער גע־וואָרען און דער עולם האָט מיך אָנגעהויבען צו רופען: חקרן, פילוסוף און באלד אויך אפּיקורס.

דאָס ערשטע מאָהל, וואָס איך האָב דערהערט, אז מען רופט מיך אפּיקורס, בין איך געוואָרען א דערציטערטער און ווען איך האָב שטילער־הייד א קלעהר געטהאָן מיט זיך אליין וואו איך האלט אין דער וועלט, האָב איך צו מיין גרויסען שרעק א קוק געטהאָן, איך בין פערלאָרען: מיין קאָפּ איז טאַקע געוואָרען פול, אָבער מיין הארץ איז געוואָרען פוסט, קאַפּוט די גאַנצע אמונה.

אָה, גאָט! וואו איז מיין גלויבען? ניטאָ, פערשוואונדען! און וואָס פאר א ווערטה האָט א מענש אָהן אמונה, א הונט, א שווין איז אויך פיעל בעסער...

אָבער ניין, איך מוז זי ווידער זוכען און צוריק געפינען, עס זאָל מיר מיין לעבען קאָסטען, און דאוויי דראַט, באלד צום רבי'ן.

— טהייערער צדיק! העלפט איין אונגליקליכען! די מכשפה, די ביל־דונג האָט מיר בערויבט די אמונה, איך וויל זי צוריק, וואו זאָל איך זי געפינען?

— טהו תשובה, מיין קינד: פאַסט תעניתים, זאָג תהלים, זאָג תחינות, מעמדות, זוף זוהר, פּלאָג דיין גוף... און דו וועסט געפינען די אמונה.

איך בין געזעסען מיט'ן היילען אין מוראזשניק, אין קאלטע פּאַלאָנקעס, איך פלעג פערגיסען טייכען טרעהרען ביי יעדער דאווגען, ניט געגעסען, ניט געטרונקען, איך בין געוואָרען ווי א סקעלעט דאר און קוואר... אומזיסט ניטאָ די אמונה און ווייטער צום רבי'ן.

— היילינער צדיק! איך האָב געטהאָן מעהר ווי איהר האָט געהייסען, אָבער אומזיסט, אָנשטאָט דער היילינער אמונה דרעהט זיך אלץ די קליפּה, די חקירה, אין מיטען מוראזשניק באַמבעלט זיך מיר אלץ וואָס איז גאָט, ווער האָט געשריבען די תורה... אָה רבי! וואו זאָל איך צוריק געפינען די אמונה?

— ווען תשובה און תפלה האָט דיר ניט געהאָלפען, מוז דיר צדקה העל־פען, גיב צדקה און דו וועסט זי געפינען.

מיט׳ן רבי׳ס בטחון בין איך מיט א שווער הארץ געקומען אהיים, איך האָב פערקויפט דאָס לעצטע זאַגאר דאָס הייזקע, וואָס איז מיר געבליבען ירושה און האָב די עטליכע גראָשען געטהיילט צו אַלע אונגליקליכע און לייי־דענדע, איך האָב דערביי געהאט גרויס פרייד, אָבער ביי יעדען האָט זיך מיר אַלץ געבאָמבעלט די פראגע: וואו איז דער גרויסער משגיח, וואָס העלפט ער זיי אַליין ניט? ווארום ווארט ער אויף מיינע עטליכע אָרימע גראָשען? און זאָ האָב איך צוטהיילט ביז אין לעצטען סענט מיט מיינע נויטיגסטע זאכען און... און ניטאָ די אמונה! פערשוואונדען ווי אין דער ערד אריין, און ווייטער צום רבי׳ן.

געוואלד, רבי, איך געפין זי ניט, איך וויל בעסער שטארבען, איידער לעבען ווי א בהמה אָהן אמונה.

— זיי זיך ניט מיאש, מיין קינד, ווען תשובה תפלה וצדקה העלפט ניט, מוז לכל הדעות תורה העלפען, לערען מיין זון, לערען א סך גמרא, פוסקים, שאלות ותשובות און מוסר ספרים, דו מוזט געפינען די אמונה.

א רבי׳ן מוז מען פאָלגען, דאָס ווייס איך נאָך פון חדר און איך האָב מיר גענומען צו דער תורה, געלערנט טאָג און נאכט און א פּאָר שעה פאר־טאָג און ביידע בין השמשות׳ן אויך, איך האָב שוין אויסגעזעהן ווי א גרוגרת דר׳ צדוק, הויט און ביינער און א פולען בויך מיט תורה, אָבער דאָס הארץ, די אמונה, ניטאָ! ניטאָ!

וואָס מעהר איך האָב געלערענט, אַלץ מעהר ווידערשפּריכע, אַלץ מעהר קשיות און אַלץ וועניגער תירוצים, און ווייטער צום צדיק.

— אָה, געטליכער צדיק, איך האָב שוין א פולען בויך מיט לומדות, אָבער אַלץ א ליידיג הארץ פון אמונה, איך קען זי ניט געפינען.

דער רבי האָט פערגלאָצט די אויגען, זיך פערטיעפט אין מורא׳דיגע התפשטות, איך האָב געזעהן, אז ער קעמפּפט מיט די פמליא של מעלה... אָבער ענדליך איז ער אראָפּ צוריק און געזאָגט:

— געה מיין קינד אהיים, רוה דיך איצטער אויס, אין א קורצע צייט „מוזטו“ געפינען די אמונה.

דאָס וואָרט „מוזטו“ האָט מיך געטרייסט, און איך בין אוועק אהיים מיט בטחון אפילו, אָבער אָלץ אָהן אמונה.

שפּעטער מיט עטליכע וואָכען עפענט זיך פּלוצלונג ביי מיר די טהיר און עס קומען צו מיר אריין די שבעה טובי העיר, די פּרימסטע נגידים פון דער שטאָדט, און האָבען מיט גרויס דרך ארץ אנידערגעלעגט א „כתב רבנות“ אויפ׳ן טיש.

איך בין געוואָרען רויט און בלאַס און ווייטער רויט און בלאַס און האָב ענדליך אויסגערופען מיט א ציטערנדע שטימע:

— איך א רב אין שטאָדט, וואָס הייסט, איהר לאַכט פון מיר, סטייטש איך האָב דאָך גאָר קיין סמיכה ניט אויף רבנות!

— זאָרגט זיך ניט, רבי — האָט דער פּרנס חודש געענטפערט — הלואי וואָלטען אַלע רבנים געהאַט אזעלכע סמיכות ווי איהר, דער רבי זאָגט, אז קיין רב אין דער גאַנצער סביבה קען ניט אזוי פיעל לערנען ווי איהר, און דעם רבי׳נס סמיכה איז בעסער פון 20 רבנים.

שפּעטער מיט א קורצע צייט האָב איך געוואָהנט אין א שעהנער דירה, מיט זעהר שעהנע כלי בית און מטלטלין, ליכטיג, וואַרעם און פרעהליך, די פיינסטע בעלי בתים פון שטאָדט זיינען געוואָרען מיינע אָפטע בעזוכער, איך האָב בעקומען יעדע וואָך מיינע שכירות און א חוץ נאָך פיעלע הכנסות, די קאָראָבקע האָט איינגעבראַכט א היבשע סומע, קבלה אויף שחיטה, חתונות, ברית׳ן און גט׳ן נאָך מעהר, מתנות פון בעלי בתים און א ביסעל עסקא פון מזומן־געלד נאָך מעהר, און אזוי איז באַלד די קליפּה פערשוואונ־דען, און איך האָב זי געפונען, זי, די טהייערע אמונה.

# עלפטע סעריע.

## I.

# די ביאָגראַפיע פון א דאָלאַר

**דער דאָללאר אַליין דערצעהלט זיין ביאָגראַפיע און אַלעס וואָס ער האָט געזעהן און געהערט איבעראַל וואו ער איז געוועזן.**

ליעבע לעזער! איך קום הייטע פאַר אייך צו דערצעהלען אַלעס וואָס איך האָב געזעהן און געהערט און דורכגעמאַכט אין מיין טרויעריגעס לעבען, און איהר מעגט זיך אָראָבנעהמען אַ מוסר השכל פון מיר, ווי פון אַלע אייערע מגידים און מוסר־זאָגער, ווייל איך בין אַ גלייכער מיוחס מיט אייך מענשען: די ערד איז מיין מוטער, ווי אייערע, ווייל יסודו מעפר, מיין פאָטער איז גאָט, אַזוי ווי איהר זאָגט עס נאָר לפנים, אַזוי האָב איך דעם „אין גאָד ווי טראָסט" אויף מיין פנים און אין געוויסע בעציהונגען האַלט איך מיר נאָך העכער פון אייך, מענשען, ווייל איהר זינדיגט אַליין און מאַכט אַנדערע זינ־דיגען און איך מאַך נאָר אַנדערע זינדיגען און אַליין בין איך הייליג ווי אַ מלאך, נאָך מעהר, ווי אַ גאָט, איך עס ניט און טרינק ניט, איך גרינד ניט קיין סאָסייעטים און גיב ניט אַכטונג אויף כשרות און זאָ ווייטער, און איהר מענשען פערגעטערט מיך טאַקע, איהר האַלט מיך פאַר אַ גאָט איבער אַלע געטער און דינט צו מיר דאָס גאַנצע לעבען, אָבער ניט דערפאַר, וואָס איך זינדיג ניט, נאָר דערפאַר, וואָס דורך מיר האָט איהר אַ מיטעל יאָ צו זינ־דיגען, און איהר זינדיגט אויף וואָס די וועלט שטעהט און איך דאָללאַר, אייער גאָט, זעה אַלעס און דער אַלעס און ווייס אַלעס וואָס אין אייערע חדרי חדרים טהוט זיך, וואָס אין אייערע הערצער טהוט זיך און איך בין שוין אַזוי פול מיט עגמת נפש, אַז איך ווער אָקאָרשט ניט צושפרונגען און דאָס צווינגט מיך איך זאָל ענדליך אייערע בייזע מעשים פאַר דער וועלט דערצעהלען, טאָמער וועט מיר גרינגער ווערען.

איך בין געבאָרען געוואָרען אין קאַליפאָרניע אין ...18. מיין מוטער ערד איז געווען אַ מקשה לילד, זי האָט געהאַט אַ שווערע געבורט מיט מיר, ווייל טויזענדער באָבעס מיט הייבאַמען, דפּילאָמירטע און סתם מומחה'טעס, זיינען איהר בעפּאַלען פון אַלע זייטען מיט העק, מען האָט איהר צושניטען דעם בויך און צוריסען מיט דינאַמיט ביז מען האָט מיך, דעם אבן טוב, פון איהר איינגעווייד אַרויסגענומען.

און ווי בעוואוסטלאָז איך בין נאָך דאַמאָלס געווען, געדענק איך דאָך, ווי די אַקושערקעס, וועלכע האָבען אויפגעאָפּפּערט זייער לעבען אום מיך אויף דער וועלט צו ברייננגען, האָבען ליידער דאָס גליק ניט געהאַט מיך צו ערציהען, ווייל אַנדערע, שטאַרקערע פון זיי, זיינען אויף זיי בעפאַלען און האָבען מיך אויסגענאַרט און אין די ווינדעלאַך געבראַכט אין פילאַדעלפיא.

דאָרט האָט מען מיר באַלד געבראַכט אַ הייסע באָד. מען האָט מיר אָרומגערייניגט פון אַלע אונריינע עלעמענטען און איך בין געוואָרען ווייס און ריין „ווי זילבער", מען האָט מיך געקראַצט, געשאָבען און געגלעט, מע־נער און פרויען האָבען מיך געגעבען איינער צום אַנדערען, ווי ביי אייך מענשען ביים קוואַטערשאַפט, און טאַקע פון דעם טאָג אין וועלכען איך רעכען אַלס מיין ברית, האָב איך אָנגעהויבען צייהלען מיינע יאָהרען, ווייל זאָ ציינגט די קמיע אויף ביידע זייטען פון מיין קערפּער, און פון דעם טאָג אָן האָב איך אָנגעהויבען פיהלען און נאָכדענקען איבער אַלעס וואָס אַרום מיר טהוט זיך און פון דעם טאָג אָן וויל איך אָנהויבען דערצעהלען מיין ביאָגראַפיע.

דער לעצטער, וואָס האָט מיך אַרויסגענומען פון מולטער און האָט מיך איינגעוויקעלט אַריינצולעגען אין פינסטערען ווינעלע, האָט מיך עטליכע מאָל איבערגעדרעהט אין זיינע הענד און האָט אַ זעהר שוואַכען זיפץ געטהון:

אַך, ווען איך זאָל האָבען אַזעלכע אַ 50 שטיק, ווי גליקליך וואָלט איך געווען; איך וואָלט באַלד מיין קראַנקען זון אָבגעשיקט קיין קאַלאָראַדאָ אום דאָרט געזונד צו ווערען, ווי דער דאָקטאָר בעהויפּטעט. אָה, מיין גוטער זוהן, ווען ער זאָל זיין געזונד, וואָלט איך דאָך פערשפּאָרט זאָ שווער צו אַרבייטען אויף דער עלטער, — אָבער, ליידער, איך קען עס ניט נעהמען כאָטש דאָ זיינען דאָ טויזענדער אַזעלכע, ווען דאָס זאָל זיין קלענערע, נאָל־דערנע וואָלט איך עס אַראָפּגעשלונגען, מען זאָל עס ביי מיר ניט געפינען

ביים ארויסגעהן — אָבער וואָס זאָג איך? האָט דען דזשאהן, וואָס האָט אזוי געטהאָן, ניט געהאט א קרימינאַל פּראָצעס; מען האָט איהם אָבגע־וואוינען ביים ארויסגעהן פון דער „מינט“, ער איז געווען מיט א קליינינ־קייט שווערער, מען האָט איהם ארעסטירט און ענדליך איז די גנבה ארוים, און ער זיצט נאָך יעצט איינגעשפּארט.

„אין גאד ווי טראָסט“! — האָט דער אַלטער א זאָג געטהאָן — גאָט איז דער איינציגער, וואָס קען מיין עלענד העלפען — און האָט מיך א וואָרף געטהון אין מיין פינסטער וויגעלע צווישען פּיעלע פון מיינע ברידער און איך בין איינגעשלאָפען.

ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָהל געעפענט מיינע אויגען, האָב איך מיך געפונען אין א גרויסען אָפּפיס, וואו מען צאָהלט אויס אלע פענסיאָ־נירטע סאָלדזשערס פון דער ציוויל וואָר. איין אונגעהייערע מענגע אלטע לייט זיינען געשטאַנען אין דער רייהע, אונטער זיי זיינען געווען פערקריי־פּעלטע: אָהן אַן אויג, אָהן א פוס, אָהן א האנד, אָבער די מייסטע זיינען געווען נאָך צימליך געזונד, פעטע און רויטע מענער, און יעדען נאָך דער רייהע נאָך האָט מען געגעבען אייניגע פון מיינע ברידער מאנכע אין א שטי־קעל פּאַפּיער איינגעראָלט און מאנכע אין לייווענדענע זעקלאָך.

דאָ איז מיר באַלד קשה געוואָרען:

רבש"ע! מילא די פערקריפּעלטע קומט זיי, ווייל זיי זיינען אונפעהיג צו ארבייטען, זיי האָבען פאר דעם פּאָטערלאַנד אויפגעאָפּפערט זייערע גליע־דער און דאָס פּאָטערלאַנד איז פערפּפליכטעט זיי צו ערהאַלטען, אָבער דיעזע געזונטע קערלען שיינען צו זיין זעהר רייך און גוט אָב, פאר וואָס קומט זיי?

זיי האָבען געקעמפּפט אלס געגעראַלען, אָפּיצירען און זאָנסטיגע פּיהר־רער, האָבען זיי דאָך דאָס געטהאָן בלויז אוים פּאַטריאָטיזמוס, אוים ליעבע צום פּאָטערלאַנד, ווארום זאָל מען יעצט זיי דארפען געבען גרויסע סומען? ביים פּאָלק צו נעהמען פערשיעדענע שטייערען אום זיי צו צאָהלען פאר׳ן פּאַטריאָטיזמוס?

אָבער בעפאָר איך האָב געקענט די אנטוואָרט בעקומען, האָט מען מיך אריינגעצעהלט אין א לייווענדענעם זעקעל מיט נאָך מעהרערע פון מיינע ברידער, מען האָט אונז פעסט פערבונדען און א הויכער מאן מיט א סטאָוו פּייפּ אויפ׳ן קאָפּ האָט אונז א כאַפּ געטהאָן אונטער׳ן אָרים און ארויסגע־

טראָגען אויפ'ן סטריט און אריינגעוואָרפען אין קערידזש, וואָס האָט אין דרויסען אויף איהם געוואַרט.

II.

## דער פילאָזאָפישער גנב.

דער מאן אין סטאָוו פייפ, וועלכער האָט מיך ארויסגעטראָגען פון אויס־צאָהל־אמט אין קעררידזש אריין, איז ניט געווען דער אייגענטהימער פון מיר. אין קעררעדזש איז געזעסען איין אנדער מאן וואָס האָט מיך צוגע־נומען פון זיין האנד און האָט מיך בעהאלטען אין זיין שויס ביז ער איז צוגעפאָהרען צו זיין הויז, א פרעכטיג שעהנער פאלאסט אין דער שעהנסטער גאס פון דער שטאָדט.

דאָרט האָט ער באלד געעפענט דעם זעקעל און האָט מיך מיט נאָך פיעלע פון מיינע שוועסטער אריינגעוואָרפען אין א טיש־קעסטעל פון א גרינעם טיש און פערשלאָסען און די איבעריגע האָט ער אריינגעליינט אין זיין קאסא־קאסטען.

שפעטער מיט א קליינע צייט זיינען אלע צימערען העלל בעלייכטעט גע־וואָרען און מעהרערע העררען און דאמען זיינען אָנגעקומען, מוזיק האָט אָנ־געפאנגען שפיעלען, אלע געסט האָבען געטרונקען טהייערע שאמפאניער און וועהרענד מעהרערע יונגע הערען און דאמען זיינען ארויס אין פארלאָר טאנצען און זינגען, האָט דער הויז־הער, מיין איצטיגער בעל־הבית, זיך אנידערגעזעצט מיט עטליכע הערען ארום דעם טיש, וואו איך בין געלעגען און מען האָט אָנגעפאנגען צו שפיעלען אין קאָרטען.

מיין ווירטה איז געווען זעהר אן אלטער מאן מיט א פליכעוואטען קאָפּ און מיט א רויטע נאָז און דאָך איז הינטער איהם געשטאנען איין בליהענד שעהנע דאמע, וועלכע האָט אריבערגעקוקט אין די קאָרטען פון די אנדערע שפיעלער און פון צייט צו צייט איהם אין אויער עטוואָס געמור־מעלט אָדער געווינקט, אָדער בעריהרט מיט די פינגער און זאָ איז די שפיעל געגאנגען פאָרווערטס.

איך בין באלד ארויפגעשלעפט געוואָרען אויפ'ן טיש מיט נאָך פיעלע פון מיינע קאמעראדען און ווי עס שיינט בין איך דעם אלטען גאנץ גליקליך געוועזן, ווייל יעדעס מאָהל וואָס איין אנדערער האָט מיך צוגענומען, בין

איך מיט 20, 30 און פופציג מיינעם גלייכען באַלד צו איהם צוריקגעקומען.

גרויסע הויפענס פון גאָלד, זילבער און פּאַפּיער דאָללארס האָבען מיך באַלד צוריק בעגלייט אין קאַסא קאַסטען און דער אַלטער האָט מיט טריאומ־פירענדען גליק ארויסבעגלייט זיינע אָבגעבערענטע געסט פון זיין הויז, און ער אַליין איז אַוועק מיט זיין דאַמע אין אַ זייטען צימער, וואהרשיינליך שלאָפען.

קיין שטונדע איז אַוועק און איך הער ווי מען ברעכט מיין אייזערנע וואָהנונג און פּלוצלונג איז די טהיר פון קאַסע קאַסטען אויפגעבראָכען גע־וואָרען און איין עלעגאַנט געקליידעטער יונגער מאַן האָט אָנגעפאַנגען צו שטעקען מיינע שוועסטער אין די פּאַקעטס און אין זיינעם אַ סעטשעל מיט וועלכע ער האָט מיך אויך מיטגענומען.

דער יונגער מאַן איז דערמיט נאָך ניט צופריעדען געוועזן און האָט בע־זוכט אַלע ביוראָס און טיש־קעסטלעך און האָט גענומען, וואָס ער האָט נאָר געפונען פאַר נויטהיג, אָבער אין דער ווייַלע האָט ער איבערגעקעהרט אַ פּאָר טשערס און דאָס האָט וואהרשיינליך אויפגעוועקט דעם אַלטען, וועלכער איז באַלד ערשיענען אין נאַכט־קאָסטיום אויף דער טהיר.

— וואָס איז דאָס ? — האָט ער ערשראָקען געפרעגט.

— זייט נאָר רוהיג — האָט דער גאַלאַנטער יונגער מאַן זיך צו איהם גאַנץ העפליך פערנייגענד געזאָגט, — עס איז ניט שווער פאַר אייך דיעזע סיטואַציאָן צו בעגרייפען, אָבער איהר האָט ניט נויטיג אויפצואוועקען אייערע הויז־לייט, ווייל אייך דראָהט דאָך קיין געפאַהר.

— קיין געפאַהר ! — האָט דער אַלטער בעמערקט, — ווען מען טרעפט איין איינברעכער נאָך האַלבע נאַכט אין מיין וואָהנונג, ווי ווייט איז פון איינברעכען ביז ערמאָרדען ?

— מאָרדען ! ווארום זאָל איך עס טהון ? ווילט איהר דען מיך ער־מאָרדען ?

— אָבער ווער זיינט איהר איינענטליך ?

— עס טהוט מיר זעהר לייד, מיין הערר, איהר זיינט פאָלקאָמען בע־רעכטיגט איין אונגעבעטענעם גאַסט אין זאָ איין שפּעטערע נאַכט־שטונדע צו קענען, און צו וויסען ווער ער איז, אָבער שוינען זי איהר געזונדהייט, איהר זיינט האַלב־נאַקעט און קענט זיך לייכט פערקהילען.

דער ווירטה איז געוואָרען פערבליפט. איין זעהר עלעגאַנטער הערר, מאַגנאַטיש געקליידעט, ער שיינט איהם זאָגאר בעקאַנט, ער וויל זיך נאָר עראינערען איהם אין גרויסע קלאָבס אָדער האָטעלס געזעהן צו האָבען, און דאָ שטעהט ער זיך יעצט זאָ רוהיג אַלס איינברעכער און דאָך זאָ העפליך און זאָגאר פריינדליך און אָנשטאָט שרעק, האָט ער יעצט נאָר געפיהלט נייגירדע און ענדליך האָט ער איהם געזאָגט מיט א שטעכענדען טאָן:

— זי זינד זעהר העפליך, זי פירכטען איך זאָל מיך ניט פערקיהלען, דאָך האָבען זי אָהן ריקזיכט נעמאַכט אזא גערויש מיך פון שלאָף אויפצו־שרעקען?

— עס טהוט מיר זעהר לייד! אָבער דאָס איז ניט מיין שולד, איך טהו געוועהנליך מיין ארבייט גאַנץ שטיל, אָבער אייער מעבעל איז ווי הייג־טיגע מענשען, דוכט זיך זיי שטעהען זעהר גוט און דאָך נאָר א ריהר, און זיי קעהרען זיך איבער.

— איך מיין איהר זיינט זעהר איין ראפינירטער גנב און ווילט איך זאָל געהן עטוואָס אָנטהאָן, אום איהר זאָלט קענען אנטלויפען.

— אָה, ביטע, מיין הערר, ווי פאַלט איהנען דאָס איין, אנטלויפען האָב איך געקענט, ווען איך האָב נאָר געהערט אייך עפענען די טהיר, ווייל ווי איהר זעהט איז מיין סעטשעל שוין פול געווען און אנטלויפען קען איך אויך יעצט, ווייל איהר זייט ניט אימשטאנד מיך צוריקצוהאַלטען, אָבער גאַנץ ווי איך בעהויפטע, אויב איהר זיינט וויליג מיט מיר צו ריידען א פּאָאַר ווערטער, טהוט עטוואָס אָן אויף זיך און עס וועט מיך זעהר פרעהען מיט איהנען איין וועניג צו פּלוידערען.

א מערקווירדיגעס געפיהל האָט דעם אַלטען איבערצייגט, אז ער מעג דעם אונגעבעטענעם גאַסט גלויבען און אין א פּאָאַר מינוטען איז ער צוריק־געקומען אין א מאָרגען כאַלאַט און געטראָפען ווי דער יונגער מאַן איז בעשעפטיגט אויפצוהויבען די אומגעפאַלענע מעבעל.

— ניט נויטיג, מיין הערר — האָט יעצט דער אַלטער געזאָגט — דאָס וועלען אין דער פריה מיינע דיענער טהאָן, זי זינד מיר איין מערקווירדיגע ערשיינונג, זאָ גוט געקליידעט, זאָ גאַלאַנט, און שיינען אויך איין העכערע ערציהונג צו האבען און דאָך זייט איהר א גנב.

—וואָס געפינען זיי דאָ אין ווידערשפּרוך? — האָט יעצט דער יונגער

מאַן נעזאַגט אויף איין ראָקינג טשעהר פּלאַץ נעהמענדיג — אין פריהערינע צייטען, ווען די גנבים זיינען געווען רויע קערלען, געקליידעט אין לומפּען, האָבען זיי דיעזע פּראָפעסיאָן געמאַכט צו שאַנדע, ווי עס איז אויך געווען א שאַנדע א שניידער, א שוכטער, אָדער יעדער ארבייטער, אָבער דער פּאָרטשריט דער צייט פערפיינערט אַלעס, דער שניידער, ווען ער ווערט נאָר איין בעסער ערצויגענער מענש, מאַכט אַן עהרע זיין פאַך, און זאָ איז אויך דער גנב.

— אָבער איין גנב זיין?

— איך פערשטעה איבערהויפּט ניט, מיין הערר, וואָס איהר וואונדערט זיך אזוי?

— וואָס הייסט? איין געבילדעטער מאַן, אין פאָלער יוגענד קראַפט.

— אַך, מיין פריינד, אומגעקעהרט, אין דער יוגענד און מיט א גוטען גראַד פון בילדונג איז דאָך יאָ די בעסטע צייט די ריכטיגע קאַריערע צו וועהלען.

— דאָס רופען זי קאַריערע, צו זיין א גנב?

— וועלכע קאַריערע איז דען היינט בעסער? ווער איז היינט ניט קיין גנב? אַלע שטרעבען היינט נור איבערצוליפערען יענעמס געלד צו זיך אין פאַקעט און ווענדען אָן אַלע מיטלען דערצו; איך אַליין האָב פיעלעס דורכגעמאַכט, דורך מיניסטער „נ.“ בין איך אריין אין פּאָליטיק, נון מיין הערר, דאָס ווייסט איהר, ווי איך פלעג געבען שלעכטע פלייש דער ארמעע, פערקויפען דאָס וואַסער פון שטאָדט א. ז. וו.. דאָס איז אַלעס ריין גנבה.

— איך האָב מיך געוואָרפען אין דער בערזע מיט גרויסע סומען, קיינער וועט ניט בעהויפּטען, אַז דאָס איז ניט גנבה.

— איך האָב שוין געהאַט א ריכטער שטעלע, און דעריבער פרעגען זי מיינע קלערקס.

— איך בין געווען א גרויסער פאַבריקאַנט אין פערבינדונג מיט א פּאָרנעהמע טראָסט קאָמפּאַניע, נון, גניבה איז יאָ דער ערשטער פּלאַן.

—איך בין אויך געווען פּובלישער פון איין פּאָרנעהמע צייטונג, דאָס מיין הערר צווייפעלט איהר דאָך געוויס ניט, וויפיעל גניבה איך האָב געמוזט ברויכען.

מיט איין וואָרט, אין א וועלט פון פרייער קאָנקורענץ איז פּאָרט

ניטאָ איין ברענטש פון עקזיסטענץ, וואָס זאָל ניט זיין פול גניבה, זאָגאר די אידעאַליסטען, מאָראַליסטען און טשאַריטי פאַרשטעהער געהט אין זייערע רייהען, ווי איך, וועט איהר געוויס דאָס זעלבע בעהויפּטען, אָבער אַלס גוט ערצויגענער מאַן און אַלס עהרליכער כאַראַקטער, האָבען מיך די אַלע קאַריע־רען אָבגעעקעלט, ווייל אויסער די גניבה האָב איך נאָך געמוזט זיין איין היפּאָקריט און אימער שיינען עטוואָס אַנדערש, אַלס איך בין, און האָב ענדליך פאַרגעצויגען אום איין עהרליכער מאַן צו זיין צו ווערען איין גנב דירעקט, אָהן היפּאָקריסי, נור ווי עס פּאַסט פיר איין עהרליך פאַרטנע־שריטענעם מענשען.

— און איך בין מיט מיין נייער קאַריערע זעהר צופריעדען, דער צוועק איז דאָך נאָר יענעמ׳ס געלד צוצונעהמען, אום מיינע בעדירפניסע צו דעקען און דאָס געלינגט מיר פאַלשטענדיג אָהנע מיט מיין געוויסען אין ווידער־שפּרוך צו קומען.

דער אַלטער איז געזעסען ווי געלעהמט, ער האָט געוואָלט נאָך איינ־ווענדונגען מאַכען, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער אַליין פערברענגט זיינע לעצטע יאָהרען אין קאָרטען שפּיעלען און זיין ליידי העלפט איהם בע־שווינדלען די געסט און אַז מעהרערע פאַמיליע פאָטער האָבען זייערע פערמע־גענס ביי איהם איבערגעלאָזט, וואָס האָט זיי געטריבען צו אַרמוטה, פער־צווייפלונג און זאָגאר זעלבסמאָרד און ער אַליין איז אַ פיעל געמיינערער גנב פון דעם עלעגאַנטען יונגען מאַן דאָ, איז ער געבליבען זיצען אין טיעפען נאָכדענקע או האָט גאָר ניט בעמערקט ווי דער יונגער מאַן האָט אויסגע־ליידיגט זיין סעטשעל צוריק און מיט אַ לעדיגען סעטשעל זיך געלאָזט געהן און ערשט ווען דער יונגער מאַן האָט איהם גערייכט די האַנד צום אָוועקגעהן, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טרוים:

— וואָס, און זי געהען שוין?

— יאָ, מיין העלל, עס ווערט ליכטיג און זי זעהען איך געה אין פראַס, ווייל איך בין אהער געגאַנגען גלייך פון דעם גאָווערנער׳ס באָלל, אין פאַלל דרעס וועט עס מיר אונבעקוועם זיין צו געהן איבער די סטריטען.

— נון אַלעס גע׳גנב׳עטע לאָזט איהר איבער?

— ווען זי זעהען דאָס, איז דאָס מעהר קיין גניבה נאָר רויב און פיר רויב בין איך נאָך צו עהרליך.

— אבער אום גאטעס ווילען, נעהמען זיי אלעס, וואס זיי האבען שוין געהאט אין האנד, זיי האבען געארבייט שווערער אלס איך, און נאך מיט שרעקען, עס געהערט איהנען בעסער אלס מיר, נעהמען זי נאר קיינע ראקומענטען און בעזוכען זי מיך אין א בעקוועמערע צייט, עס וועט מיך זעהר פרעהען אייך ווידער צו זעהן, — האט דער אלטער געזאגט האלב אין קאנוואולסיאן. אבער דער יונגער מאן האט זיינע רייד ניט אויסגעהערט און איז אוועק מיט'ן ליידיגען סעטשעל אהיים, נאר איך מיט נאך עטליכע פון מיינע קאמעראדען זיינען פערבליבען נעגען זיין וויסען אין איינעם פון זיינע פאקעטס און איך האב איבערגעוואנדערט צו איין נייעם בעזיצער.

III.

## די עלענדע אלמנה.

ווי לאנג מיין נייער בעזיצער, דער עהרליכער גנב, האט מיך ארומ־טראגען ביי זיך אין פאקעט, קען איך ניט גענוי געדענקען, אבער ווען ער האט מיך צום ערשטען מאל ארויסגענומען פון זיין פאקעט, האב איך מיך געפונען מיט נאך פיער פון מיינע זילבערנע ברידער אין די הענד פון א זעהר ארעמער פרוי.

זי האט אונז געטראגען באלד צוריק צו דעם געבער, אבער ער האט עס ניט גענומען, ער האט איהר נאר געזאגט:

— געדענק־זשע ליזע, ווארף ארוים די צוויי קישענס מיט דער קאלדרע אויף וועלכע דאס געשטארבענע קינד איז געלעגען, ווייל דאס איז אן אנשטעקענדע קראנקהייט און דיינע דריי קינדערלעך קענען נאך קראנק ווערען.

און מיט א טרויעריגען „זיי געזונד" האט ער זי פערלאזען.

די פרוי האט אונז א ווארף געטהאן אויף'ן טיש און האט אויסגעבראכען אין א ביטערען געוויין, וועלכען אלע דריי קינדערלעך האבען באלד אין קאהר בעגלייטעט.

ליגענדיג אויף'ן טיש האָב איך צייט געהאַט צו בעטראַכטען אַלעס וואָס אַרום מיר.

דער רום אין וועלכען איך האָב מיך יעצט געפונען, איז געווען גראַד דאָס געגענטהייל פון דעם רום וועלכען איך האָב געזעהן ביי מיין ערשטען בעזיצער, דעם פענסיאָנירטען אַלטען. דיעזער רום איז געווען עטוואָס עהנ־ליך צו דער ערד היהל פון וועלכען מען האָט מיך אויף דער וועלט געבראַכט. עס איז געווען אַ פינסטערער, נאַסער, קאַלטער בייסמענט פון אַן אַלטעם טענעמענט הויז.

די ווענד נאַקעט און גליטשיג, צוויי קליינע פענסטער מיט אַ טהיר צו דער פראָנט זייט, גאַנץ הויך לעבען סילינג, האָבען געצייגט, אַז דער גאַנצער קעלער איז אין דר'ערד.

אַ צובראָכענער קוילען סטאָוו, אַן אַלטער טיש מיט אַ צוויי טשערס, אַ האַלב לײדיגע שמוציגע בעט מיט אַ קאַסטען האָבען געבילדעט די גאַנצע פאָרניטשור פון דיעזען בייסמענט.

אויף דעם קאַסטען וועלכער איז געשטאַנען לעבען דעם קאַלטען אויווען זיינען געזעסען אַלע דריי קינדערלעך איינגעטוליעט איינער צום אַנדערען. זיי זיינען געווען האַלב נאַקעט, פערפרוירען און הונגעריג, זייערע געזיכטער זיינען געווען גרין און געל, אַז עס האָט געקענט ביי אַ טיראַן אַרויסרייסען מיטלייד־טרעהרען זיי אָנצוקוקען. אָבער דערצו זיינען זיי געווען אַזוי שמוציג און פערנאַכלעסיגט, אַז דער געפיהל פון עקעל האָט נאָך איבערגעשטיגען דעם געפיהל פון רחמנות.

די אונגליקליכע מוטער, שיינט איז אַמאָל זעהר, זעהר שעהן געווען, אָבער נויט און עלענד האָט זי אַזוי פערצעהרט. רען באַלד האָט זי אָנגעפאַנגען נאָך העכער צו וויינען און איהר טרויער געוויין צו בעגלייטען מיט ווערטער:

— 5 דאָלאַר האָט ער מיר איבערגעלאָזט דער גוטער לעאָן, ער האָט מיך נאָך ניט פערגעסען, זיין ברענענדע ליעבע פון אַמאָל איז נאָך נים פער־לאָשען געוואָרען, אָבער וואו איז ער אימשטאַנד מיך יעצט שוין ליעב צו האָבען, נאָכדעם ווי איך האָב אָבגעלעבט 8 חושך'דיגע יאָהר מיט אַ קראַנקען מאַן, וועלכער האָט מיך ענדליך איבערגעלאָזט מיט קליינע קינדער און עלענד אַרבייטען ביי פרעמדע וועש וואַשען און אַלס הויזקיפּערין דיעזע

חושך׳דינע טענעמענט הויז צו אַטענדען. אַה ניין, די 5 דאָלאַר האָט ער מיר צוגעוואָרפען אוים מיטלייד...

— מאַמאַ! — האָט יעצט דאָס קלענסטע קינד פון אַ יאָהר צוויי מיט אַ שוואַכער שטימע געוויינט.

— גיב מיר עפּעס עסען!

— מיר אויך! האָט דאָס צווייטע און אויך די דריטע צוגעברומט.

די פרוי האָט אַ קוק געטהאָן אויף די 5 צואַוואָרפענע דאָלארס אויפ׳ן טיש און האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון טרוים.

— יעס, מיינע אונגליקליכע קינדערלעך, באַלד קריגט איהר עסען, דער דזשענטעלמאַן האָט אונז געגעבען אַ סך געלד — און נעהמענדיג אויף די פּלייצעס אַן אַלטען דזשעקעט האָט זי זיך געלאָזט ארויסגעהן פון דער טהיר, אָבער דאָ זיינען אריינגעפאַלען די גבאים פון דער חברה קדישא.

דאָס האָט די אונגליקליכע עראינערט אָן איהר 8 יעהריגעס טויטע קינד וואָס ליגט נאָך אין בעט אריבערגעדעקט. זי האָט זיך געשעהמט ווי אַ פערברעכערין, אַז זי האָט פיליכט אַ האַלבע שטונדע כסדר כמעט אין גאַנצען פערגעסען איהר גרויסעס אונגליק וואָס האָט איהר היינט געטראָפען. איהר מינקי איז געשטאָרבען פון סקאַרלעט פיוועה, זי איז אומגעלאָפען צו פּיעלע בעקאַנטע פרעגען אַן עצה, ווי מען קען דאָס קינד אומזיסט בעערדיגען.

אין דער חברה צו וועלכער איהר מאַן האָט בעלאַנגט האָט מען איהר געענטפערט, אַז אַזוי ווי ער איז געשטאָרבען בעלאַנגט ער ניט מעהר צו זיי און זיי דארפען זיינע קינדער ניט מעהר בעגראָבען, אָבער איינע פון די שכנות פון הויז האָט עס געשיקט די גבאים פון חברה קדישא.

— אַלזאָ ווילט איהר מיר זאָלען דאָס קינד צונעהמען? — האָט דער עלטערער גבאי, אַ געוועזענער איזוואָסטשיק פון צו הויז איהר אַ פרעג געטהאָן.

— פערשטעהט זיך, גוטע לייט, וואָס דען קען איך מיט מיין טויטעס קינד טהאָן?

— דאָס דאַרף אייך קאָסטען 15 דאָלאַר: 5 דאָלאַר פאַר דער קרקע, 5 דאָלאַר תכריכים און 5 דאָלאַר גראָבען אַ קבר און עקספּענס. האָט איהר דאָס געלד וועלען מיר עס באַלד צונעהמען.

— גוטע מענשען — האָט די פרוי מיט אַ טרויעריגער איראָניע געענט־

פערט — אז איך זאָל האָבען געלד, וואָלט איך דען דאָס טויטע קינד געלאָזט ליגען אַ גאַנצען טאָג?

— אָה, מיר ווייסען שוין די חכמות, אַלע זאָגען אזוי, און דערנאָך געפינען מיר אויס, אז זיי האָבען שווערע באַנק־ביכלעך.

— אָבער גלויבען זי מיר, מיינע העררען, פרעגט זיך דאָ אין הויז, איך אַרבייט שווער און ביטער אויף אַ שטיקעל ברויט פאַר מיינע קינדער. קוקט אָן דעם קבר אין וועלכען איך לעב, וועט איהר זיך אַליין איבערצייגען, און וואו זאָל איך נעהמען, אַ וויסטע אלמנה מיט קינדער, איך זאָל פערקרענקען דעם סענט וואָס איך האָב אין מיין....

אָבער זי האָט די שבועה ניט געענדיגט, זי האָט זיך אין דעם מאָמענט עראינערט אָן די 5 דאָלאַר וואָס ליגען אויף'ן טיש און האָט צוגלייך בעמערקט, ווי צוויי פון די גבאים קוקען שוין אויף אויף'ן טיש.

זי איז געבליבען זעהר פערשעהמט און האָט געוואָלט דערצעהלען די וואהרהייט, זיך פערענטפערען, אָבער אין דיעזער צייט זיינען אריינגעקומען עטליכע שכנות פון דער טענעמענט הויז און איבעריגענס וואָלט איהר שוין יעצט קיין פערטהיידיגונג געהאָלפען, ווייל די 5 דאָלאַר זעהען די גבאים שוין און וויפיעל נאָך האָט זי וואָס זיי זעהען ניט?

נאָך פיעל ריידעריי פון די חברה לייט און פון די ווייבער, האָט זי זיי אוועקגעגעבען די 5 דאָלאַר, די חברה האָבען גומל חסד געוועזן און צוגענומען דאָס געלד מיט'ן טויטען קינד און זיינען ארויסגעגאַנגען.

אַ הערץ־רייסענדער געשריי פון דער מוטער, מיט אַן אויער־רייסענדען יאָמערען פון די ווייבער האָבען דאָס הויז פערהילכט.

ענדליך זיינען זיי לאַנגזאַם שטילער געוואָרען און האָבען די אונגליק־ליכע מוטער גענומען טרייסטען.

— גאָט וועט אייך בעצאָהלען מיט נחת אָן די קינדערלעך — האָט איינע געזאָגט.

— די קינדערלעך! — האָט די מוטער ווידערהאָלט — ווייסט איהר, אַז סקאַרלעט פיווער איז אַן אנשטעקענדע קראַנקהייט?

— וואָס מיר סקורלאַפּ פידער, וואָס מיר אנשטעקענד, גאָט האָט געוואָלט האָט ער צוגענומען, אַלץ די אַמעריקאַנער זאַכענישען — האָט איינע געזאָגט.

— אָט איז ביי מיר געשטאָרבען אַ מויד ווי אַ סאָסנע גאָר פון אַ גוטע

אויג, מען קען זיך אודאי פון דעם טויט בעהאַלטען — האָט אַ צווייטע צוגעהאָלפען.

— אָבער דער דזשענטעלמאַן, וואָס דאָ איז פריהער געווען האָט גע־זאָגט, אַז מיין קינד איז געשטאָרבען פון סקאַרלעט פיווער און ער האָט מיך געהייסען ארויסוואַרפען די קישענס מיט'ן קווילט, עס זאָל דיעזע קינדער ניט שאַדען — האָט די טרויעריגע מוטער געזאָגט.

— אָט די דזשענטעלמענס, זיי ווייסען אודאי פון זייער געזונד, ביי מיר וואָלט איך שוין געדאַרפט דאָס גאַנצע בעט־געוואַנד ארויסוואַרפען, ווייל ביי מיר, ניט דאָ געדאַכט, זיינען שוין אוועק 5. מיט דעם זאָל שוין די ערד פערשלאָסען ווערען — האָט אַ דריטע געענטפערט. און נאָך ווייטערע פלוי־דערייען זיינען די פרויען ארויסגעגאַנגען.

די אונגליקליכע מוטער האָט ווידער אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, אָבער באַלד האָבען איהר די קינדער איבערגעשלאָגען.

— מאַמאַ! איך וויל עפּעס עסען — האָט דאָס אינגערע געוויינט, אוןביידע עלטערע האָבען אין קאָהר מיטגעוויינט.

— שטיל, מיינע עלענדע קינדערלעך, מאָרגען וועל איך אייך שוין קריגען עסען, מאָרגען געה איך וואַשען צום לענדלאָרד, היינט קינדערלעך, ליינט זיך שלאָפען אַזוי.

— פאַר וואָס קויפסטו ניט ברויט?

— איך האָב ניט קיין געלד מיין קינד.

— דער דזשענטעלמאַן האָט דאָך געלאָזען אַ סך געלד?

— דאָס האָבען צוגענומען גוטע לייטע, פאַר דעם וואָס זיי האָבען צוגענומען לואי'ן.

— וואוהין האָבען זיי לואי'ן גענומען? ווען זיי איהם דאָרט געבען קייק? וועלען די גוטע לייט קומען אונז אויך צונעהמען? — אַזוי האָבען די עלטערע צוויי קינדער איהר בעשיט מיט פראַגען און דאָס האָט איהר געבראָכענעס מוטער־הארץ נאָך מעהר געקרענקט און זי האָט זיך ווידער צוואויינט.

זאָל איך מיך ליינען אויף לואיס'ס געלעגער און צודעקען מיט זיין קווילט? — האָט דאָס עלטערע קינד געפרעגט, אויפגעבענדיג זיין קאָמפּף פאַר עסען.

— מיר אויך שלאָפען אויף לאָאי'ס פּליים — זיינען די אַנדערע קינדער
יינענדיג געקראָכען אין בעט.

די מוטער האָט זיך עראינערט אָן דעם דזשענטעלמאַן'ס רייד, אַז די
קישענס און קווילט זיינען אנשטעקענד, זי האָט זיי געוואָלט זאָגען, אַז זיי
זאָלען עס ניט טהאָן, זי האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען צו גאָט:

— אַך, גאָטעניו, מיר זיינען ביי דיר אין די הענד, דו זעהסט מיין
עלענד און מיין טרויער, האָב רחמנות אויף מיר, ערלעז מיך פון מיינע צרות,
איך זאָל ווערען פריי — פיליכט וואָלט נאָך מיין לעבען אַנגעפאנגען, פריי
פון די אונגליקליכע קינדער, די קווילט איז אנשטעקענד — פיליכט וועט
מיינע עלענדע קינדער ביי דיר בעסער זיין ווי ביי מיר אונגליקליכע.... אָה,
ניין! בארעמהערציגער פאָטער, דו ווייסט דאָך בעסער, ווי פאר מיר איז
גוט, טהו ווי דו פערשטעהסט, וואָס פאר מיר איז בעבער, נאָר העלף מיר,
גאָטעניו.....

---

## IV.

### דער אידישער דיכטער.

פון דעם גבאי פון חברה קדישא האָב איך אויף'ן וועג צום בית עולם
אריבערגעמופט צו א סאַלון־קיפּער, פאר דעם זיעבעטען שנאַפּס וואָס ער
האָט געמאַכט.

ביים סאַלון־קיפּער אין פּאָקעט בין איך נאָר געלעגען איבער נאַכט, ווייל
אויף דעם אַנדערען טאָג גאַנץ פריה, ווי מיין סאַלון־קיפּער איז נאָר אריין
אין סאַלון, זיינען זיינע ערשטע צוויי געסט געווען צוויי אידען.

אַבוואָהל אויף'ן ערשטען בליק וואָלט איך אויך קיין טעות ניט געהאַט,
אַז זיי זיינען חלילה פראַנצויזען, ווייל זייער אַ ביסעל געקנייטשטע האַלטונג,
זייערע אונרוהיגע בעוועגונגען מיט די אויגען, מאַכען מיט די הענד, בלאַסע
געזיכטער, געבויגענע נעזער און ניט גאַנץ עלעגאַנט געפּוצטע בערדלעך
האָבען זיי שוין פערראַטהען אלס אידען, אָבער אויף די אַלע סמנים האָב
איך נאָר ניט געדאַרפט וואַרטען, ווייל באַלד ווי זיי זיינען אריינגעגאַנגען,

בעפאר זיי האבען נאך דעם סאלון־קיפער געזאגט „גוט מארגען" האבען זיי שוין צווישען זיך גערעדט אויף פליין אידיש:

— לאזט מיך, איך וועל אייך פריהער פארשטעלען — האט דער איני גערער געזאגט.

— ווייס איך וואס — האט דער עלטערער געענטפערט — א שענקער, א פשוט'ער קאבאטשניק, דארף איך פאר איהם האבען די צערעמאניעס, מיך פארצושטעלען? — און האט טאקע זיך באלד געווענדעט צום סאלון־קיפער, איהם איבערגעבענדיג א דיקליכע בראשורע.

— מיסטער ברין, אייערער א פריינד האט מיך געשיקט צו אייך, ער האט מיר געזאגט, אז איהר וועט זיכער נעהמען א בוך פון מיר, דאס איז א זאמלונג פון מיינע בעסטע שירים.

— זעהר שעהן, אבער מיט וועמען האב איך די עהרע? — האט דער סאלון־קיפער געפרעגט.

— וואס, איהר קענט איהם ניט, הערר ברין? — האט יעצט דער אינגערער, ווי עס שיינט זיין פיהרער, איהם געוואלט ארויסהעלפען — דאס איז דאך דער גרעסטער פאעט פון דער יעצטיגער צייט, דאס יודענטהום איז מיט איהם שטאלץ, זיינע ליעדער ווערען איבעראל געזונגען מיט נאטען....

— אה, זא, זא, — האט דער סאלון־קיפער געזאגט איראניש, שוין גוט, עס פרעהט מיך זעהר, אלזא וואס נעהמען זי, און וואס איז אייערס?— האט ער געפרעגט דעם דיכטער מיט זיין פיהרער, און איידער דיעזע האבען נאך צייט געהאט צו ענטפערען האט ער שוין געהאלטען א פלעשעל וויסקי און האט זיי אנגעגאסען צו גלעזלעך און זיך אליין גענומען א גלעזעל סאדא — אויף'ס וואהל! — און ער האט שוין געטרונקען, און זיי ווילענדיג אדער ניט, האבען אויך זייערע גלעזלעך אויסגעליידיגט און זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, אויב עס שטעהט ניט אירגענד וואו א שטיקעל ברויט מיט הערינג צו פערבייסען, אבער ליידער האבען זיי עס אין דער פריהער מארגען שטונדע נאך ניט ענטדעקט און האבען פערביסען מיט די ליפען.

— דא האבען זי מיין בוך — האט דער דיכטער געזאגט, איהם דאס בוך אניעדערלעגענדיג אויף דער צווייטער זייט קאנטאר.

— איך דאנקע שעהן — האט דער סאלון־קיפער געזאגט, עס טהוט מיר זעהר לייד וואס איך קען שוין קוים לעזען אידייש און האב טאקע קיין צייט

אויף ניט ראפּיר, אָבער מיין אידענע, זי מורמעלט נאָך א ביסעל, איך דאנקע.

דערווײַלע זיינען אין סאלון אריינגעקומען מעהרערע מענשען, דער סאלון־קיפּער איז באלד געוואָרען ביזי, אונזער פּאָרל האָט זיך אָנגעפּאנגען ארומדרעהען איבער׳ן סאלון, פריהער ארום אלע ווענד בעטראַכטענדיג די בילדער און קאלענדארס פון די ברויערים, דאן האָבען זיי זיך גענומען לעזען די לייבעלס פון די פלעשלעך, דאן האָבען זיי אָנגעהויבען קוקען דורך דער ווינדאָו אויף׳ן סטריט, זיך ווארעמען ביי דעם גליהענדען סטאָוו, און ווייטער דאָס זעלבע, אָבער דער סאלון־קיפּער זעהט זיי ניט מעהר, ער איז ביזי.

מיטלערווײַלע איז אריינגעקומען דער קאָלעקטאָר פון דער ברויערי און האָט גענעבען א טריט פיר כל הנערים, דאָ האָט שוין דער סאלון־קיפּער זיך ערֿאינערט אָן די צוויי געסט אויך.

— וואָס נעהמען זי ?

ביידע האָבען זיך אָנגעקוקט.

— איך וויים, לאָז זיין א ביער — האָט דער פיהרער געזאָגט, און דער סאלון־קיפּער האָט שוין געצאפּט צוויי ביער.

— נעה טרינק איהם ביער אויף׳ן ניכטערען הארצען — האָט דער דיכטער געזאָגט שטיל צום פיהרער, ער זאָל מיר שוין אָפּלאָזען, וואָלט איך ליעבערסט געגאנגען טרינקען א גלעזעל טהעע און עפּעס איבערבייסען, עס ציהט מיך ביז דר׳ערד, איך האָב חולשת הלב, נעה מאָך עפּעס מיט די אמע־ריקאניזירטע שכורים, — לחיים ! — האָט נעבעך דער דיכטער געערגערט גענומען דאָס גלאָז ביער צום מויל, מיט דעם אפּעטיט פון א בייבי צו קאסטאָ אויל.

נאָך דעם גלאָז ביער האָט א צווייטער דזשענטעלמאַן געטריט און מיינע צוויי טרינקען נעבעך מיט ; דער סאלון־קיפּער אליין האָט געטריט און זיי גיבען נאָך איין זופּ פון זייערע גלעזער, א פיערטער האָט געהייסען געבען, און זיי לאָזט מען אלץ ניט ארויס פון קאָן, זיי וואָלטען נעבעך אנטלאָפען ווי פון פייער, אָבער זיי ווארטען דאָך אויף׳ האָנאָראַר פאר׳ן בוך, און ווילען גראָד שטעהן דעם בעל הבית אין די אויגען ער זאָל זיי זעהן, אָבער עס נעהמט קיין ענדע נים.

— אָט ווייסט איהר וואָס — האָט דער דיכטער געזאָגט צו זיין פיהרער

— יקחהו אופל מיט׳ן דאָלאר און לאָמיר געהן, עס פעהלט מיר טאקע נים

מעהר, ווי זיך אַנ׳שכור׳ן אין א סאַלון און נאָך צו מיינע נערוועז, וואָס אַלקאָהאָל איז פאַר מיר ניפט.

— היילט זיך נאָך ניט — האָט איהם דער צווייטער איינגעווענדעט — איך וועל ניט ווארטען אויף כבוד און וועל איהם זאָגען. — און איידער דער דיכטער האָט איהם נאָך צייט געהאט צוריקצוהאַלטען, איז ער שוין אריין הינטערן קאָנטאָר און האָט דעם סאַלון־קיפּער עטוואָס איינגערוימט בסוד.

— גאָ אין די העלל דו דעם פול — האָט דער סאַלון־קיפּער אויסגע־רופען ווערענדיג רויט ווי צינטער — בעצאָהלען פיר אידישע ליעדער, זיי פעהלען מיר, עס קאָסט מיך געננוג טשאַריטי, אָט האָב איך ערשט נעכטען אוועקגעגעבען א דאָלאַר פאַר 2 טיקעטס צום באָלל פון דעם 5טען וואָרד רעפּובליקאַן קלוב, קענסט זיי האָבען אז דו ווילסט, מר. פּייטעל.

און ביי די ווערטער האָט ער פון צווישען די פלעשלעך ארויסגענומען א פּאָאַר טיקעטס אָבגעבענדיג דעם פערשראָקענעם פּיהרער.

— אָבער מר. ברין, זייט דאָך א מענש — האָט דער פיהרער איהם מיט פאָרוואורף געזאָגט. — איהר זייט דאָך עפּעס א חשוב׳ער בעל הבית, א לענדלאָרד פון עטליכע פּראָפּערטיס, פוירסט טראַסטיע אין דער אוהב ישראל שוהל, ווארום זאָלט איהר טאַקע ניט וועלען אייער נאָמען זאָל שטעהן אין די פּייפּערס, אז איהר האָט געקויפט די שירים פון דעם בעריהמטען דיכטער.

א שמייכעל האָט זיך בעוויעזען אויף דעם סאַלון־קיפּער׳ס געזיכט — אָבער רעמעמבער מר. פּייטעל, איך קען אייך, אז דו ביזט א דעם לייער, אויב אזוי קריגסטו א דאָלאַר דאָס מאָל, זאָלסטו מיר מעהר קיין שנאָרערס אהער ניט ברענגען, ווייל איך וועל דיך אויספּליקען די ציגען־בערדעל, נא דיר א דאָלאַר.

— איך דארף ניט אייער דאָלאַר, זייט א מענש, רופט צו דעם דיכטער און דערלאַנגט איהם דעם דאָלאַר, זאָגט אז איהר צאָהלט איהם אלס סוב־סקרייבער אויף זיינע שירים.

דער סאַלון־קיפּער האָט אריינגעשטעקט די האַנד אין פּאָקעט און האָט מיך א כאַפּ געטהאָן מיט זיינע נאַסע גראָבע פינגער און האָט א רוף געטהאָן דעם דיכטער, וועלכער איז געשטאַנען אומגעקעהרט צו א וואַנד לעזענדיג

די סיטיזען פּייפּערס פון דעם סאַלון־קיפּער, אום ניט צו צייגען אז ער ווארט אויף עפּעס.

— סיי, מיסטער, דאָ האָט איהר אַ דאָלאַר, אָבער פערגעסט ניט מיין נאָמען זאָל זיין אין די פּייפּערס.

דער דיכטער האָט נעבעך מיט פערביסענע ליפּען מיך צוגענומען פון זיינע הענד, האָט מיך אריינגעשטופּט אין פּאָקעט און ביידע זיינען שנעל ארויסגעגאַנגען פון דעם סאַלון.

אין אזעלכע הענד בין איך געווען צום ערשטען מאָל. דער דיכטער האָט מיך קיין רוה געגעבען אין זיין פּאָקעט. ער האָט מיך אין פּאָקעט גע־האַלטען מיט זיין שוויציגער האַנד, ער האָט מיך דאָרט געדרעהט און גע־גלעט און געקעהרט אויף אַלע זייטען. ער האָט מיך אָט צוגעטוליעט צו די קלענערע מטבעות וואָס זיינען דאָרט געלעגען, און האָט באַלד יענע צוריק אָבגערוקט און ווידער מיך אליין געקאַטשעט צווישען זיינע פינגער וועלכע האָבען געציטערט פון אויפרעגונג.

אָנפאַנגס האָב איך אליין ניט געוואוסט וואָס מיט מיין נייעם בעזיצער איז צו ציטערט ער, ווייל איך בין ביי איהם אזא זעלטענער גאַסט, אָדער איז ער גאָר חלילה קראַנק, אָבער באַלד האָט ער מיך שטאַרק צוזאַמענגע־דריקט אין זיין קראַמפּפהאַפטער האַנד און האָט מיך רוהיג געהאַלטען און איך האָב צייט געהאַט צו הערען וואָס ער רעדט מיט זיין קאַמעראַד, דעם פיהרער.

— אָט דאָס איז אונזער שיקזאַל אין דעם אַמעריקאַ. וויפיעל בלוט עס ווערט עס פערגאָסען ביי אזא גראָבען יונג צו וואַרטען אויף אַ דאָלאַר. ווי אונגליקליך זיינען אונזערע אידישע דיכטער און געלעהרטע אין אַ לאַנד וואָס מען וויים נאָר ביזנעס און שווינדעל און קיין מענש אינטערע־סירט זיך מיט פּאָעזיע, מיט וויסען, מיט קונסט. איהר ווייסט, הערר פּייטעל, אז איך האָב שוין קיין פּיס אויך ניט, דער רהעמאַטיזם ברעכט מיר יעדען ביין, קיין מאָגען ווייסט איהר דאָך, האָב איך שוין פון לאַנג ניט און האַלט מיך אויף מיט פּילען און מיט פּראַשקעס, קאָפּשמערצען האָב איך איצט אויך עפּטער ווי פריהער, איך וויים, לאַנג לעבען וועל איך שוין ניט, און איהר וועט זעהן, אזוי ווי איך וועל נאָר געבען דעם לעצטען קרעכץ, אהא וועלען אונזערע היפּאָקריטישע אידעלעך מאַכען אַ גוואַלד: דער גרעסטער אידישער

דיכטער איז געשטאָרבען, א פּערעל, א ציערונג פאר'ן יודענטהום איז דער נפטר געווען, א צווייטער זיין גלייכען איז ניט געבליבען, לאָמיר איהם מאכען הספדים אין די שוהלען, לאָמיר שרייבען אין די צייטונגען. דער וועט זאָגען דער גאָטזעליגער משורר איז געווען מיין אינטימסטער פריינד; דער וועט ראטהען מען זאָל זיין לאָדזש א נאָמען געבען נאָך מיר; דאָ וועלען זיך די רעמיגאָלער מיט די בייסיגאָלער קריגען איבער די בכורה וועמענס לאנדס־מאן איך בין געווען — אלעס, אלעס וועט מען פאר מיר טהאָן נאָך'ן טויט. אָה איהר ניעדעריגע ברואים! וואו זיינט איהר יעצט מיר צו העלפען אין מיין נויט, אין מיין קראנקהייט? וואו איז יעצט דער עם הספר צו מאכען א פאָנד מיינע שירים צו דרוקען? וואו זיינען די בני רחמנים צו גרינדען א שטיקעל לעבענס קוואל פאר מיינע אונגליקליכע פרוי און קינדערלעך? וואו זיינען די מספידים און די אינטימע גוטע פריינד מיר עטוואָס ארויסצוהעל־פען, איך זאָל ניט דארפען קראנקערהייט אומפּאָהרען מיט מיינע ליעדלעך שנאָרען? מיינסט איך האָב ניט געהערט וואָס דער סאלון־קיפּער האָט דיר געזאָגט? און דאָס זיינען אלע אמעריקאנער אידען, נאָר ער, אלס שכור, האָט עס געזאָגט און אנדערע דענקען עס, און דאָס צושטערט מיינע נערוועו און מיין לעצט ביסעל קרעפטען. דו ווייסט, פריינד פּיטעל, אז אין אזא מאָמענט ווינש איך, אז דאָס פינסטערע לעבען זאָל ווירקליך נעהמען וואָס שנעלער אן ענד. פאר מיר לעב איך ניט, פאר מיין פאמיליע קען איך גאָר נישט טהאָן. די וועלט דארף מיך ניט, ווען איך זאָל אָבער שטארבען, דאן קריג איך רוהע, נאָך וועלכער איך שטרעב מיין גאנצען לעבען, מיין פאמיליע קריגט שטיצע, און די וועלט בעקומט א געלעגענהייט צו צייגען איהר פיינקייט.

יא פריינד, שטארבען, שטארבען, דאָס בלייבט יעצט איבער מיין שעהנסטער אידעאל אין לעבען.

אָה, ציון! וויפיעל שעהנע ערהאבענע טרעהרען האָב איך איבער דיר פערגאָסען!

אָה, יודענטהום! ווי פלעגסטו אויפפלאקערען מיין פאנטאזיע!

אָה, פּאָעזיע! ווי פלעגסטו בעגייסטערען מיין גליהענדע זעעלע!

אָה, ליעבע, לעבען, פריינדשאפט און איהר אלע מיינע זיסע יוגענד־טרוימען! ווי שנעל זייט איהר פערשוואונדען, ווי עלענד איז אייער גלאנץ אין מיין הארצען אויסגעלאָשען. אלעס איז יעצט דאָ אזוי פינסטער, אזוי

דונקעל. אַ שרעקליכע ענטטוישונג, אַ פערפלוכטע קליינליכע מענשהייט! ניין, עס איז ווירקליך ניט ווערטה צו לעבען, דער טויט, דער טויט...

— אָבער וואָס איז מיט אייך? — האָט דער פיהרער דערשראָקען אויסגערופען — איהר זיינט דאָך בלייך ווי די וואנד, און איהר ציטערט ווי א בלאַט. אַנפאַנגס האָב איך געמיינט, אז איהר מאַכט עס אַ ניי געדיכט, און האָב הנאה געהאַט פון די פּאָעזיע, אָבער איצט ווערט די זאַך צו ערנסט, קומט אריין דאָ אין רעסטאָראַנט.

און אַן אַהנמעכטיגען האָט מען דעם אָרעמען דיכטער אריינגעפיהרט אין רעסטאָראַנט, פון דאָרט באלד אין האָספּיטאָל, ערשט דאן ווען די ערצטע האָבען איהם אויסגעקליידעט, האָט מען מיך פון זיין האנד ארויסגענומען. אָבער דיעזער קאַלטער שוויים, אין וועלכען איך האָב מיך דיעזע שטונדע געבאָדען, האָט מיך מיט פיעלע יאָהרען עלטער געמאַכט.

---

# V.

## פּייטעל זיין פיהרער.

ווען מען האָט מיך ארויסגענומען פון דיכטער'ס האנד, האָט ער מיט שוואכער שטימע געזאָגט, מען זאָל מיך איבערגעבען צו זיין פיהרער, מר. פּייטעל.

ביי אַ פיהרער פון אַ אידישען דיכטער בין איך, ווי עס ווייזט אויס, געוועזען נאָך אַ זעלטענערער גאַסט, ווי ביי דעם דיכטער זעלבסט, דען ער האָט מיר נאָך מעהרער געפּרעסט אין זיינע פינגער און ניט נאָר ער האָט געלעזען אפשר צעהן מאָל די ענגלישע עברי אויףביידע זייטען מטבע זאָנדערן ער האָט אויך איבערגעצעהלט, וויפיעל קארבען איך האָב ארום מיין ראַנד.

ענדליך האָט ער געזאָגט מיט פערגעניגען:

— פּונקט דער 9טער דאָלאַר, היינט וועל איך צאָהלען פּינקטליך „רענט“!

— חייה! — האָט ער געזאָגט פרעהליך אריינקומענדיג צו זיך אין

הויז, — הייגט וועלען מיר צאָהלען רענט ווי די נגידים, פונקט דעם ערשטען, איך האָב א 9טען דאָלאר. וואו האלסטו די 8, נא לייג צו, און גע'פטר'ט.

די פרוי האָט מיך טרויעריג צוגעטראָגען צו דער ביורא און האָט איבער־געצעהלט יענע 8 דאָלאר און מיט א זיפץ מיך צוגעלעגט צו זיי.

— אך, דאָס גאנצע לעבען הארעוועט מען דאָ אויף'ן רענט, איך זאָל כאָטש קענען א פּאָאר דאָלאר דערפון אויסגעבען אין הויז אריין,ביידע קינדערלעך געהען באָרוועס, אליין איז אויך ניטאָ א העמד אויף'ן לייב, עס איז ניטאָ א גאנצער ביינקעל און א מאטראץ וואָלט מען געדארפט שוין ווי אין לעבען, ער געהט נעבעך אין א זומערדיגען רעקעל און ווערט דורכגע־פראָהרען, איך האָב אויך ניט אין וואָס ארויסצוגעהן אין סטריט, דאכט זיך מיט אזוי פיעל געלד וואָלט דאָס גאנצע הויז אויפגעלעבט. אָבער אויף קיין זאך פערגינגט מען זיך ניט, אלעס געהט אריין אין דעם רענט. אמעריקא מעג שוין ווערען פערברענט.

די אָרעמע פרוי וואָלט איהר מאָנאָלאָג נאָך ווייטער געפיהרט, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפענט די טהיר און דער רענט איידזשענט איז אריינגעקומען און שוין ארויסגענומען דעם רעסיט פון זיין בוזעם פּאָקעט.

— הערסטו חיה, אז מיר צאָהלען איהם שוין יאָ רענט דעם ערשטען, זאָל ער פיקסען דעם וואָטער קלאָזעט.

— גוד מאָרנינג סער!

— גוד מאָרנינג.

— ועסט צאָהלען רענט?

— יעס סער, באָט דו מוזט פיקסען דעם וואָטער־קלאָזעט.

— אָלל־רייט, פּיי דהי רענט, איי וויל פיקס איט.

— נו, אז איהר וועט פיקסען, וועל איך אייך באלד געבען די רענט, איהר זאָגט מיר צו אלע מאָנאָט און איהר פיקסט ניט.

— וויל יו פּיי דהי רענט?

— וועט איהר פיקסען דעם וואָטער קלאָזעט?

— גוד ביי, גאד דעם שיני — האָט דער איידזשענט געזאָגט און איז מיט כעס ארויס פון הויז.

שפּעטער מיט א האלבער שטונדע האָט מען געקלאָפּט אין דער טהיר.

— קאָם אין.

און א קאָנסטייבעל איז אריינגעקומען אין הויז.

מר. פייטעל האָט זיך דערפרעהט, ער האָט געמיינט עס איז א פלאָמ־בער און פיהרט איהם גלייך אין וואָטער קלאָזעט.

— אר יו קרייזי ? — האָט איהם דער קאָנסטייבעל פערוואונדערט אָנגעשפּראָכען — דו ווילסט צאָהלען רענט ?

— אז איהר וועט מיר פיקסען דעם וואָטער קלאָזעט — דער קאָנסטיי־בעל האָט איהם מעהר ניט געענטפערט נאָר ער האָט פערשריבען דעם אויווען, דעם טלית ותפילין, די ביורא מיט עטליכע טשערס און אלע איבעריגע מטלטלין אין הויז, האָט דערלאַנגט א פּאַפּיער צו מר. פייטעל און איז ארויס פון הויז.

פייטעל איז געווען א ביסעל שטומפּף אויף ענגלישע עברי און האָט דאָס פּאַפּיער געגעבען זיין עלטער מיידעל איבערצולעזען און זי האָט נאָך אלע ספּעלעכץ ערקלעהרט, אז דאָס האָט מען געלייגט א לעווי אויף זייערע בעבי־כעס און יעצט האָט ער שוין צו צאָהלען ניט 9 דאָלאר נאָר 11 דאָלאר מיט 75 סענט, אז ניט פערקויפט מען אלע זאכען.

— וואָס, 11 דאָלאר נאָך מיט 75 סענט וועל איך איהם צאָהלען ? א מכה אין די ביינער, לאָמיך נאָך לויפען צו איהם אין אָפיס, ער וועט שוין כאפּען ביי מיר א שוואַרצען סוף — און ער איז באלד געווען ביים איידזשענט אין אָפיס.

— וואָס איז דאָס פאר א פּייפּער מר. איידזשענט ?

— דאָס איז א לעווי פאר'ן רענט.

— רענט ? נו, און פיקסען דעם וואָטער קלאָזעט ?

— דאָס מאָנט ביים לענדלאָרד.

— וואו וואָהנט דער לענדלאָרד ?

— אין סאן פראַנציסקאָ.

— פאָלג מיר א גאנג ! נאָר וואָס טויג מיר דער לענדלאָרד, איך האָב ביי אייך גערענט די וואָהנונג, איהר נעהמט דעם רענט, און איהר דארפט מיר פיקסען, ווייל עס איז שוין צובראָכען פון עטליכע מאָנאט און עס איז א רעגעלע פּעסט איבער'ן גאנצען הויז.

— איי העוו נאָ טיים, דאָן באָדער מי.

— סטייטש מר. סווינטאָן, איהר אלס דייטשער יהודי שימפּפט דאָך

אויף אונז רוסישע אידען אז מיר וואָהנען שמוציג און אייער ווייב בעלאַנגט צו די וואומען העלטה פּראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן, וואָלט איהר דאָך געדאַרפט געוויס פיקסען דאָס וואָס קען בריינגען קראַנקהייטען פאַר אָרעמע פאמיליען אין אייערע הייזער.

— עס טויג דיר ניט, מוף ארויס.

— אָלל־רייט, וועל איך נאָך היינט ארויסמופען — אָבער איך וועל אייך אָנציינגען אין די באָרד אָוו העלטה, וועט אייך דאָס פיקסען קאָסטען טהייערער — און מיט שטאָלץ איז פייטעל ארויסגעלאָפען פון דעם אָפיס און נאָך אהיים געהענדיג האָט ער דערזעהן א טו לעט פון אנדערע 2 רומקעס און בעצאָהלט נאָר 8 דאָלאַר פאַר א מאָנאַט רענט און מיט דעם 9טען דאָלאַר האָט ער שוין געכאַפּט אַן עקספּרעס און מיט א שמחה איז ער צוגעפאָהרען צום הויז, אריינגעשפּרונגען און אויסגערופען:

— חייה, פּאַק די זאכען, איך האָב שוין א וואָהנונג און מיר מופען.

צו פיעל ארבייט האָט פייטעל מיט זיין מופען ניט געהאַט. ער, דאָס ווייב, די קינדער מיט׳ן עקספּרעס מאַן האָבען די בעבעכעס שנעל צוזאַמענגעפּאַקט און אין א שטונדע איז אַלעס געווען אויף׳ן עקספּרעס.

קוים האָט אָבער דער עקספּרעס מאַן נאָר געריהרט מיט די פערד פון׳ם הויז, אהא, דער קאָנסטייבעל איז ערשיענען ווי פון אונטער דער ערד

— סטאַפּ, נעהם ארונטער די זאכען — האָט ער בעפוילען, און דער עקספּרעס־מאַן, וועלכער איז גראָד ניט קיין גרינער, האָט שוין געוואָלט נעהמען די זאכען צוריק.

— ווייס איך וואָס? — האָט פייטעל אויסגערופען — הער איהם ווי די קאַץ. איך צאָהל דיר.

— זייט ניט קיין גרינער! דער קאָנסטייבעל נעהמט באלד א פּאָליס־מאַן און ארעטירט מיך, דאַן כאַפּ איך נאָך ארעסט מיט פאַין.

—סעי, מיסטער קאָנסטייבעל, פאַר וואָס לאָזטו מיך ניט מופען?

—— בעצאָהל רענט.

— איך בין געוועזען ביים איידזשענט און ער האָט מיר געהייסען מופען.

— אָ, יעס, מופען מעגסטו, אבער בעצאָהל א מאָנאַט רענט.

— פאַר וואָס? איך וועל דאָך דעם מאָנאַט דאָ ניט וואוינען.

— עס איז שוין אבער איין טאָג אין מאָנאַט.

— זאָל איך פאַר איין טאָג בעצאָהלען ניין דאָלאַר?

— נאָ, ניט ניין, נור 11 דאָלאַר מיט 75 סענט.

— וואָס, איהר ווילט מיך בעראַבעווען! לאָמיך נור לויפען צום איידזשענט, ער איז דאָך עפּעס פּאַרט א איד.

און ער איז אוועק צום איידזשענט.

— סעי, מיסטער סווינטאָן! איהר האָט מיר געהייסען מופען און דער קאָנסטייבעל לאָזט מיך ניט.

— מן הסתם האָסטו איהם קיין רענט ניט געצאָהלט.

— וואָס דען, פאַר איין טאָג איהם צאָהלען רענט?

— מענסט וואוינען א גאַנצען מאָנאַט.

— איך האָב דאָך אָבער דאָס געלד שוין אוועקגעגעבען פאַר דער נייער וואוינונג.

— געה אין די נייע וואוינונג.

— ער גיט דאָך מיר ניט די זאכען?

— דו צאָהלסט דאָך איהם ניט קיין רענט.

—איך וועל דאָך מעהר ניט וואוינען.

— וואוין יא.

— איך האָב דאָך שוין דאָרט בעצאָהלט רענט.

— מוּף דאָרט.

— ער גיט דאָך מיר די זאכען ניט.

— געה קלאָג איהם צו די באָארד אָוו העלטה!

די לעצטע ווערטער האָט דער איידזשענט געזאָגט מיט א טייפלישען געלעכטער, און האָט דעם אָריטען פּייטעל כמעט ווי ארויסגעשטופּט פון אָפּיס און פערשלאָסען די טהיר.

פּייטעל איז געלאָפען פול כעס צוריק אהיים אויסלאָזען דעם כעס צום קאָנסטייבעל. אבער ווי איבערראשט איז ער געוואָרען ווען ער האָט דער־זעהען, ניט דעם קאָנסטייבעל, ניט דעם עקספרעס מיט די זאכען, נור זיין פרוי זיצען אויף'ן שטיינערנעם טרעפּעל פאַר'ן הויז און וויינען מיט ביטערע טרעהרען און אלע קינדערלעך ארום איה, ציטערנדיג פון קעלט.

— וואו זיינען די זאכען?

— מע האָט זיי אורעקגעפיהרט אין סטאַראדוש — האָט איהם א נייי באַר ערקלעהרט.

— וואָס הייסט ?

— דאָס הייסט, אז אויב איהר וועט ניט בעצאָהלען ביז פרייטאג דעם רענט, פערקויפט מען די זאכען מיט׳ן שעריף.

— וואָס הייסט, איז גאָר דאָ אין אמעריקא לית דין ולית דיין ?

— אדרבא, אָט זעהט איהר דאָך דעם דין און טאקע באלד דעם דיין.

— ווייס איך וואָס, סתם ראָזבוי, לאָם איך נאָר א לויף טהון צו מיין בעקאנטען לאָיער.

— שאדע אייער לויפען, אזוי איז אין פענסילווייניע סטייט, אז מען צאָהלט קיין רענט ניט פערקויפט מען די זאכען, און אז איין טאָג אין מאָ־נאט, איז שוין אזוי גוט ווי דער גאנצער מאָנאט און קיין לאָיער קען אייך העלפען. אזוי האָט דער אמעריקאניזירטער נייבאָר איהם מיט בעשטימט־הייט ערקלערט און פייטעל איז נעבעך געבליבען אין שרעקליכע פער־צווייפלונג.

— רבונו של עולם, סטייטש וואָס קען איך יעצט טהאָן, איך האָב דאָך קיין געלד ניט צו בעצאָהלען ?

— פערזעצט א משכון.

— הערסט, איך האָב דאָך ניט קיין זאכען.

— לייהט ערגעץ דאָס געלד.

— וואָס רעדט איהר עפּעס ! א קלייניגקייט 12 דאָלאר, ווער וועט דאָס מיר לייהען אזא סומע ?

— לייהט ביי איינעם 5, ביים אנדערען דריי....

— ווייס איך וואָס איהר רעדט, עס פעהלט מיר אָפט אויף ברויט און איך קריג ניט קיין דאָלאר צו לייהען אפילו ביי מיינע לאנדסלייטע.

— איז טאקע זעהר טרויעריג !

— זאָגט־זשע מיר, פריינד, וואָס גיט מען זיך אַן עצה, איך קען דאָך פשוט אויסגעהן מיט די קינדער אין סטריט ?

דיזער געבראָכענער טאָן און פערצווייפעלטע לאגע פון פייטעל האָט דעם נייבאָר א קלעם געטהאָן ביים הארצען און ער האָט באלד אויסגערופען מיט טריאומפף :

— וואַרט נאָר אַ ביסעל, לאָמיך נאָר אַריינגעהן צו חייקעל דעם שוחט, מיר וועלען זיך ביידע נאָר אַ לאָז טהאָן איבער אַ פּאָר סטריטען וועט שוין ווערען דער רעגנט, און מיט די ווערטער איז דער נייבאָר אַוועק.

— נו, וואָס וועסטו זיצען אויפ׳ן שטיין? — האָט פּייטעל זיך גע־וועגדעט צו זיין פרוי. — עס קלעמט מיר דאָס האַרץ, טאָמער וואָלסטו אַריינ־געאַנגען אין גראָסערי עפּעס קויפען צו איבערכאַפּען דעם הונגער?

— וואו וועסטו עסען, אויפ׳ן גאַס?

— בהמה! קיין זאכען האָבען מיר ניט, אָבער אַ וואָהנונג, אַ דירה מלוכה, דער קייזער מעג דאָרט וואָוינען. און מיט שטאָלץ האָט ער איהר גע־וויזען דעם שליסעל פון דער נייער וואָוינונג — געה נאָר אַריין אין גראָסערי.

— דו פערגעסט, אז איך בין שולדיג דעם חזן אין גראָסערי אפשר 65 פּענים.

— הער נאָר אַן אונגליק, דו פערגעסט, אז מיר איז נאָך געבליבען אַ דאָלאַר פון דעם רענט.

און מיט אַ געוויסע גאַלגען פריידע האָט ער מיך אַרויסגעכאַפּט פון זיין וועסט־פּאַקעט און איבערגעגעבען צו זיין חיה.

---

# VI.

## דער חזן.

ווי די לעזער געדענקען נאָך געוויס, בין איך פון דעם פיהרער׳ס ווייב׳ס האַנד איבערגעוואַנדערט צום גראָסערימאַן דעם חזן. און אַזוי ווי דער חזן האָט אַ זעהר שפּיצינגען בייקעלכעל, וועלכער ווערט זעהר אָפּט קאַליע, פלעגט ער עס שאַרפען מיט רויע אייער.

אָבער דאָ אין אמעריקא זיינען די אייער אַליין אויך קאַליע און מען גע־פינט זעהר אָפּט גאַנצע הינדעלעך אינווענינ. מילא אויף קאָכען און באַקען, זיינען געקאָכטע און געבאַקטע הינדעלעך ניט ערגער ווי געקאָכטע און גע־באַקטע אייער, אָבער צו שלינגען לויזע אייער מיט הינדעלאַך צוזאַמען, און טאָמער איז דאָס חלילה נאָך אַ האָהן און הויבט אָן קרעהען ביים חזן אין

האלז, קען ער אין גאַנצען חלילה בלייבען אָהן פּרנסה און דארום פּלעגט אונ־זער חזן קויפען זיינע אייער דירעקט ביים פּארמער, און אזוי ווי דער חזן איז אַ גרינער, דאָס הייסט אייגענטליך איז ער רויט ווי אַ צוויק, נור ער איז גרין אין לאַנד, דאָס הייסט אייגענטליך איז ער אפילו ניט נעכטען פון דער שיף, ער איז שוין בעריהמט און בעליעבט און געשעצט אַ יאָהר 12 אין אלע גרויכע און קליינע אידישע שטעדט פון גאַנץ אמעריקא, נאָר ווייל ער קען נאָך קיין ענגליש ניט רעדען, הייסט ער נאָך אַ גרינער און מוז קויפען זיינע לויזע אייער פון אַ אידישען פּארמער, ער זאָל ווייניגסטענס אָפּדינגען אַ פּעני פון אַ דאָזען.

מילא אז אַ חזן קען קיין ענגליש ניט, איז נאָך ניט אזא גרויסע מעלה, ווייל עס טרעפט פּשוט'ע מענשען וואָס קענען קיין ענגליש ניט, אָבער אונזער חזן קען קיין עברי אויך ניט און דאָס איז שוין אַ מתנה פון גאָט, ווארום שטעלט זיך פאָר אַ חזן וואָס זאָל קענען עברי און פערשטעהן פּירוש המלות, ווי וואָלט ער געקענט זאָגען: „כתפילת זקן ורגיל ופרקו נאה.... ? און ווי וואָלט ער זיך געקענט צו־וויינען ביי פּרים הנשרפים ? און ווי וואָלט ער גע־קענט זינגען אַ קאָזאַטשקע ביי די עשרה הרוגי מלכות ?

און איבערהויפּט אַ חזן וואָס קען עברי, זאָגט מען באלד אויף איהם, אז ער קען ניט זינגען, „ווייל אלעס אין איינעם איז ניטאָ ביי קיינעם" און ווייל אונזער הזן קען קיין ווארט עברי ניט, איז ער טאַקע דערפאר אליין דער גרעסטער מנגן אין דער וועלט.

און אז ער קען קיין עברי ניט, דארף איך פאר איהך ניט שווערען. עפּענט אויף זיין בוך פון די נאָטען, וועט איהר זיך באלד איבערצייגען פון די טיטלען אויף יעדער קאָמפּאָזיציאָן: „מעוואָרחין האכיידעש", אַנדערע שרייבען „מברכין החודש", „מישע בייראאח", אַנדערע שרייבען „מי שברך", „יאַנקי פּורקאָטאן", אַנדערע שרייבען „יום כפּור קטן". אָבער וואָס קימערט אונזער קאָמפּאָזיטאָר, וואס אַנדערע שרייבען, אבי ער שרייבט עס און ער אליין לייענט עס איבער און ווייסט באלד, וואָס די נאָטען מיינען, ווייל אין גרונד גענומען פערשטעהט ער די נאָטען אויך ניט, נאָר אזוי ווי ער האלט תמיד אַ קאָהר פון 16 פּערזאָן, דאָס מיינט 7 אינגלעך, ווי איז ניטאָ איינער וואָס קען לעזען די נאָטען, דען נאָך אלעמען זיינען דאָך די נאָטען נאָר גע־מאכט פאר'ן קאָהר, ווייל דער חזן אליין דארף דאָך נור אריינפאלען אין דער

מיט מיט שטיינער, נו, וואָס מאכט דאָס אויס, ווי ער פאַלט אריין, צו ווי א יון אין סוכה, צוי ווי א פליעג אין א טעלער זופּ, אבי דער איינפאל איז חזנ׳יש.

ווארום אונזער חזן קען קיין נאָטען ניט, איז אויך א היסטאָרישע בע־דייטונג, ווייל אזוי ווי ער איז אין דער יוגענד געווען א שוסטער און צו יע־נער צייט פלעגט א חזן דאווגען מיט פלעקער און א שוסטער נייהען מיט נאָטען, און איצט דאווענט א חזן מיט נאָטען און א שוסטער נעהט מיט פלע־קער, וויל ער ניט, אז אימיצער זאָל זיך דערמאָהנען אָן זיינע יונגע יאָהרען, קען ער ניט קיין נאָטען און דאווענט גראָד מיט פלעקער.

---

ווי געזאָגט, האָט אונזער חזן א שפּיצינגען בייקעלעכעל, זעהר א שפּי־ציגען, נאָר האָט ניט קיין טעות, איך מיין ניט א שפּיציג קעפּעל״, אומגע־קעהרט, ער האָט גראָד א זעהר גראָבען קאָפּ, דאָס דערקענט מען אין די 8 שפּיציגע יארמולקע און א ביסעל אין די אויסדריקסלאָזע אויגען. איך מיין טאקע א „שפּיציג קעלעכעל״, און דאָס וואָס האָט איהם אזוי בעריהמט גע־מאכט אויף דער וועלט, דען חאָטיש ער איז שוין א מטופל מיט 5 פּיפּקעלעך, זאָלען לעבען, איז נאָך זיין שטימע ביז איצט ווי פון א בן פקוע׳לע, אָדער א קליינע בת היענה׳לע און דערצו האָט ער נאָך א טרעלער, דאָס הייסט אין אמעריקא א קאלאָראַטור און אין דער ליטא „ער ציקעלט זיך״, איז דאָס א טרעלער פון זיין ליעבען נאָמען, ער געהט ארויף און אראָב מיט׳ן טרעלער פון קעלער ביז אין שפּיץ דאך.

אלזאָ, זיין שטימע איז שפּיציג און זיין טרעלער איז קיילעכדיג. יעצט שטעלט זיך פּאָר א קיילכיגע זאך מיט שפּיצען, ווי למשל א ראָד, פון וועל־כע דער אבאָד איז אראָב און עס בלייבט דאָס קיילכיגע קלעצעל מיט די שפּיצען און דאָס דרעהט זיך איבער דעם עולם׳ס אויערען....

פונקט אזוי, למשל: אָט טרעלערט ער שטיל, שטיל און פּלוצים פאַלט ער אריין און כאַפּט זיך ארויף מיט׳ן שפּיץ קוויטש, דאן איז הימעל עפען זיך, די האָר שטעלען זיך קאפּויר, עס געהט איבער א סקרוך איבער׳ן לייב, אָדער ווי דייטשען לויבען איהם (ער עקעלט) זיי מיינען געוויס די עקלעך פון זיין טרעלער. און זיי בעהויפּטען, אז זיין זינגען רייסט די אויערען. אָבער ווער הערט די דייטשען, זיי מוזען דאָך לאכען פון אונזערע חזנים, ווייל זיי

האַלטען ניט פון אידישקייט, אָבער די אמת'ע אידען, די אמת'ע שניידער און שוסטער פון צו הויז, וועלכע זיינען די אמת'ע מבינים אויף זינגען, זאָגען, אז ער איז א צאַצקע און זיי וואָלטען א יום כפור איהם צו הערען אוועקגע־שטעלט דעם בעסטען געבראַטענס.

נאָר מיינט ניט, אז אונזער חזן צייכענט זיך אויס מיט זינגען אליין, ער צייכענט זיך אויס מיט אַלע מעלות וואָס א היימישער און אמעריקאנער חזן דאַרף זיך אויסצייכענען, אָט הערט: ערשטענס הייסט ער רעווערענד, צווייטענס, איז ער א סמאַרטער קערעל, אָדער ווי עס הייסט אין דער ליטא א גרויסער חצוף, דריטענס אזוי ער א ביזנעס־מאַן, דאָס הייסט, ער רייסט פון טויטע און לעבעדיגע. איך האָב איהם אונלעננגסט געזעהען אַטענדען א ברית־מילה, איז ער ביי די מי שברך'ס וואָס ער האָט געקענט דעם קוואָדער דער־גרייכען מיט דער האַנד איבער 5 קעפּ, נאָך געזעסען אויף איין אָרט, קוים איז ער געקומען מיט די „מישע בייראַחס" צו די וואָס זיצען שוין צו ווייט פון איהם, איז ער געקראָכען איבער די טשערס הינטער די געזעסען פון די שוין אָפּגעמישעבייראַכטע, אזוי ארום און ארום ביז ער איז צוריקגעקומען אויף זיין פּלאַץ אויבען אָן. דערצו איז ער נאָך אזא דורכגעטריבענער ממזר־קאָפּ, אז קוים איז ער געקומען מיט'ן מישעבייראַח צו א בכבוד'יגען בעל־הבית, ווי ער האָט געפּיהלט, אז דאָרט שמעקט מיט 2 קוואָדערס, האָט שוין די קאָזאַצקע פּאר'ן ונאמר אמן געהאַט גאָר אַן אנדער פּנים, עס איז איז שוין געווען מיט א פינף טרעלערס מעהר, נו, די שונאים מעגען זאָגען אז ער איז א שנאָרער, ער וויל אָבער קיין געלד ניט נעהמען אומזיסט, מעהר א קוואָ־דער, מעהר זיך געציקעלט.

דערצו איז ער זעהר א שפּאָרזאַמער מענש, אָדער ווי זיין שוויגער זאָגט, סקופּי ניע גלופּי, פאַר א ניקעל וואָלט ער זיך געלאָזט א פּאָר ציין ארויס־נעהמען, אָדער 7 מאָל אין פּנים שפּייען. ווען ער געהט ערב יום כפּור קויפען א כפּרה, אָדער ערב פּסח דרוקען טיקעטס, דאַן פיהלען די גוים און די פּרינטערס דעם טעם פון נסיסה. איבער פינף סענט קען ער אויסנעהן די נאַנצע שטעדטעל און זיך אויסרעדען די גאַל, נאָר איין זאַך פערגעסט ער צו זאָגען, נעמליך, ווי גוטע אידען זאָגען — א קאַרגער מענש איז א קאַרגער איד.

אלזאָ, ווי איהר זעהט, איז אונזער חזן א מושלם בכל המעלות: נאָטען קען ער ניט, עברי קען ער ניט, קיין שטימע האָט ער ניט (נאָר א בייקעלע־

כעל), קיין אויער האָט ער ניט, מוזיקאַליש איז ער ניט, קיין איד איז ער ניט, קיין מענש אודאי ניט, און דערצו איז ער נאָך דער בעליעבטעסטער, בע־ריהמטעסטער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיקער, און דערפאר שלאָגען זיך טאקע פיעלע קהלות איבער איהם, דאָס הייסט, די אנשטענדיגערע בעלי בתים שרייען, אז זיי ווילען ניט א שליח ציבור א גראָבען יונג, אָבער די אמת'ע אידען, וואָס טרינקען ניט קיין ביער און פערשטעהען זיין נגינה, זיינען פאר איהם שטאָהל און אייזען.

איך האָב געהערט ווי איינער פון זיינע אנהענגער האָט איהם געזאָגט בתמימות: — וואָס טויג מיר פּיצע, וואָס טויג מיר זולצער מיט זייערע קאָ־רענע געזענגע, עס נעהמט מיך ניט, און ווען איהר גיט א זינג א וואָלעכעל, א קאזאטשקע, אָדער סתם א ביסעל אידישען שטייגער און קאטשעט זיך ארויף און אראָפּ, פיהל איך אז עס זינגט זיך! וואָס טויג מיר צוקער־לע־קעך, קאָמפּאָט, דאָס איז נאשעריי, א באָרשטש, א פעטען זויערען קרויט מיט א גוטען שנאפּס פון פאָרענט און פון הינטען, דאָס הייסט געגעסען, וואָס זאָגט איהר, חזן, ניט אזוי?

אפילו גאָט אליין מוז אויך אזא חזן ליעב האָבען, אלס שליח פון זיין ליעבען פאָלק, עס איז עפּעס מיט הארץ און מיט לעבער....

---

ליגענדיג ביי דעם חזן אין לעדערנעם בייטעל, האָב איך געמיינט, אז דאָ וועל איך מיך אָפּרוהען א לענגערע צייט, ווייל איך האָב בעמערקט, ווי ער קוועטשט די דאָלארס ביז ער קוועטשט צוזאמען א פופציגער און גיט עס אוועק אויף פּראָצענט. ליידער האָב איך מיר געטוישט. טאקע אויף דעם זעלבען ברית וואָס איך האָב געשילדערט, האָט ער פריהער געמאכט א שעה־נעם מי שברך דעם צייטונגס־רעפּאָרטער, וועלכער איז געוועזען ספּעציעל גע־לאַדען, און האָט מיט א פּאָר טרעלערס מעהר אויסגעטרעלערט ביי איהם א קוואָרער און דאן איהם בעטענדיג ער זאָל נור האָבען שכל אריינגעבען א גוטען רעפּאָרט אין דער צייטונג, האָט ער מיך ארויסגעשלעפּט פון פּאקעט און איבערגעגעבען צום רעפּאָרטער, זיך פרעהענדיג, אז דאָס קאָסט איהם בלויז 75 סענט, ווייל א קוואָדער האָט ער ביי איהם צוגענומען פאר'ן מי שברך. און עס איז ווירקליך געוועזען מיט וואָס זיך צו פרעהען, דען אויף מאָרגען איז געשטאנען אין דעם פיעל געבלאָזטען געליעבטען בלאַט:

„איך, דער שרייבער פון דיזע ציילען, האָב בייגעוואוינט דעם ווירדיגען ברית־מילה ביי חיים חייקעל חייקעלאָוויטש וואו די גרעסטע פּני העיר זינ־דען אבוועזענד געוועזן און דער בעריהמטער קאָמפּאָזיטאָר און בעליעבטער מוזיקאַלישער חזן ומנגן רעוו. טודרוס האָט געצייגט אז נים אומזיסט האָט ער פּערדיענט זיין נאָמען. פּייטעל בהר"ב ר' ביינוש, חתן הרב דפאטריקא מא. יליד שניפּעשאָק, המכונה קיש־קיש, 222 רחוב קיסטאָן פּה פילאַדעלפיא פּא, עיר ואם בישראל.“

---

## VII.

### דער אידישער רעפּאָרטער.

ווי די לעזער געדענקען, בין איך איבערגעגאַנגען פון דעם חזן צו דעם אידישען רעפּאָרטער. ר' פּייטעל איז ניט געווען א אידישער רעפּאָרטער, דאָס הייסט ניט א איד א רעפּאָרטער פאר גוי'עשע צייטונגען, נאָר פּשוט א אידישער איד, וואָס רעפּאָרטעט אין אידישע צייטונגען פון אידישע ענינים.

איך בעטאָן צופליים, אז ער איז ניט געווען קיין גוי'עשער רעפּאָרטער, ווייל א רעפּאָרטער ביי די אומות העולם קריעגט בעצאָהלט ענטוועדער פּער ליין, פּער קאָלום, אָדער ער איז ענגיידזשד מיט וועכענטליכער סאלאריע. א אידישער רעפּאָרטער אבער איז ניט ענגיידזשד און קריעגט ניט בעצאָהלט פאר זיינע רעפּאָרטען, אדרבא, ער מוז נאָך אָפּט בעצאָהלען פאר זיינע רעפּאָרטען, אז מען זאָל זיי צונעהמען און דאן ערשט האָט ער א שאָו, אז מען זאָל דרוקען א קליינעם טהייל פון זיינע רעפּאָרטען און גראָד די מינדער וויכטיגע. און דאָס וואָס ער האָט געהאַט נויטיג צו זעהען געדרוקט, דאָס האָט די ווערטהע רעדאַקציאָן אריינגעוואָרפען אין פּאַפּיער־קאָרב.

מאַנכער לעזער וועט דאָ פרעגען, צו וואָס טויג עס דעם רעפּאָרטער אָהן געלד צו ארבייטען? אָבער די זאַך איז די, אז ער ארבייט טאַקע ניט אומ־זיסט, נאָר אז רעדאַקציאָן בעצאָהלט איהם ניט, קריגט ער בעצאָהלט פון די יעניגע קרבנות, וועלכע ווערען אריינגעהאַצקעט אין זיינע רעפּאָרטען, און צוואר: פּאָזיטיף, נעגאַטיף און רעוואָלוציאָנער.

כסדר: 1) פּאָזיטיף הייסט, ווען ר׳ שמעריל דער קאָסטאָמער פּעד־לער לאַדט איהם איין אויף דער חתונה פון זיין טאָכטער און ער קריגט שעהנע עטליכע שנעפּסלעך, ביער און וויין, פיש און פלייש וכל מטעמים, און זעהר אָפט נאָך א האַלבען דאָלאר דערצו אויך, דאַן געהט דער רעפּאָרט אויף אזא אופן:

— איך, דער שרייבער פון דיזע צייל׳ען, האָב נעכטען אבענד בייגע־וואוינט די האָכצייט ביי ר׳ שמעריל, וועלכער איז דער אנגעזעהענסטער בעל־הבית אין שטאָדט און איז בעקאַנט פאר זיינע וואָהלטהאַטען מיט דער חברה סומך נופלים, וועלכע ער האָט די עהרע צו זיין דער גרינדער און פּרעזידענט א. ז. וו. די חתונה איז געוועזען א געוואַלד, עסען און טרינקען כיד המלך און מיר האָפען אז די טאָכטער וועט געוויס געהן אין דעם וועג פון איהר מוטער און מיר אלע אידען פון דער שטאָדט ווינשען זיי א הערצליכען מזל טוב.

נאָך אזא רעפּאָרט איז ניט נאָר דער שרייבער בעצאָהלט למפרע, זאָנ־דערן ער איז זיכער צו זיין געלאַדען אויפ׳ן ברית און אויף דעם פּדיון הבן ביי דעם נייעם פּאָר. דאָס איז פּאָזיטיף.

2) נ ע ג א ט י ף הייסט, ווען חיה, דאָס שעהנע ווייבעל קומט אריין צו ברוך דעם שוסטער און דערצעהלט איהם, אז זי איז נעכטען געוועזען קוילען א הוהן ביי ליפּא דעם שוחט און ער האָט איהר א קיצעל געטהאָן אומישנע. ברוך דעם שוסטער געפעהלט די מעשה פון דעם שוחט מיט׳ן ווייבעל און פּויקט עס אויס די גאנצע שטאָדט; פּייוויש דער שוחט איז בייז מיט ליפּא׳ן און שיקט רופען דעם רעפּאָרטער פּייטעל און זאָגט איהם בזה הלשון:

— דו ווייסט דאָך שוין מן הסתם די מעשה מיט ליפּא דעם שוחט, דאָס איז דאָך פּשוט א פלגש בגבעה מעשה, שרייב אָן איין ארטיקעל אין די פּיי־פּערס און איך גיב דיר א דאָלאר.

פּייטעל שרייבט אָן און נעהמט דעם דאָלאר און געהט אוועק צו ליפּען און ווייזט איהם דאָס געשריפּץ און זאָגט איהם בזה הלשון:

— דערפאר גיבען מיר אייערע שונאים 5 דאָלאר איך זאָל עס שוין אוועקשיקען. נאָר אזוי ווי איך בין אייער אוהב נאמן, ווייז איך עס אייך, ווייל איך, ווי אָרעם איך בין, וויל איך חלילה קיין מענשען ניט קוילען פון ברויט.

ליפּא דעם שוחט ווערט פינסטער אין די אויגען, אָבער ער האלט זיך שטייף, זיי מעגען שרייבען, מען קען די אידישע צייטונגען, נישט־קשה, די וועלט קען מיך, איך בין אַ איד אַ ירא שמים און קיינער וועט עס ניט גלוי־בען, שרייבט, שרייבט.

נאָר ווען ער בעמערקט אז טרייטעל וויל שוין אוועקגעהן, זאָגט ער אין אַ ווייכערען טאָן: מילא איהר זיינט דאָך נעבעך אַן אָרימאַן, איהר זיינט דאָך ניט שולדיג. מען צאָהלט אייך, שרייבט איהר, מילא פּטור, דריי דאָ־לאר איז אפילו פאר מיר אַ ביסעל צו שווער, דאָך נאָט אייך דריי דאָלאר און בעווייזט, אז איהר זיינט מיינער אַ גוטער פריינד, חלעבען איך קען אייך עפּטער צושאַרען אַ דזאָבעל, אַ שרייבאכץ, אַ בוררת....

פייטעל רעפּאָרטער נעהמט צו די דריי דאָלאר און צורייסט דאָס פּיי־פּער אין ליפּא׳ס אויגען און זאָגט: — וואָס דען, איך האָב זיי אין דר׳ערד.

און ער האָט גענומען סך הכל 4 דאָלאר פאר ניט שרייבען, ווייל פּיי־ווישעס דאָלאר מעג דאָך סתם זיין פערפאלען, ווייל ער וועט דאָך איהם ניט מאָהנען בפרהסיא, און דאָס הייסט נעגאַטיף, בעצאָהלט פאר ניט שרייבען.

3) רעוואָלוציאָנער דאָס איז דאָס דריטע און דאָס איינטערעג־ליכסטע: ער קומט צו הייקעל דעם מוהל און בעט איהם לייהען צוויי דאָ־לאר אויף שבת, חייקעל וויל ניט געבען, פייטעל נעהמט נקמה מיט פאָלגענ־דען רעפּאָרט:

— לעצטען דיענסטאג איז געווען אַ ברית ביי משה דעם קאָסטאָמער־שניידער אין 26 נאָרטה סטריט, וואו חייקעל האָט געאידיש דעם רך הנמול און אויף דעם צווייטען טאָג איז דאָס קינד געשטאָרבען פון בלוט־פערגיפ־טונג, דעם צער פון די עלטערען איז ניט צוצוזעהען, ווייל עס איז ביי זיי געווען אַ נעציטערטער זכר, ווייל זייערע פריהעריגע 5 קינדער זיינען אלע מיידלאך.

זעלבסטפערשטענדליך, אז נאָך אַזאַ רעפּאָרט, ניט נור חייקעל אליין וועט איהם שוין דאָס צווייטע מאָל ניט ענטזאָגען צוויי דאָלאר לייהען, נאָר פיעלע אנדערע מוהלים וועלען איהם שוין מאַנאַטען לאנג אנטקעגען טראָגען אַ האלבען דאָלאר טאָמער דאַרף ער אויף שבת. און פייטעל רעפּאָרטער נעהמט אויף דיזען רעוואָלוציאָנערען וועג האלבע דאָלארס און קוואָדערס כחול הים, אז מאנכע בעהויפּטען, אז ער זיצט אויף זיינע 4, 5 דאָלאר אַ וואָך.

דאָס זאָגט די וועלט. ווער עס איז אָבער געוועזן אזא בוזים־פריינד, ווי איך בין געוועזן ביי פייטלען ווייס, אז אזוי פיעל הכנסה האָט פייטעל ניט, ווארום ניט יעדען טאָג טרעפען זיך ניסים און ער מיט זיין פרוי און קינדער מוזען עסען ניט נאָר יעדען טאָג, נאָר זעהר אָפט צוויי מאָל א טאָג און זומער טאקע דריי מאָל א טאָג, און דאָס קומט איהם נעבעך אָן זעהר שווער. מילא רענט, פּטור, איז דאָ צאָהלט מען, אז ניט מופט מען איבער ביי נאכט, פאר־טאָג און אפילו אין מיטען טאָג, וואָס האָט דען פייטעל מורא, ווי טהייער זיינע פאָרניטשור זאָלען ניט זיין, קען עס נאָך אלץ ניט דעקען א גאנצען מאָנאט רענט און דערפאר וועט איהר טאקע זעהן א 12 מאָל אין יאָהר זיין אדרעסע געענדערט.

— וואָס זאָל ער נעבעך טהאָן? — זאָגט אָפט זיין אייגען ווייב — אז ער איז פאָרט ניט פאר אמעריקא! דאָ איז א מדינה נאָר שווינדעל און גנבה און גזלה נילט און נאָר פאר גראָבע יונגען איז דאָ א לעבען. אָבער מיין אל־טער קען דאָס ניט, וואָס זאָל ער נעבעך טהאָן? געהן ארבייטען אין שאפּ מיט אָפּערייטאָרס און פינישערס? פּאסט עס פאר ר׳ איצע דעם דיין׳ס זוהן און פאר מיין פאמיליע, און דערצו איז ער נאָך קיין געזונטער אויך ניט. זאָל ער ארויסגעהן פּעדלען? מוז ער דאָך האָבען א ביסעל וואארע און ווער וועט עס איהם געטרויען, אז שוין פון עטליכע יאָהר, אז וואו מען כאפּט א גמילות חסד, גיט מען ניט אָב, און צו ביזנעס, איז ער ניט דער מענש פון שווינדלען און זאָגען ליגען. ער שרייבט אפילו א מאָל א ליגען, נו, וואָס טהוט מען ניט צוליעב פּרנסה? (אגב איז ער מקיים א מצוות עשה, מדבר שקר תרחק, ווייל ער שיקט אוועק דעם ליגען ווייט, ווייט, אזש קיין ניו יאָרק), און פון די טשאַריטיס, ווי זאָגט מען דאָס, א לעבערדיגען זאק קען מען ניט אָנשטאָפּען, נו, וואָס־זשע מיינט איהר? דערפאר מוטשעט מען זיך טאקע מיט׳ן טוידט איידער מען דערלעבט זעהען דאָס שטיקעל ברויט, מן הסתם וויל גאָט אזוי.

ווי איהר זעהט, איז אונזער פייטעל רעפּאָרטער ניט אויף ראָזען גע־בעטעט, ער לעקט ניט קיין האָניג אין אמעריקא און איהר קענט איהם א מאָל בעגעגענען א צוויי טעג נאָך דינער און לויט נאָך זיין ווייב׳ס עדות קענט איהר זי טרעפען מיט די קינדערלאך א דריי נעכט פאר סאפּער. דאָך ניט נאָט די קעלט נאָך די קליידער נאָך און פייטער רעפּאָרטער איז א פרעהליכער יונגער מאן, איהר בעגעגענט איהר אימער פרעהליך און רעזוערענד מעסיג

געקליידעט און זעהר אָפּט מיט א סיגאר אין מויל. זעלבסטפערשטענדליך, זייט איהם ניט חושד, אז ער האָט חלילה געקויפט א סיגאר, וועהרענד פאר 5 סענט קען ער האָבען א ברייטעל אויף א גאַנצען טאָג. א סיגאר, דאָס איז געווים א פּרעזענט פון א נעגאַטיווען קאָסטאָמער און אָפּט אויך פון א פּאָזיטיפען.

איהר בעגעגענט איהם זעהר אָפּט און איבעראל, טאָמער דארפט איהר צו איהם, האָט איהר ניט נויטהיג צו וויסען זיין אדרעס, ווייל איידער איהר וועט צוגעהן אימיצען פרעגען, בעגעגענט איהר איהם אליין. איהר בעגעגענט איהם אויף אלע ברית'ן, חתונות, בר מצוה'ס, אויף אלע קהל'שע מיטינגען, מאססמיטינגען, ביי אלע רבנים און שוחטים, ביי אלע פּרינטערס און ביי אלע צייטונגס־פּערקויפער, אימער און איבעראל, האָט ער אייך עטוואָס צו זאָגען, אָבער ניט אום אייך עטוואָס ערפאַהרונג צו געבען, זאָנדערן פון אייך עטוואָס צו ערפאהרען.

די וועלט האָט איהם ניט פיינט, מילא ער איז דאָך אן אָרעמאן, די וועלט האָט איהם ניט ליעב, ווייל עס איז ניטאָ פאר וואָס.

פון רכילות און לשון הרע היט ער זיך ווי פון א ליגען, א פרעמדער סענט איז ביי איהם טריף, כמעט אזוי ווי זיין אייגענער.

אַז ער זאָגט אייך עטוואָס צו, פערלאַנגט ער גאָר ניט איהר זאָלט איהם גלויבען, ווייל צו אונמעגליכעס האָט ער גאָר קיין השגה ניט.

ער איז חלילה ניט קיין פאַנאַטיקער אין דער רעליגיאָן, דאָך מאַכט ער מיט אלע אידישע זאכען, פּשוט ווייל דאָרט זיינען דאָ א סך אידען, און ער שילט א מאָל די אפּיקורסים, איז דאָס נאָר אייך צוליעב, ד. ה., זיין פרנסה צוליעב, אָבער אין הארצען איז ער קיינעם קיין שונא ניט און זוכט זיך צו בעגעגענען מיט אנארכיסטען און סאָציאַליסטען אויך.

מילא וואָס ער איז קיין ביזנעס־מאַן ניט און קען קיין מלאכה ניט, פערדריסט איהם ניט, אדרבא, דאָס איז נאָך פאר איהם אמאָל א שטיקעל כבוד, פּאָרט ניט קיין פּראָסטער מענש, אָבער איין זאך הערט איהר איהם יא זעהר אָפּט בעדויערן, וואָס ער איז קיין רעדנער ניט. צו זיין גרוים השלמה, צו אלע זיינע מעלות און איבערהויפּט צו זיין פרנסה, וואָלט ער געדאַרפט זיין א שטיקעל ספּיקער. עס איז זעהר אונאַנגענעהם איבעראל צו זיין און ניט קענען נעהמען דאָס וואָרט פאר'ן פּובליקום, און זיך מוזען אימער בעגניגען

מיט די פּאָר מענשען, וואָס זיצען לעבען איהם, זיי זיין מיינונג, ווען ער האָט וועלכע, צו ערקלעהרען.

און אויסער דיזע רעדען פעהלט איהם נאָך א קליינינקייט. עס איז צוואר ניט אזא גרויסע חכמה, אָבער איהם וואָלט עס צוניץ געקומען, נעמ־ליך, אלס צייטונג־שרייבער, וואָלט ער געדארפט קענען א ביסעל שרייבען. ווען ער זאָל קענען א מאָל אָנשרייבען האָטש א קליין מעשה'לע פאר א צייטונג, וואָלט דאָך איהם אויך ארייננעפאַלען א דאָלאר, און ער, גראָד אלס רע־פּאָרטער און וואָס וויים די אדרעסען פון אלע אידישע צייטונגען אין אמע־ריקא, דארף ער גראָד ניט קענען שרייבען.

נאָר מילא זיך געהן זאָרגען פאר וואָס מען קען ניט עפּעס, און אז איהר קענט ניט קיין פראנצויזיש און איך קיין כינעזיש ! אלעס אינאיינעם איז דאָך ניטאָ ביי קיינעם. אבי ער איז אָהן דעם א מושלם בכל המעלות.

און אזוי לעבט דיזער פייטעל, דער אידישער רעפּאָרטער, דער פּובליק־מען א רעטהזעלהאפטען לעבען. אלע קענען איהם און קיינער קען איהם ניט פערשטעהן פון וואָס ער מאכט א לעבען. ער אליין וואונדערט זיך א מאָל דערויף : עט — זאָגט ער — אז מען לעבט, גיט גאָט צום לעבען, איהר האָט א סיגארעטעל ? — איהר האָט א מעטש אויך ? — איהר האָט ניט ביי זיך א ניקעל ? איך דארף נעהמען די קאַר און האָב פערגעסען נעהמען טשענדזש צו הויז — קומט אריין, הייסט געבען א גלאָז ביער — אין דעם סאלון איז א פּרעכטיגער לאָנטש... א דאנק גאָט, מען שלאָגט זיך דורך....

דאָס הייסט א וואונדער מענש און דאָך איז קיין וואונדער ניט פאר וואָס די אידישע צייטונגען ענגיידזשען ניט אזעלכע אין יעדער שטאָדט, ווייל פשוט :

שלעכטעס שרייבען אויף אימיצען האָבען זיי גענוג אין זייערע ציינונגען.

גוטעס שמעקט שוין מיט אדווערטייזמענט און דאפיר דארף מען דאָך זיי צוצאָהלען.

דערווייל בלייבט פיר זאָלכע אידישע רעפּאָרטערס קיין פּלאַץ ניט פאר סאלערי און דאהער כאפּט אונזער פייטעל דעם דאָלאר ווי עס לאָזט זיך און פערווענדעט איהם געוועהנליך אויף דאָס נויטיגסטע. און ווען ער האָט מיך דערטאפּט ביים חזן, האָט ער מיך ממש געקוסט פאר ליעבשאפט, און גע־חענדינג פון א ברית איז ער געבליבען שטעהן לעבען א וואָגען פון א פּאר־

מער, האָט געקויפט פאר גאנצע 19 סענט יונגע ציבעלעס, עטליכע רעטעכלעך מיט א פּאָר באַנאַנעס פאר די קינדער און האָט מיך מיט א זיפץ איבערגע־געבען צום פארמער און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען האָב איך געזעהען ווי מען נעהמט ארויס טשענז פאר מיר, דאָס הייסט אז מיין נייער בעזיצער, דער אידישער פארמער, האָט פאר מיר בעצאָהלט 81 סענט קעש א חוץ די צי־בעלעס מיט'ן רעטעך.

---

# VIII.

## דער אידישער פארמער.

ביים פארמער אין פאקעט ליגענדיג בין איך רייכער געוואָרען מיט דער אנטוואָרט אויף די זאָפיעל געשפּראָכענע און געשריבענע „ערד־פראגע“ פאר אידען, און אזוי ווי עס זיינען פאראנען טויזענדער אידען וואָס שווערמען נאָך ביז יעצט פאר דער שעהנער אידעע צו לערנען ערד־ארבייט, דענק איך, אז פאר זיי וועט מיין דיזע ערפאהרונג זיין זעהר וויכטיג.

זיין א פארמער איז להבדיל באלף הבדלות ווי צו זיין א שניידער ווי שנעלענבערג אין פילאדעלפיא, וועלכער האָט עטליכע הונדערט הייזער אלס ריעל עסטייט, עטליכע גרויסע דעפּארטמענט סטאָרס, עטליכע הונדערט טויזענד דאָלאר אין די בענק, און ניט נאָר ער האָט אליין פערגעניגען, נאָר ער קען ספּענדען אוועקצושיקען א פּאָר צעהנדליג לעהרער, אָדער א פּאָר צעהנד־ליג רעוורערענדס קיין יוראָפּ אויף זיינע קאָסטען. שטעלט זיך יעצט פאָר, ווען עס זאָלען קיינע אידישע שניידערס ניט זיין, וואָלט מען געווים געקלונגען מיט א „שניידער־פראגע“ פאר אידען — סטייטש פאר וואָס ווילט איהר קיין שניידער ניט זיין? אָט זעהט ווי גליקליך, ווי רייך שניידער זיינען.

אזוי ווי אידען זיינען אָבער מעהר שניידער ווי אלע אנדערע נאַציאָנען אין אמעריקא און פיעלע שטארבען 7 מאָל א טאָג פאר הונגער און פארמערס זיינען ווייניג, און מען זעהט ניט קיין דריי טויזענד פארמער מיט א מאָל סטרייקען פאר צעהן סענט ווייזשעס מעהר, שרייט מען: פאר וואָס ווילען אידען ניט ווערען קיין פּאַרמערס? וואָס האָבען זיי זיך עפּעס גענומען צו שניידעריי, צו מסחור א. ד. גל.?

דער עולם פערגעסט אָבער גאָר, אז פארמעריי איז להבדיל ווי שנייי־דעריי, ווען מען ארבייט מיט טוויזענדער קעש, און אנדערע מאכען מיר דאָס לעבען זיס מיט זייער ארבייט, קען מען טאקע ווערען פון אזא ארבייט רייך און גליקליך, אָבער א שניידער, וואָס פערמאָגט נאָר די נאָדעל מיט א זיבען קליינע קינדערלעך צו סופּאָרטען, ליעגט ער אזוי גוט אין דער ערד, ווי אן אָרימער קלעזמער, אָדער אן אָרימער קרעמער, אָדער אן אָרימער אָרימאַן.

ביי פארמינג איז פונקט דאָס זעלבע. ווען איינער האָט א פּאָר טויזענד אקער לאנד מיט א פּאָר צעהנדליג טויזענד דאָלאר אויף אלע נויטיגע מאָדערנע איינריכטונגען, מיט גענוג הענד צו ארבייטען איז טאקע פארמינג זיס און שעהן.

ווער עס האָט אָבער עטליכע אקער לאנד נאָך מיט׳ן בוש, און האָט קיין געלד אפילו א הייזעל אויפצובויען פאר זיין וואָוינונג און דערצו האָט ער נאָך א זיעבען קליינע קינדערלעך צום העלפען עסען, אָבער ניט ארבייטען, אוי, קייעט ער די ערד ווי, להבדיל, אן אָרימער שוסטער, אָדער אן אָרימער פרינטער.

די מאָראל דערפון איז, אז געלד געהט צו געלד, מיט געלד מעג מען אפילו האנדלען מיט שמאטעס, ווערט מען רייך, און אָהן געלד מעג מען אפילו האנדלען מיט דער תורה, וואָס זי איז די בעסטע סחורה, ד. ה. זיין א מלמד, בלייבט מען אלץ א קבצן ביז׳ן טויט.

נאָך א זאך וואָס פיעלע נארען זיך אָפּ אין דעם, נעמליך צו געדענקען דעם גרויסען אונטערשיעד פון טהעאָריע ביז פּראקסיס, פון דער אידעע ביז דער ווירקליכקייט. זיי פערגעסען, אז אזוי ווי אלעס אין דער וועלט, אזוי האָט אויך ערד־ארבייט צוויי זייטען: די ליכט זייטע און די שאטען זייטע. דער פאנטאזיאָר זיצט זיך פערטראכט נאָך א הייסע רעדע פון א נאציאָנאליסטי־שען רעדנער איבער ערד־ארבייט:

אָה! און ווי גליקליך זיינען טאקי די מענשען וואָס לעבען אויפ׳ן לאנד! זיי ווערען פּטור פון קאָכענדיגע, רוישענדע גרויסע שטעדט, מיט די גרויסע חטאים, גרויסע שווינדעל פון די פערפעסטעטע, פערשטיקטע שעפּער און טע־נעמענט־הייזער און מען לעבט זיך גליקליך אונטער גאָטעס הימעל, מען גע־ניסט די פרישע ריינע לופט, מען טרינקט פרישע קלאָרע וואסער, פרישע ריינע מילך, מען עסט פרישע אייער, פּוטער און פערשיעדענע פריכטע, מען

ליעגט זיך אונטער דעם שאָטען פון א בוים אויפ'ן גראָז און מען קוקט אויפ'ן בלויען הימעל און מען הערט דאָס בלעקען פון די אונשולדיגע קעלבעלעך, מיט די נעטליכע שפּיעל־פייגעלעך.... איז דאָס ניט דער גן עדן אויף דער וועלט!

ווען זיי זאָלען אָבער קענען זעהען די צווייטע זייטע, אז דער פּארמער שטעהט אויף גאנץ פריה, געהט ארויס אין פעלד, עס הויבט אָן גיסען א רע־גען, ער שלעפּט זיך אין דער בלאָטע צוריק,, דאָס פערדיל האָט קיין כח ניט צו שלעפּען דעם וואָגען, דער פּארמער בראָדזשעט נעבעך מיט די באָרוויסע פיס אין דער קאלטער טיפער בלאָטע. אין מיטען דערינען, טראסק, צובראָ־כען א ראָד. ער בלייבט ערשראָקען, געערגערט, ניטאָ מיט וואָס צו פיקסען, נעהמט דעם ראָד אויף דער פּלייצע, מיט דער צווייטער האנד פיהרט ער דעם פערד, דער קאלטער רעגען נעצט איהם דורך ביז אין די ביינער. קוים לע־בעדיג קומט ער אהיים. און דאָס ווייב מיט א געוויין זאָגט איהם אָן די איינציגע קוה איז ענדליך גע'פּגר'ט. די קינדערלעך ארום איהר וויינען, זיי זיינען הונגעריג, זיי ווילען האָטש א גלעזעל טהעע, איז קיין צוקער ניטאָ, צום שטאָדט איז ווייט, קיין קעש געלד איז אויך ניטאָ, דער פּארמער קראצט זיך נעבעך, וואו עס בייסט איהם ניט און טראכט: אָה, ווי אונגליקליך זיינען פּארמער, און ווי גליקליך זיינען די שטאָדט־לייט, דאָרט קריגט מען דאָך אין א נויט נעבאָרגט, געליהען, אויסגעהאָלפען און דאָ האָט מען א שאָו פון הונ־גער אויסצוגעהן, א האָהן זאָל אפילו ניט קרעהען. אָה, דאָס איז טאקע נאָר דער גהינום אויף דער וועלט!

נור וואָצו די פילאָזאָפיע, אָט זעהט דעם לעבען פון מיין פּארמער און אורטהיילט אליין.

שניידער איז א איד אין די 40 יאָהרען. דאָס געזיכט איז געקנייטשט, דאָס בערדיל גרוי ווי ביי א זקן פון 70, מיט 20 יאָהר צוריק איז ער געווען איין עלעגאנט געפּוצטער לעהרער אין א גרויסער שטאָדט אין רוסלאנד, עמ־פּפענגליך פון אידעאלען, איז ער געוואָרען אן „עם עולם'ניק", אויסגע־וואנדערט נאָך אמעריקא, געוואָרען א פּארמער דורך די גנאָדען פון א קאָמי־טעט, א פּארמער איבער 7 אקער לאנד ניט בעארבייטעט, אָהן א סענט קעש, נאָר מיט א וועלט פּאָעזיע און 7 קינדער פון דריי יאָהר אלט אָנגעפאנגען ביז 15 יאהר דער עלטעסטער, א באָי וואָס האָט שוין געהאט צוויי קלאבען נימנאזיום הינטער זיך און צעהן מאָס סטודענטען־שטאָלץ אין זיך.

ברײנגע, די מוטער פון זײנע 7 קינדער, ניט אַזוי פּאָרטנעשריטען ווי ער אָבער אויך מיט גוטע האָפנונג, אַז די קינדער װעלען איה"ש אונטערוואַקסען און אַלע װעלען אַרבײטען בײ דער פאַרם, וועלען זײ איה"ש אַ מאָהל נאָך רײך װערען.

די ערשטע עטליכע יאָהר האָט מען געאַרבײטעט אונערמידליך און גע־ליטען אונערטרעגליך, אַז אַט באַלד װעט שוין די ערד זײן קליער, די גע־פלאַנצטע בוימלעך װעלען אָנהויבען געבען פריכטע, די עלטערע דרײ פיער קינדער װעלען אָנהויבען העלפען אין דער אַרבײט און מען האָט געגעסען האָפנונג אָנשטאָט ברויט און צום ברויט פלעגט מען צו שנאָרען בײ אַ קאָ־מיטעט, בײ גוטע פרײנד אין דער שטאָדט, און מען האָט זיך געמוטשעט און געליטען אויף װאָס די װעלט שטעהט.

אָבער ענדליך איז דער זיסער טרוים פערשוואונדען און די ענטטױשונג איז געקומען אין איהר שרעקליכסטער װירקליכקײט.

דער עלטערער באָי האָט געהאַט אײן אידעאַל צו װערען דאָקטאָר און האָט זיך צו דער אַרבײט אַפילו ניט צוגעריהרט און אום דאָך אַ מאָהל צו קריגען אַ ביכעל און צו האָבען אַ רעקעל, װאָס דער פאָטער האָט איהם ניט געקענט געבען, איז ער דערװײל געװאָרען אַ העמדעל־נײער, דער צװײטער באָי נאָך איהם, איז נעבעך געװען גאָר אַ שװאַכער אין דער געזונדהײט און האָט גאָר ניט געקענט העלפען, ער האָט געהאַט אײן אמביציע צו לערנען מוזיק, אָבער קײנע מיטעל דאַצו; דאָס מײדעל איז געװען שעהן, צו שעהן פיר ערד־אַרבײט, אָבער קלײן און שװאַך געװאַקסען און זעהר נערװעז פון שונד־ראָמאַנען; די קלענערע פיער צו קלײן צור אַרבײט און דערצו דער מאַנגעל אָן ערציהונג, זײנען געװאַקסען װילד און אונערצױגען. די מאַמע אימער אָנגעשטרענגט פון שװערע אַרבײט אין הויז, איז געװאָרען האַלב־צוזאַמענגעבראָכען פון פערצװײפלונג.

די מענשען אַרום אונזער פאַרמער, שכנים, זײנען אידעאַליסטישע עם־עולם'ניקעס, מאַנכע אַביסעל בעסער אָפּ װי ער, אָבער מײסטענס היפּאָקרי־טען, פלעגען איהם פערביטערען זײן לעבען פאַר זײנע פרײע אַנשויאונגען און ענדליך האָט זיך אונזער שנײער געפונען אין אַ שרעקליכע לאַגע פון אַלע זײטען און דאָס „ליגען אונטער אַ בוים, קוקען אויפ'ן בלויען הימעל און הערען װי די פײגעלעך זינגען" איז שוין לאַנג פערשוואונדען פון זײן

פאַנטאַזיע און זיין איינציגעס דענקען איז געווען ווי זיך פון דער פאַרם ארויסצוכאַפּען און אין וועלכער שטאָדט צו קענען אַ לעבען מאַכען פון אַר־ בייט אין אַ שאַפּ.

אָבער דאָ קומט די נויטה מיט איהר אייזערנע האַנד: ארויסמופען מוז מען האָבען עטליכע דאָלאַר אויף אַ דירה צו רענטען, די קינדער אביסעל צו בעלאַטען און דאַרויף איז נאַר איין מיטעל: די פאַרם צו פערקויפען.

אָבער וואו זיינען די קונים, דאָ איז איינער אנטלאָפען אין שטאָדט און האָט איבערגעלאָזט זיין פאַרם פון 5 יעהריגע ארבייט אין גוטע האָפנונג און די פאַרם שטעהט פוסט.

דאָ האָט איינער פאַר זיין נאַנער פאַרם גענומען 40 דאָללאַר און איז אנטלאָפען מיט'ן לעבען. און אַלע איבעריגע ווילען נאַר פערקויפען, אָבער ניט קויפען.

און זאָ האָט שנייער נעבעך געמוזט בלייבען פאַרמער אין צרות געגען זיין ווילען.

אָבער איין סעריע פון צרות און ליידען האָבען איהם געשטערט דעם געגוס זאָגאַר פון די געוויקסע, וואָס ער האָט שוין ערציעלט פון זיין שווערער ארבייט.

דאָ פאָהרט ער מיט זיין פערדיל צו דער נעכסטער באַהן סטאַציאָן, אַ טריין קומט און דאָס פערדעל דערשרעקט זיך, הייבט אָן לויפען, צוברעכט דעם וואָגען אויף שטיקלאַך מיט די הינטערשטע פיס צוזאַמען, און שנייער דאַרף ווייטער ליידען און זאָרגען אויף אַן אנדער פערד און וואָגען.

דאָ האָט ער אוועקגעשיקט זיינע סטראָבערים, אויף וועלכע ער האָט געאַרבייט אַזוי שווער, צום איידזשענט און האָט געהאָפט הייטע אָדער מאָר־ גען צו בעקומען כאָטש דעם קלענסטען פרייז, און ענדליך האָט איהם דער איידזשענט אריינגעשיקט אַ לעטער און האָט געמאָהנט פאַר סטאָרעדזש, ווייל ער קריגט קיין קאָסטימער ניט דאַרויף.

דאָ קומט דער איידזשענט פון קאָמיטעט און מאַהנט דעם מאָרטגיידזש און דראָהעט איהם אין גאַנצען ארויסצוואַרפען.

ענדליך זיינען די דריי עלטערע קינדער אוועק אין שטאָדט, ארבייטען אין שעפּער און ווילען עררייכען זייער שטודיום, דאָס מיידעל רעאַליזירען איהר פאַנטאַזיע און אונזער שנייער חושך'ט ווייטער אַלס פאַרמער.

אלזאָ, דאָס קאָמיטעט מיט איהר גוטען ווילען האָט פון שנייער׳ס פאַ־מיליע קיינע פארמער געמאכט, אָבוואָהל זיי האָבען מאנכע ערפאהרונגען גע־וואונען. אבער דער קערפּערבוי, די נאַטירליכע נייגונגען, די ערציהונג, די אידעאַלען, וואָס אַזעלכע אידישע פאמיליען ברייננגען מיט פון זייער אלטער היימאַט קען מען ניט זאָפאָרט, אין איין דור, אויסוואָרצלען. מען קען אַ פאָלק אין איין גענעראַציאָן, אָדער אפילו אין צוויי־דריי גענעראַציאָנען ניט איבערמאַכען. צו מאַכען פון לומדים און סוחרים פארמער איז ניט אַזוי לייכט ווי די נאַציאָנאַליסטישע שווערמער מיינען.

דערצו נאָך דער אומשטאַנד, וואָס די פאַרמער האָבען ניט גענוג ערד און ניט גענוג מיטעל פיר זייער בעדירפניס צו ענטוויקלען זייערע פארמס, קען דורך טשאַריטי קיין מאָהל ניט פאָלקאָמען געדעקט ווערען, דען זאָגאַר נוי׳אישע אָרימע פארמערס קענען אויך ניט פאָרווערטס קומען און פיעלע געהען נעבעך צו גרונד.

דיעזע ערפאהרונגען האָט שוין יעצט שנייער פאָלקאָמען געוואונען, און איך, ביי איהם אין פאַקעט ליגענדיג, בין מיט איהם פאָלשטענדיג איינ־פערשטאַנדען.

ניט איך אליין האָב מיך געוואָלגערט ביי שנייער׳ן אין פאַקעט, ער האָט געהאַט נאָך אַ 24 זילבערנע און פאַפּירענע דאָללאַרס מיט מיר, און עס האָט מיך זעהר געוואונדערט, אַז אין אַזעלכע נויטען ווי שנייער האָט זיך געפונען אין דער לעצטער צייט, דאָך האָט ער קיינעם פון אונז ניט ארויס־גענומען, איהם פון זיין נויט צו ערלייכטערען. ענדליך האָב איך אָנגע־הויבען דענקען, אַז ער מוז האָבען איין פיעל גרעסערע צרה ווי די אַלע, אויף וועלכע ער שפּאָרט אונז, און ווירקליך, איך האָב געטראָפען, דען אין אַ שעהנעם הערבסט טאָג איז צוגעפאָהרען צו זיין הויז אַ דייטשער יהודי מיט אַ זיסליך־זויערליכען שמייכעל אויף די ליפּען און ביטערען שטאָך אין די אויגען, מיט אַ מיכטרויאיש פערדרייטען הויקער־נאָז און נאָך דער ערשטער היטרע־פריינדליכער בעגריסונג האָט ער אָנגעהויבען ביי איהם מאָהנען דעם מאָרטגיידזש צאָהלען, דאבייי שימפּפענדיג אויף אַלע אונדאנקבארע, אונאָר־דענטליכע, אונציוויליזירטע אידען.

שנייער האָט, ווי עס ווייזט, די מגלה געקענט אויסווענדיג און האָט איהם קיין בעזונדערע אכטונג דאַפיר געגעבען. ער האָט נאָר מיט אַ זיפץ,

אָבער מיט א געוויסען שטאָלץ, אונז אַלע ארויסגעשלעפּט פון פּאקעט, א 25 אין דער צאָהל, האָט עס געגעבען דעם יהודי געגען א רעסיט.

און צום ערשטען מאָהל אין מיין לעבען האָב איך מיך געפונען אין הענד, וועלכע האָבען מיך ניט געוואָלט בעריהרען, ווי מען וואָלט זיך פון אונז געעקעלט ווי פון שרצים, און נאָך דעם ווי מען האָט אונז איינגעווי־קעלט אין פּאפּיער און אריינגעוואָרפען אין לעדערנעם טאש האָב איך גע־מאכט די רייזע קיין נויאָרק צום האָכווירדיגען קאָמיטעט, וועלכען עס פעהלט די ערפאהרונג, אז איין אָרימער פארמער איז טויזענד מאָהל ערגער אָפּ, ווי איין אָרימער שניידער אין דער שטאָדט.

## צוועלפטע סעריע.

# געמישטע הומאריסטישע סקיצען

## I.

### ראחמיסטריווקער לבנה.

די פרעהליכקייט פון רבין'ס הויף, וואו אלעס האט געלעבט מיט דעם גרונד־זאץ: „דער רבי האט געהייסען פרעהליך זיין", איז פלוצלונג פערשוואונדען, א שלעכטע בשורה איז אנגעקומען, אז ר' אהרעלע קארלינער איז געשטארבען, זכותו יגן עלינו.

ר' אהרעלע קארלינער איז געווען איינער פון די בעריהמטע צדקים אין קארלין לעבען פינסק, און זיין טאכטער טריינעלע איז געווען ר' דודל'ס ווייב, ד' ה' ר' יוחנ'צע דעם ראחמיסטריווקער'ס א שנור.

טריינעלע האט זיך געזעצט שבעה און ר' יוחנ'צע איז איהר געגאנגען מנחם אבל זיין, אנשטאט אבער צו געהן מיט חלאוונע דעם גבאי איז אבער איהם נגזר געווארען מן השמים ער זאל געהן מיט מיר, ווייל אזוי ווי ער איז ארויס פון זיין שטיבעל האט ער צו מיר א וואונק געטהאן, האט ארויפגעליינט זיין הייליגע האנד אויף מיין פלייצע און געזאגט:

— לוטוואק־מתנגד, קום טהאן א מצוה.

מיט גרויס נצחון האב איך געטראגען מיין פלייצע אונטער זיין האנד דורכגעהענדיג דעם גאנצען עולם דאוונערס אין קלויז, ניט איין חסיד האט מיך מקנא געווען פאר אזא כבוד, און אזוי זיינען מיר דורכגעגאנגען דעם גאנצען הויף ביז זיין זוהן דוד'לס פליגעל.

אין גרויסען זאאל איז טריינעלע געזעסען אויף דער ערד זיפצענדיג איבער'ן ספר איוב, אין צווייטען צימער אנטקעגען מיט געעפענטע טהירען איז ר' דוד'ל געזעסען איבער א גמרא און געלערענט. דער רבי איז געבלי־

בען שטעהן אַ פּיער איילען ווייט פון זיין שנור און זיין האנד נאָך אַלץ אויף מיין פּלייצע.

— אוי, אזא צדיק, אזא צדיק! — האָט זיך טריינעלע צואוויינט דער־זעהענדיג דעם רבי׳ן.

— שוטה וואָס דו ביזט — האָט דער רבי איהר געטרייסט — אַ טאַטע אַ גנב זאָל ביי דיר שטאַרבען, וואָלט דיר מעהר ניחא געווען? אדרבא, טרייסט דיך, מיין קינד, ער האָט געלעבט ווי אַ צדיק, געשטאָרבען ווי אַ צדיק...

ר׳ דוד׳ל איז ערשיענען אויף דער טהיר, בעגריסט מיט כבוד דעם פּאַ־טער און געזאָגט:

— טאַטע לעב, מצוה גוררת מצוה, דו ביזט געקומען מנחם אבל זיין טריינעלען, דערווייל האָסטו מיר געבראַכט דוד׳קען. איך האַלט איצט ביי דער שיטה פון ר׳ חנינה סגן הכוהנים אין דער גמרא שבת און קען דאָרט עפּעס ניט משיג זיין.

דער רבי האָט אראָפּגענומען זיין האנד פון מיין פּלייצע און איך בין מיט נאָך מעהר שטאָלץ אריין אין צווייטען צימער צו ר׳ דוד׳לען.

אַ פּאָר מינוטען שפּעטער בין איך שוין געווען מיט ר׳ דוד׳לען פּער־טיעפט אין דעם הארבען ענין פון די י״ח גזירות, האָב געדרעהט מיט די פינגער, נעגלאַצט מיט די אויגען, ר׳ דוד׳ל האָט אויפמערקזאַם מיך צוגע־הערט און אַ צופריעדענער שמייכעל האָט געשוועבט אויף זיין ערנסטען פּנים. איך האָב הפנים אויסגעגלייכט זיינע ספיקות, ווי ער האָט ערוואַרטעט פון מיר.

קיין וואונדער, מען האָט מיך גערופען דער ליטווישער עילוי און בין דערצו אויך געווען מלמד אין הויף ביי ר׳ נחום׳ן, נאָר די חסידים וואָס פלעגען מיך מקנא זיין פלעגען מיך רופען: דוד׳קע דער ליטוואַק — מתנגד.

ווען ר׳ דוד׳ל האָט אריינגעלעגט זיין פּאַטשיילקע אין דער גמרא און פערמאַכט, איז געווען ארום 12 אַ זייגער ביי נאַכט, און דאָס האָט געהייסען אַ סיגנאַל פאַר מיר צו געהן אהיים שלאָפען.

טריינעלע׳ס צימער איז שוין געווען לאַנג פינסטער, ווען און מיט וועמען דער רבי איז אוועקגעגאנגען האָב איך ניט געזעהן, זייענדיג פער־טיעפט אין די 18 גזירות און אפילו שוין נאָכ׳ן לערנען האָב איך נאָך פון שלאָפען ניט געוואָלט דענקען.

דער איינדרוק פון רבין׳ס האנד אויף מיין שולטער, און אז ר׳ דוד׳ל,

דער גרעסטער למדן אין הויף, האָט געדאַרפט אָנקומען צו מיר מיט אַזאַ הארבען ענין, האָט מיך זעהר אנגענעהם אויפגערעגט, און אָנשטאָט ארויס־צוגעהן דורך דער הויף־טהיר, בין איך ארויס דורך דער הינטער־טהיר אין גאָרטען אריין.

עס איז געווען א פרעכטיג שעהנע פריהלינג נאכט, א פולע לבנה האָט בעלייכט די דעכער פון הויף און די שפיצען בוימער אין פולער פראכט, א מילדער ווינטעלע האָט בעגייסטערט די צווייגען און די בלעטלעך צו א שטי־לער תפילה פול מיט הימעלשע סודות און די נאכטיגאלען האָבען מיט א כרובים־כאָהר צו זייער שטילער תפילה צוגעטרילערט.

אין דעם מאָמענט האָב איך פערלאָרען די ערד מיט'ן נפש הבהמיות, און דאָס ערשטע מאָהל אין מיין לעבען האָב איך בעקומען „התדבקות". איך האָב מיך בעהעפט מיט דער שכינה, איך בין געווען אין די עולמות עליונים, אין זיעבענטען הימעל.

די באַנק אויף וועלכע איך האָב מיך געזעצט האָט מיר געשיינט ווי א לייכט־פליהענדער וואָלקען, מיינע בליקען זיינען געווען געריכטעט צו דער העלער לבנה, אין וועלכער איך האָב געזעהן פריהער יהושע'ס פנים, אָבער באלד איז יהושע'ס פנים פערשוואונדען און איך האָב דאָרט דערקענט גאַנץ דייטליך דעם שעהנעם ,רונדען, ווייסען, שמאכטענדען פנים פון חוה'לע דעם רבינס יונגערע טאָכטער.

חוה'לע איז געווען א מיידעל פון א יאָהר 18, איך האָב מיט איהר גע־לערענט לשון קודש א פּאָאר מאָהל אין דער וואָך, זי פלעגט מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען אריינקוקען טיעף אין מיינע אויגען, איך פלעג דע־מאָלס פיהלען ווי שטראָמען פארפומירטער ווייך פליסען אריין אין מיינע אָדערען און טובל'ען דאָרט מיין נשמה.

פון דעם זינדיגען געפיהל פון ערדישער ליעבע האָב איך אין איהר נענענווארט קיינמאָהל ניט געוואגט צו טראכטען.

חוה'לע איז א הייליגע, א צדיק'ס א טאכטער, און וועט באלד ווערען א צדיק'ס א פרוי און האָבען קינדער צדיקים. ווי קום איך, זינדיגער מתנגד, מחלל צו זיין דיעזע הייליגע מיט מיינע ליטווישע גשמיות'דיגע מחשבות?

און דיעזע הייליגע זעה איך איצט אין דער לבנה, און זי קוקט מיך אָן מיט די זעלבע גרויסע שמאכטענדע אוינען, און עס שיינט מיר, אז אויף די

שטראהלען פון איהרע אויגען ווער איך געטראָגען ארויף נעהענטער צו איהר, אלץ העכער און העכער, און פיהל זאַ הימליש־גוט און געטליך־גליקליך...

פלוצים דערהער איך אַ זיפץ הינטער מיר.

אַ זיפץ פון אַ לעבעדיגען מענשען זאַ שפּעט ביי־נאכט אין רבינ׳ס גאָרטען האָט מיך פון הימעל אראָפּגעשלעפּט. איך האָב מיך שנעל אומ־געקעהרט אהינטער און, וואָס זעה איך!

ביי איין אָפענעם פענסטער פון דער רבי׳צינס שלאָפצימער זיצט חוה׳לע מיט איהר אלבאסטער־ווייסען אָרעם, איהר שעהנעם קאָפּ אונטער־געשפּאַרט, איהרע טונקעל זיידענע האָאָר צולאָזט איבער איהר שעהן גע־פאָרמטען מארמאָר־נאַקען, איהר בליק געריכטעט צו דער זעלבער לבנה.

— גאָט אין הימעל, ווי ערהאבען דיין וועלט איז, אָט דאכט זיך האָב איך אין דיין לבנה געזעהן דאָס שעהנע פּנים פון חוה׳לע און אָט זעה איך אין דעם שעהנעם פּנים פון דיין חוה׳לע די פּרעכטיגע לבנה!...

און אונווירקירליך האָט זיך ארויסגעריסען פון מיין הארצען אַ שטילער רוף „חוה׳לע“.

און צו מיין ערשטוינען האָב איך באלד דערהערט איין ווידער־קול: „דוד׳קע!“

איך ווייס ניט ביז איצט, צו ווייל די שטראהלען פון חוה׳לעס בליקען אין פענסטער האָבען געהאט מעהר מאגנעט ווי די שטראהלען פון חוה׳לעס בליקען אין דער לבנה, אָדער ווייל דאָס פענסטער איז געוועזן נעהענטער צו מיר ווי די לבנה, גענוג אז אַ פּאָאָר סעקונדען שפּעטער בין איך געשטאנען ביי חוה׳לעס פענסטער.

— ווי קומט עס, אז דו ביזט זאַ שפּעט אין גאָרטען? — האָט זי מיר גאנץ שטיל צוגעפּליסטערט.

— איך ווייס כמעט אליין ניט, איך בין עפּעס גאָר ניט שלעפעריג, — האָב איך איהר מיט דער זעלבער שטילקייט געענטפערט.

— עס מוז געוויס זיין פון אויפרעגונג, פון דיין לערנען מיט מיין ברודער דוד׳ל. —

— פון וואנען ווייסטו אז איך?...

זי האָט מיר ניט נעלאָזט ענדיגען מיין פראגע ענטפערענדיג:

— דו ביזט געוועזן אזוי פערטיעפט אין די אכטצעהן גזירות מיט איהם,

אַז דו האָסט נאָר ניט בעמערקט, אַז איך מיט דער מאַמען זיינען דאָרט אויך געווען ביי טריינעלען מנחם אבל זיין, מיר האָבען דיך געזעהן צוהיצט ביי דער גמרא. אך, דוד'קע, דו האָסט זאָ שעהן אויסגעזעהן, מאקע די שכינה האָט גערוהט אויף דיין פנים, איך האָב מיינע אויגען ניט געקענט אָבּרייסען פון דיין ליכטיג פנים, איך וואָלט עפּעס געוואָלט הערען אַ גאַנצע נאַכט דיין ניגון פון דער גמרא, וואָס האָט פאַר מיר געקלונגען ווי זיסע מוזיק, אָבער די מאַמע האָט מיך ווי מיט געוואלד אַוועקגעריסען און גענומען אהיים, מיך האָט עס אָבער אַזוי פערדראָסען, אַז איך קען איצט ניט איינשלאָפען און עס האָט מיך געצויגען צום פענסטער, אַזוי ווי אַ רוח הקודש וואָלט מיר געלאָזט וויסען, אַז דו ביסט איצט אין גאָרטען.

— ביזט דאָך אַ קלוג מיידעל, גלויבסטו דען ווירקליך אין רוח הקודש? איך מיין פשוט, אַז דער טרויער פון טריינעלען האָט דיך צורודערט, וואָס איהר טאַטע איז געשטאָרבען.

— ער איז געווען אַ מאַן פון 80 יאָהר, און אויף אַזאַ מת טרויער איך ניט, נאָר איך האָב מיין איינגענעם מת ביי מיר אין הארצען, האָט זי געענדיגט מיט אַ שטילען זיפץ.

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— איך מיין, איך פיהל דאָ ביי מיר אין הארצען טיעף מיין חתן אַ טויטען.

— חוה'לע, דו ביזט אַ צדיק'ס אַ טאָכטער, און דיין חתן אַ צווייטען צדיק'ס אַ זוהן!

— דו מיינסט אויך ווי אַלע פאַנאַטיקער, אַז אַ צדיק'ס אַ טאָכטער האָט קיין הארץ ניט, קיין נשמה ניט, אַז אַ צדיק'ס אַ טאָכטער וויל ניט ליעבען און געליעבט זיין?

— און ליעבסטו דען ניט דיין חתן?

אַ סאַרקאַסטישער שמייכעל האָט זיך געצייגט אויף איהרע ציטערנדע ליפען.

— דו קענסט איהם ניט, דוד'קע, ער איז מיט דריי יאָהר אינגער פון מיר, אַ ניכטס־וויסענדער, פערצערטעלטער חדר־אינגעל, נאָך מיט אַ פייכט נעזעל, און מיט איהם וויל מען דאָס מיך באַלד חתונה מאַכען!...

טרעהרען האָבען דערשטיקט איהרע ווערטער. איך האָב אויף איהר

א בליק געטהאָן מיט מיטלייד. איהרע אויגען זיינען געריכטעט צו דער לבנה און די טראָפּענס טרעהרען האָבען געבליצט ווי דימענטען געגען איהרע שטראַהלען. איך האָב אויך געקוקט צו דער לבנה.

עטליכע סעקונדען האָבען מירביידע געשוויגען.

אָבער פּלוצים האָב איך דערפיהלט ווי עפּעס בעריהרט זיך צו מיינע האָאָר אויפ׳ן קאָפּ, און א מאָמענט האָב איך געמיינט עס איז א צווייגעל פון דעם בוים וואָס איז געשטאַנען נאָהענט צום פענסטער, אָבער באַלד האָב איך דערפיהלט די ווארימקייט פון חוה׳לעס האַנד.

— אך, וואָס פאר דינע ווייכע האָאָר דו האָסט, אזוי ווי זייד — און איהר האַנד האָט זיך אראָבגעלאָזט אויף מיין באַק.

איך בין יעצט נאָך אויך ניט קיין גרויסער העלד אונטער די ליעב־זאָגונגען פון א שעהנעם פרויענצימער, אָבער דאַמאָלס, א איננגעל פון 18 יאָהר, זייענדיג א יתום פון דער מוטער שוין פון 9טען יאָהר, האָט די לאַסקע פון א פרויענצימער, די ווארימע ווייכע האַנד פון א צדיק׳ס א טאָכטער מיר געגצליך עלעקטריזירט, און דאָס בילד פון מיין שעהנער, יונגער גאָטזעליגער מוטער האָט א בליץ געטהאָן פאר מיינע אויגען און פון גרויס ענטציקונג האָב איך געכאַפּט איהר שעהנע האַנד, צוגעדריקט צו מיינע ליפּען מיט ביידע הענד און האָב אויפגעדריקט א טיעפּען ווארימען קוס.

זי האָט איהר האַנד ניט צוריקגעצויגען, איך האָב נאָר געפיהלט איין לייכטעס צוקען פון איהרע בלוט־אָדערן, דאָס האָט מיר נאָך מעהר מוטה געגעבען און איך האָב אָנגעפאַנגען מיט מיינע ליפּען צו צייכענען א געאָ־גראַפישע קאַרטע אויף איהר נאַקעטען אָרעם; איך האָב איהר בעדעקט מיט הייסע קושען פון איהרע שפּיץ פינגער ביז איהר שלאַנקען האַלז.

איך געדענק ביז איצט ניט, ווי איך בין געקומען צו איהר האַלז, ווייל אין גאַרטען איז געווען פיעל נידריגער ווי אין צימער, צו בין איך אַרויפ־געשפּרונגען אויף דער פּריזבע, אָדער האָט זי מיר אַרויפגעצויגען; דאָס האָב איך ניט געפיהלט, איך האָב ערשט דערפיהלט ווען איהר צווייטע האַנד איז געווען אַרומגעוויקעלט אַרום מיין האַלז און אונזערעביידענס ליפּען האָבען זיך מתדבק געווען אין א הייליגען קוס.

צוויי הייסע טרעהרען פון איהרע האַלב־פערמאַכטע אויגען האָב איך דערפיהלט אויף מיינע באַקען, און דאָס האָט מיר עראינערט אז א צדיק׳ס

א טאָכטער דריקט מיך צו איהר ברוסט און אז אויף איהר גרעסטע פריידע האָט זי ניט פערגעסען ציון ווירושלים און פערגאָסען צוויי טרעהרען אויףביידע חורבנות...

ווי ריזיקאַלנע עס איז געווען דאָס שטעהן אויף דעם שמאָלען פונדא־מענט פון דעם הויז אין גאָרטען ניט צוהאַלטענדיג זיך, האָב איך העלדיש געכאַפּט איהר שעהנעם קאָפּ אין מיינעביידע הענד און בעדעקט מיט לייד־ענשאַפטליכע קושען איהר געזיכט, איהרע אויגען, איהרע האָאָר.

— ביזט א ווילדער, דוד׳ל, — האָט זי געשעפּטשעט מיט איהרע ליפּען. אָבער איך האָב דעם זאַץ פערשטיקט מיט מיינע ליפּען און האָב מקדש גע־ווען די לבנה, וועלכע האָט זיך קלאָהר אָבגעשפּיגעלט אין איהרע אויגען...

א שרעקליכער, הערצרייסענדער „אוי" האָט אונזער קדוש־לבנה פּלוציב איבערגעריסען; מיר האָבען זיך ביידע בליץ־שנעל אָבגעלאָזט. די רבי׳צין חוה׳לעס מוטער, איז געשטאַנען אין טהיר אין איהר נאַכט־העמד.

ווי א פייל פון בויגען בין איך פון דעם פענסטער פערשוואונדען, אריין צוריק אין דוד׳לס פראָנט רום, א וואָרף געטהאָן זיך אויף א זאָפע און אין טויט־שרעק געזוכט צו מאַכען זיך, אז איך שלאָף גאַנץ שטאַרק.

מיין הארץ האָט אָבער געקלאַפּט ווי מיט האַמערס, איך האָב געהערט טיהרען קלאַפּען, רעדען, וויינען...

איך בין געלעגען.

איך האָב דערהערט פּלוצים דעם רבי׳נס שטימע אין ערשטען צימער.

— האָסטו, גאָטעניו, צו די אַכצעהן גזירות נאָך א גזירה, וועה איז מיר, זלאָווגע, שנייד מיר קריעה.

עס האָט מיר געקלאַפּט א צאָהן אָן א צאָהן, איך בין געלעגען.

— חלאָוונע, זאָל מען באַלד איינשפּאַנען א פּאָאָר פערד, און זאָל מען דעם ליטוואַק באַלד אָפּפיהרען נאָך סמילע, איידער עס ווערט טאָג, הערסטו!

ראחמיסטראָווקע האָב איך ניט מעהר געזעהן, אָבער „ראחמיסטראָווקער לבנה" שטעהט מיר נאָך היינט פאַר די אויגען.

---

# II.

## דער דיבוק.

טשאַרטקאָוו איז אַ בעריהמטע שטאָדט אין גאַליציען לעבען דער רוסי־שער גרענעץ, אָבער בעריהמט איז זי ניט צוליעב איהר גרויסקייט, ווייל אין גאַנצען זיינען דאָרט דאַ עטליכע טויזענדער אידען, אפשר נאָך אַ מאָהל אזוי פיעל ציגען און גוים להבדיל, אָבער בעריהמט איז טשאַרטקאָוו, ווייל דער טשאַרטקאָווער רבי וואָהנט דאָרט, ווייל קאַרל עמיל פראַנצאָז, דער בע־ריהמטער דייטשער שריפטשטעלער איז דאָרט געבוירען געוואָרען און ווייל הר׳ יהושוע שאַפּיראָ, דער גאַליציאַנער קרייז־ראַבינער, האָט דאָרט געוואָהנט.

אין רעכטען מיטען שטאָדט, ביים סאַמע סטרוס (שאָסע) האָט גע־וואָהנט ר׳ חיים ברוך, אַ מאָהל געוועזן דער גרעסטער גביר פון שטעדטעל, היינט אויך פון די חשובע בעלי בתים, אַלע קינדער פערהייראַטעט, בלויז די לעצטע מוזינקע מלכה דבורה, אַ בילד שעהנע מיידעל, וועלכע האָט גע־פיהרט די ווירטהשאַפט נאָך איהר מוטער׳ס טויט.

פּלוצים, מען ווייס ניט פון וואָס און פון ווען, האָט זיך אין איהר אריינ־געכאַפּט אַ דבוק רחמנא לצלן, וואָס האָט געמאַכט די גאַנצע שטעדטעל צי־טערען, און גאַנץ גאַליציען האָט מיט דעם דבוק געקלונגען.

דער דבוק איז געוועזן ווי אַלע דבוקים, אַ גאַנצען טאָג פלעגט מלכה־דבורה אומגעהן זעהר צוטראָגען און פלעגט לעזען זעהר פיעלע דייטשע בי־כער, אָבער ווען עס פלעגט קומען נאָך האַלבע נאַכט, פלעגט מען הערען אין איהר צימער שווערע טריט, זיפצען, וויינען, לאַכען, זינגען ליעדער, שושקע־רייען, אז עס פלעגט געהן אַ סקרוך איבער׳ן לייב

ווען דאָס טרעפט ביי איין אַנדער אידען, וואָלט געוועזן זעהר לייכט פון דעם דבוק פטור צו ווערען, ווייל דער לאַסקעוויצער איז אַ גרויסער מומחה צו דבוקים, ער טרייבט זיי ארויס ווי מיט דער האַנד און פון טשאַרטקאָוו קיין לאַסקאָוויץ איז בלויז איינינע תחום שבת׳ן, אָבער ר׳ חיים ברוך איז אַ מקורב צו צוויי „גרויסע“ גוטע־אידען, צום הוסיאַטינער און צום טשאַרט־קאָווער, ביידע דעם ריזנער׳ס קינדער, וועט ער דאָך ניט געהן מורד במלוכה זיין צו אַ קליינעם גוטען אידען, און פון די צוויי גרויסע גוטע אידען האָט

גראד איינער געהאט דעם שליסעל פון רעגען און דער צווייטער דעם שליסעל פון קינדער, און צו דבוקים האָט זיי זייער שר דעם שליסעל ניט איבער־געגעבען, און דאָ איז דער דבוק ביי מלכה דבורה'ן געוואקסען און דאָס אונגליק איז געוואָרען פון טאָג צו טאָג גרעסער.

ר' חיים ברוך איז געווען א גרויסער חסיד און א גרויסער בעל־בטחון, האָט ער אלץ געהאָפט, אז גאָט וועט זיך מן הסתם מרחם זיין, אָבער די משפחה און טאקע די גאנצע שטעדטעל האָבען געארבייט מעשים, ער זאָל געהן צו א זנאכער, צו א טאָטער, צו א ציגיינער, אבי פון דעם אונגליק פּטור צו ווערען, איבערהויפּט נאָך וואו מלכה דבורה איז א יתומה, אָהן א מוטער, אָבער ר' חיים ברוך האָט געלעבט מיט בטחון, דערווייל איז דער דבוק אלץ גרעסער געוואָרען, מלכה דבורה איז געוואָרען אויס מענש, פּער־לאָרען דעם אפּעטיט, פלעגט פערשוואונדען ווערען אויף גאנצע טעג, ערשט פאר האלבע נאכט פלעגט זי קומען צוריק, און באלד נאָך האלבע נאכט האָט דער דבוק אָנגעהויבען זיין ארבייט.

עס איז געווען אין יאָהר 1882. איך האָב דאַמאָלס געוואָהנט אין הוסיאטין, א גאליציאנער גרענעץ־שטאָדט ניט ווייט פון טשארטקאָוו. פער־שטעהט זיך, אז איך האָב אויך געוואוסט פון דעם דבוק, אָבער איך בין דאמאָלס געווען פערנומען עטליכע וואָכען אין טשערנאָוויץ, וואו איך האָב געלאָזט דרוקען מיין „שולחן ערוך, הלכות תקון" און האָב כמעט אין גאנצען פערגעסען דעם דבוק.

אין א שעהנעם זומער־טאָג בעקום איך א בריעף פון שאפּיראָ ז"ל, דעם טשארטקאָווער קרייז־ראבינער, אז ווען איך וועל פאָהרען צוריק אהיים, זאָל איך אָבטרעטען אין ברעזאַוועקע, אין קאָהאנ'ס פּאָסעסיע לעבען טשארט־קאָוו, וואו ער פערברייננגט זיין וואקיישאָן.

שאפּיראָ איז געווען איינער פון די גרעסטע געלעהרטע אידען אין גאַ־ליציען, שעהן ווי א נביא און ליעבענסווירדיג ווי א מלאך.

ער האָט מיך אויפגענומען ווי א פאָטער א קינד און האָט מיר געמאַכט איינינע בעמערקונגען איבער מיינע א סעריע ארטיקלען אין דער בראָדיער העברעאישע צייטונג „עברי אנכי" איבער קינדער־ערציהונג אין גאליציען. אָבער באלד האָט ער דעם געשפּרעך אָבגעבראָכען און מיר געזאָגט צו וועל־כען צוועק ער וויל מיך זעהן: געמליך, איך זאָל עס טהאָן וועגען דעם דבוק.

איך האָב אויסגעשטעלט א פּאָאַר גרויסע אויגען, אָבער אָנשטאָט מיר צו ערקלעהרען עטוואָס דייטליכעס, האָט ער מיך גענומען אונטער'ן אָרעם און ארויסגעפיהרט אין דעם פּרעכטיגען גארטען הינטער'ן הויף, צוגעפיהרט צו א שעהן־געפלאַנצטע אלטאַנקע, וואו עס זיינען געזעסען א שעהנער יונגער־מאַן און נאָך א שעהנערעס פריילײן און דריי היבשע קינדער, אלע פערטיעפט אין ביכער.

ווען זיי האָבען דערזעהן דעם ראַבינער מיט א נייעם גאַסט, האָבען אלע אוועקגעלייגט די ביכער און זיך אויפגעהויבען. דער ראַבינער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאר זיי און דאַן זיי פאר מיר.

ווען ער איז מיט דער פאָרשטעלונג פערטיג געוואָרען, האָט ער געגעבען א וואונק צו די קינדער און מיט אלע דריי אוועקגעהענדיג זאָגט ער צו מיר מיט א שמייכעל:

— די יונגע לייט וועלען אייך שוין ערקלעהרען דעם צוועק צוליעב וועלכען איך האָב אייך אהער מטריח געווען, און ער איז מיט די קינדער אוועק אין א געדיכטע אלעע פון בוימער.

— ליעבער הערר! — האָט זיך יעצט דער יונגער־מאַן, — ברוידע האָט ער געהייסען, — זיך צו מיר געווענדעט. איהר האָט געהערט ווי דער ראַבינער האָט מיך פאר אייך פאָרגעשטעלט, איך בין א מעדיצינישער סטודענט אין וויען, דאָס יאָהר דאַרף איך ענדיגען אלס דאָקטאָר. עס האָבען מיר געפעהלט מיטלען דערצו, האָב איך אָנגענומען די לעהרער־שטעלע היער ביי קאהאן. קומענדיג אָפּט צו העררען פראַנצאָז אין דער אפּטייק, האָב איך געהאַט די געלעגענהייט זיך צו בעקענען און צו פערליעבען זיך אין דיעזעס... פריילײן, אָדער אָפּען געזאָגט אין מיין ליעבע פרוי.

ער האָט א ווײלע אָבגערוהט און נאָכדעם פאָרטגעזעצט:

— אונזער שטאַרקע ליעבע האָט דערצו געפיהרט, אז מיר האָבען געדאַרפט הייראַטען און דער ראַבינער האָט אונז פערהייראַטעט. דאָס איז אָבער געשעהען אָהן דעם וויסען פון איהר פאָטער, וועלכען איהר קענט געוויס, ר' חיים ברוך, א גרויסער פאַנאַטיקער; ער וואָלט מיט גוטען קיינמאָהל ניט איינגעוויליגט דערצו.

— אָה, ר' חיים ברוך ־ קענען קען איך איהם ניט, נאָר איך האָב געהערט עפּעס וועגען זיינע א טאָכטער מיט א...

— מיט א דבוק — האָט ער מיר אונטערגעכאַפּט. דאָס איז די מלכּה דבורה מיט'ן דבוק. איהר פערשטעהט דאָך געוויס, אז ניט האָבענדיג די געלעגענהייט מיט איהר צו לערנען און צו פערברייגגען עפענטליך, פלעגען מיר געברויכען די געהיימע צוזאַמענקינפטע נאָך האַלבע נאכט אין איהר צימער און איך האָב עס די עהרע צו זיין איהר דבוק. און יעצט לעגען מיר אונזער שיקזאל אין אייערע הענד.

אין מיינע הענד? וואָס קען איך דען טהון אין דיעזען פאַל?

— זעהר פיעלעס, מיין הערר. עס מוז געהמען איין ענדע צו די גערע־דעריי פון דעם דבוק, אונזער הייראַטה מוז אנערקענט ווערען וועניגסטענס פון איהר פאָטער, ווייל ערשטענס האָט ער פאַר איהר טויזענד גולדען נדן און צווייטענס ווילען מיר ניט אוועקפאָהרען אָהן זיין וויסען, איהם ניט צו קריינקען, און ווי דער ליעבער ראבינער האָט מיר פון אייך דערצעהלט, זייט איהר דער איינציגער מענש וואָס קען אזא שטיקעל ארבייט מאַכען גלאַט, אפשר וועט דער „דבוק“־גלויבען אייך געבען דעם שליסעל צו דער אויפ־לעזונג פון דער געשיכטע.

נאָכדעם ווי מיר האָבען איבערגערעדט ווי די שטיקעל ארבייט אָפּצו־מאַכען, האָבען זיי מיר ביידע געדריקט די האַנד און מיט טרעהרען אין די אויגען האָבען זיי איבערגעגעבען זייער שיקזאל אין מיינע הענד.

שפּעטער מיט א שטונדע בין איך שוין געוועזען אין טשארטקאָוו און צו מנחה האָב איך מיך שוין פאָרגעשטעלט פאַר ר' חיים ברוך'ן אלס א מעזש־בישער, דעם בעל שם'ס אַז אור־אייניקעל און אַז איך וועל ארויסטרייבען דעם דבוק פון זיין טאָכטער אָהן א קרייצער געלד.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך בעראָטהען מיט'ן רבי'ן, איז ער צו מיר צוגע־לאָפען מיט שמחה און מיר געזאָגט, אז ער גיט מיר איבער די הייליגע ארבייט.

— איהר מוזט אָבער פאָרבערייטען: ערשטענס, דריי אַלטע אידען אלס עדות צו הערען דעם דיבוק'ס טענות, דאַן א מעבור יבוק, א שטיקעל קרייד און א קנויל כשר'ה פאָדים, און אויב איהר האָט פאַר אייער טאָכטער נדן, מוזט איהר עס אויך האַלטען ביי אייך מזומן און איצט זאָגט מיר, ווען יאַוועט זיך ביי אייער טאָכטער דער דבוק?

— נאָך האַלבע נאכט.

— אלזאָ, פאַר האלבע נאַכט זאָלט איהר אלעס צוגרייטען און זיין אויפ'ן פּלאַץ.

— געוויס, געוויס! נאָט זאָל אייך בענשען.

עלף אוהר ביי־נאַכט בין איך שוין געוועזן ביי ר' חיים ברוך'ן אין הויז און דאָס פּאַרעל האָט געוואַרט אין דרויסען אין דער פינסטערער נאַכט אויף מיין קאָמאנדע.

איך האָב מיך איצט געווענדעט צו ר' חיים ברוך מיט די אידען זיי זאָלען מיך אריינפיהרען אין מלכה דבורה'ס שלאָף־צימער. איך האָב גע־גלאָצט מיט די אויגען, געבלאָזען אויף די וואנד און מיט'ן קרייד געמאַכט אַן ענול ארום צימער, און געפּעפּענט דאָס פענסטער, געוועהנליך דער דבוק זאָל האָבען פון וואַנען אריין און ארויסצוגעהן, און מיט די פּיער אידען ארויסגעהענדיג צוריק אין פראָנט צימער, האָב איך זיי קאָמאַנדעוועט:

איצט זאָלט איהר טהאָן אלעס פּונקטליך, ווי איך וועל אייך הייסען, און האָב זיי אויפגעמישט א גרויסען שטיק מעבר יבוק: דאָס זאָלט איהר זאָגען מיט גרויס כונה הונדערט מיט איין מאָהל, אָבער ניט ארויסנעהמען די אויגען ביז איך וועל אייך הייסען, און מיר גיט די קרייד מיט דעם כשר'ען פּאָדים צו מאַכען אַן ענול ארום הויז.

זיי האָב איך געלאָזט זאָגענדיג און איך בין ארויס אין דרויסען צום יונגען פּאָארעל.

— אלעס איז פערטיג, — האָב איך צו זיי געזאָגט שטיל. איהר פּריי־ליין געהט אריין גלייך דורך דער טהיר ארויף אין אייער שלאָף־צימער און פערשליסט זיך, און איהר, הערר ברוידע, געהט דורכ'ן פענסטער, ווי אלע נאַכט, און איהר זאָלט נור ריכטיג ענטפערען אויף מיינע פראַגען.

— פּינקטליך, — האָט מיר ברוידע געענטפערט, — און ביידע זיינען פערשוואונדען אין פערשיעדענע זייטען.

ווען איך בין געוועזן צוריק אין הויז, האָב איך געהייסען די אידען אויפהערען זאָגען און זאָלען מיט מיר געהן ארויף צו זייער טאָכטער'ס צימער.

אין ערשטען צימער בעפאָר זיין טאָכטער'ס גיב איך איהם א פרעג:

— איז שוין אייער טאָכטער דאָ?

— יאָ, — האָט ער מיר געענטפערט.

— זאָגט זשע איצט אַלע פיער דריי מאָהל ויהי נועם.

זיי האָבען געזאָגט.

— איצט איז נור איין זאַך נויטהיג, איהר זאָלט זיך גאָר ניט שרעקען און זיין עדות אויף אַלעס וואָס דער דבוק וועט צוזאָגען, ער זאָל ניט קענען חרטה האָבען, און האָט אין זינען אז מיר מוזען מנצח זיין דעם סטרא אחרא.

איך האָב פערגלאָצט די אויגען און געגעבען דריי קלאַפּ אין טהיר:

— זאָג מיר נאָר, מלכה דבורה בת ר׳ חיים ברוך, האָסטו נאָך דעם דבוק אין דיר?

— יא, — האָט געענטפערט א שוואכע פרויען־שטימע.

— זאָג זשע דריי מאָהל „ארויס דו דבוק" און פערמאַך דיינע אויגען און הער זיך צו וואָס איך וועל ריידען מיט דיין דבוק.

— איך וועל אזוי טהאָן, — האָט זי געענטפערט.

די פיער אידען האָבען געציטערט ווי אין א פיעבער.

— זאָג מיר נאָר, דבוק, מה שמך?

— ליבוש בן יאחנע, — האָט ער געענטפערט.

— פאַר וואָס פאַר א חטא ביזטו מתגלגל געוואָרען אין ר׳ חיים ברוך׳ס בתולה?

— ווייל איך האָב געהאַט דריי אַלטע בתולות חתונה צו מאַכען און האָב עס פערנאַכלעסיגט, געוואַלגערט זיך אין קלויז צווישען די יושבים, און איצט קען מיין נשמה קיין תיקון ניט געפינען.

— מיט וואָס קען דיין נשמה יא קריגען א תיקון?

— מיט דעם וואָס ר׳ חיים ברוך וועט חתונה מאַכען זיין בתולה און געבען צושטייער מיין אלמנה חתונה צו מאַכען מיינע אַלטע בתולות.

— אין וועלכער שטאָדט געפינט זיך דיין אלמנה מיט די בתולות?

— אין קיפּיצעניץ.

— מיט ווען זאָל ר׳ חיים ברוך חתונה מאַכען זיין בתולה?

— מיט איהר אמת׳ען זיווג מן השמים.

— ווי איז דער נאָמען פון איהר זיווג?

— שלמה בן שרה ברוידע?

— וואָס פאַר א מענש איז ער?

— א תלמיד חכם, א בעל משפחה, א קענער און א לב טוב.

— וואו איז ער איצט?

— אין וויען.

— קענסטו געבען א צייכען אז דיינע רייד זיינען אמת?

— יא.

— טא ברייננג אראב מיט קפיצת הדרך דעם זיווג פון וויען כהרף עין.

— זאגט זשע, איהר אידען מיט מיר 7 מאהל 7 „וישם לדרך פעמיו“.

זיי האבען געציטערט און געזאגט. ווען זיי האבען געענדיגט האב איך ווייטער געפרעגט דעם דבוק:

— ליבוש בן יאחנע, וואו איז דיין צייכען פון זיווג?

— ער וועט באלד אריינקומען אין אייער הויז.

— ווען וועסטו ארויסגעהן פון דער בתולה?

— ווען ר׳ חיים ברוך וועט געבען א תקיעת כף צו די דריי אידען, אז ער איז מסכים צום שידוך און אז ער וועט דערלאנגען דעם נדן פון זיין טאכ־טער דעם חתן אין די הענד, און צוגלייך אראבנעהמען פון די 1000 גילדען 300 און איבערגעבען צו די דריי אידען, אז זיי זאלען עס אבשיקען צו מיין אלמנה אין קיפיטשעניץ.

— ר׳ חיים ברוך, זייט איהר מסכים צו די תנאים פון דעם דבוק?

— אודאי וועל איך מסכים זיין, אבער מיט דעם תנאי, אז דער חתן וועט טאקע באלד קומען פון וויען און אז דער דבוק וועט זיכער ארויס פון מיין קינד — האט דער אלטער געענטפערט, ציטערנדיג ווי א בלאט.

— גיט די אידען אייער תקיעת כף. אידען, אתם עדים!

א הילכיגער געלעכטער האט זיך דערהערט פון שלאף־צימער.

— הער נאר, דו דבוק, דו לאכסט גאר פון אונז? — האב איך מיך שטארק געבייזערט.

— ניין, הייליגער מאן, — האט איצט מלכה דבורה געענטפערט מיט א פעסטער שטימע, — דאס האב איך מיך צולאכט, ווייל אין דער רגע איז פון מיר ארויס דער דבוק און איך בין גערעטעט. לאזט מיך יעצט צו צו מיין ליעבען פאטער.

די טהיר האט זיך געעפענט און מלכה דבורה איז ארויסגעקומען און געפאלען איהר פאטער אויפ׳ן האלז.

אין דעם זעלבען מאָמענט האָב איך געעפענט די אויסערע טהיר און ברוידע איז אריינגעקומען.

ר׳ חיים ברוך איז געשטאַנען ווי בעטויבט, האָט אָנגעקוקט דאָס שעהנע פּאָאר און האָט זיין תקיעת כף פינקטליך ערפילט.

אויף מאָרגען האָט גאַנץ טשארטקאָוו געקאָכט מיט מיין מופת איבער׳ן דבוק און ביי הערר קאהאן אין פּאָסעסיע האָבען מיר געפּראַוועט א רעגעלע חתונה...

---

## III.

### שמע ישראל!

עס איז געווען אין דער צווייטער העלפט פון די 70־ער יאָהרען ווען עס איז געווען א גוואַלדיגע אויסוואַנדערונג פון הונדערטע ישיבה־בחורים פון דער ליטא אין די „ווייטע מדינות“ קיעווער, חארסאָנער, פּאָלטאַווער גו־בערניעס דאָרט צו שאַרען גאָלד, אלס לעהרער, מלמדים, רביים און ז. וו.

מיין שיקזאל האָט מיך געבראַכט קיין ראחמיסטריווקע, קיעווער גובער־ניע, און זייענדיג א למדן פון א סדר גמרא אויסוועניג, און דערצו אָנגעזאָפּט מיט דער השכלה פון יענער צייט וויא פּויק: א בעל תנ״ך, א בעל דקדוק, א שטיק קאַליגראַף אין פּויליש, רוסיש, דייטש און אידיש, א זינגער, א שווי־מער, א בעל חשבון, א ווערטיל־זאָגער, א דרשן, מיט איין וואָרט, וואָס אין דער קאָרט, האָט מיר דיזער סטאַק געגעבען די געלעגענהייט אויסגעכאַפּט צו ווערען אלס לעהרער ביין סאמע ראחמיסטריווקער רבי, ביי ר׳ יוחנ׳צע אליין.

אָבער טראָטץ וואָס איך האָב מיך פערלאָזט שעהנע פּאה׳קעלעך און גע־טראָגען א גאַרטעל צום דאוונען און האָב דאמאָלס פלייסיג שטודירט אלע בעריהמטע ספרי מוסר, ווי דעם חובת הלבבות, מסילת ישרים, ספר הישר לרבינו תם און זאָגאר דעם ראשית חכמה און פלעג אָוועקשטעהן א שמונה־עשרה א האַלבע שעה מיט די גרעסטע כונות, דאָך האָט דער עולם געמור־מעלט אויף מיין פרומקייט.

די חסידים גלויבען ניט א ליטוואַק אפילו ווען ער שמד׳ט זיך.

אין איין שעהנעם טאָג צווישען רה״ש און יום כפור איז פערפאָהרען

אויפ׳ן רבי׳ס הויף א קארעטע מיט פיער פערד און באַלד איז אין קלויז גע־וואָרען אַ רעש: ר׳ ליבעלע קרוצאקער איז דאָ, דער גביר, דער למדן, תורה וגדולה במקום אחד.

עס איז געוואָרען אַ לויפעניץ צווישען די גבאים, משרתים, שמשים, קלויז־ניקעס, איך בין אָבער ניט נתפעל געוואָרען און האָב מיך געלערענט מיט מיין חברה.

אָבער מיט איינינגע מינוטען שפּעטער האָט מען מיך איבערראַשט, אריינשיקענדיג צו מיר דעם גבאי, אז דער רבי רופט מיך.

איך בין אריינגעשטופּט געוואָרען אין רבי׳ס חדר מיוחד כמעט געגען מיין ווילען, ווייל פיעלייכט טאָמער עפּעס אן עבירה׳לע, ווייל גאָר ריין פון זינד בין איך כמעט קיינמאָל ניט געווען, אָבער הערענדיג ווי דער רבי זאָגט צו ר׳ לייבעלע דעם גביר:

— אָט דאָס איז דער ליטוואקעל וואָס איך נארייע אייך, איך האָף צו השם יתברך, אז ער וועט אייערע קינדער מדריך זיין בדרך הישר, נאָר אַ בי־סעלע פרימער זאָל ער זיין. —

— הקדוש ברוך הוא איז מדקדק מיט די צדיקים כחוט השערה, און דער רבי איז מדקדק מיט די ליטוואקעס כחוט השערה — האָב איך ערמונטערט געזאָגט צו ר׳ לייבעלען, איהם רייכענדיג די האנד מיט אַ מונטערען שלום־עליכם.

ביידע האָבען געשמייכעלט פון מיין האלבען וויץ, און נאָך דעם ווי ר׳ לייבעלע האָט זיך געזעגענט מיט׳ן רבי׳ן און איבערגעלאָזט אַלע מקבלים און שנאָרער שעהנע נדבות, האָט ער מיר אין קורצען ערקלערט אום וואָס עס האַנ־דעלט זיך און שפּעטער מיט אַ האלבע שטונדע האָב איך געהאַט די גרויסע עהרע דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען אריינצוקריכען אין דעם שעהנעם פייעטאָן („קעררעדזש) מיט ר׳ לייבעלע קרוצאקער אויבען אָן אלס פריץ און געגעגנווארט פון הונדערטער ישיבה־בחורים, חסידים און בעלי־בתים, וועלכע האָבען מיר געוואונשען אַ גילקליכע רייזע.

אויפ׳ן וועג קיין קרוצאק האָט מיר ר׳ לייבעלע ערקלעהרט:

— איך האָב חלילה קיין מאָל ניט געלערענט מיינע קינדער קיין תנ״ך, דיקדוק, און די גוי׳עשע זאכען געוויס ניט, נאָר איצט האָב איך אַ שידוך גע־טהאָן מיט מיינעם אַ איינגעל קיין אלט קאָנסטאַנטינאָוו און דאָרט איז זעהר

אַ היינט־וועלטישע הויז, האָט דער מחותן אין די תנאים אריינגעשטעלט אַ פּונקט, אז איך מוז נעהמען אַ לעהרער פאַר איהם צו די אַלע היינטוועלטיגע זאכען, אז ניט קען ער איהם ניט נעהמען אהין אויף קעסט, און דאָס האָב איך מיר בעראַטהען מיט'ן רבי'ן זאָל לעבען און ער זאָל לעבען האָט מיר געזאָגט, אז דו ביזט אַ וואַהל־קענעוודיגער און דערצו אַ למדן און אַ פרומער אויך, עס וועט דיר איה"ש ביי מיר גאַנץ גוט זיין, אַ הויז פון כל טוב, איך האָב דריי פּאסעסיעס, אין צוויי זיצען מיינע קינדער, אַ זון מיט אַן אידעם און איינע פיהר איך אַ דאַנק גאָט אַליין. אָט ווי דו קוקסט מיך אָן, רעד איך אַ ביסעל רוסיש אויך, און בין שוין געוועזען צוויי מאָל אין פּאַריז ביי מיין פריץ פון שטעדטעל און ער וואָלט פאַר מיר קיין זאַק באָרשץ ניט גענומען, נאָר פון דעסטוועגען זאָלסטו וויסען אז אַ חוץ אַלע זאכען זאָלסטו דעם בלאַט גמרא מיט מיין חתן ניט פערבויגען און ועל כולם אכטונג געבען אויף יראת שמים, ווייל ביי מיר איז זעהר אַ פרומע הויז.

עס איז מיר קיין וואונדער ניט געוועזן וואָס ער רעדט מיט מיר פער דו. ערשטענס, איז דאָס דער חסידישער דרך, צווייטענס, איז ער געוועזען אַ איד אַ דעמב, הויך און ברייט און פעט, און איך בין געוועזען אַ אינגעלע פון 20 יאָהר, און האָב אויסגעזעהען ווי פון 15 יאָהר, קליין געוואקסען, דין, שמעכטיג, מיט אַ מיידעליש געזיכטעל, נאָר אַ ברענענדיגע פּאָר אייגעלאך, זעהר ציכטיג געקליידעט און אימער לוסטיג, מיט שטעהגרייפּע וויצען און שאַרפזיניגע ווערטלעך, וועלכע זיינען פאַר ר' לייבעלען אַ קנאַפּע סחורה געוועזן.

דערפאַר אָבער אָבזייענדיג איבער ווינטער ביי איהם אין הויז בין איך געוואָרען אַ טהייערע סחורה פאַר זיין הויז־געזינד, איבערהויפּט פאַר זיין 16־יעהריגע פּרעכטיגע שעהנע טאָכטער, וועלכע האָט אויסגעזעהען לויט איהר קאָרפּולענטע הויכע וואוקס מיט אַ 4 יאָהר עלטער.

ניט איין מאָל פלעגען מיר מיינע כונות אין שמונה עשרה מבולבל ווערען דורך איהרע שעהנע אויגען ברענענדע, ווי צוויי דימענטען, צוויי באַקען ווי צוויי שעהנע ראָזען און צוויי שעהנע ליפּען ווי פרישע קאַרשען, וועלכע האָבען כמעט געשריען:

— שוטה, ווי קענסטו זיך איינהאַלטען זיי ניט צו קוסען?....

אָבער איך בין געוועזען אמת פרום, דאָס הויז אַ פרומע און האָב מיר אַליין נעשראָקען פאַר דיזע זינדיגע מחשבות און האָב באַלד געגומיצט דעם מיטעל

פון דעם תנא ר׳ יוחנן צו טראַכטען, אז אלע פרויען זיינען בלויז ווייסע גענז.

נון, אז ווייסע גענז, האָט עס אָבער געגענזעלט און טאַקע נאָר דורך מיין פרומקייט און אפשר איז דאָס געווען זכות אבות, אז ביז די בוימער אין כאַד ארום דעם שעהנעם הויף האָבען זיך גוט צובליהט, איז ווי א פרומער איד פערפעהלט נים דאַוונען, אזוי האָבען מיר נים פערפעהלט יעדע נאכט אין א בעסערקע אונטער די בוימער צו פערברענגען אין הימלישער אונשולדיגער ליעבע, אומארמונג, לאַכען און קושען זיך, אָהנע אייגענטליך זיך אָבצוגעבען רעכנונג, וואָס מיר ווילען און וואָס פון דעם קען ווערען.

עס איז געווען איינמאָל שבת ביי טאָג, ווען די גאַנצע פאַמיליע ליגט זיך שלאָפען נאָכ׳ן קוגעל און איך בין געזעסען אין מיין צימער איבער צוויי־פעל׳ס „שלום על ישראל״״, עפענט זיך פלוצים די טהיר און מיין שעהנע רחל קומט אריין מיט א טעלער פרישע פלוימען, הפנים ערשט אָפגעריסען פון בוים נאָך מיט דער העל־בלויע בארווע פון אויבען און ניט עס מיר אלס שבת־אייפס.

זעלבסטפערשטענדליך, אז א פרומער יונגער מאַן ווי איך געניסט ניט אָהן א ברכה, און איידער איך האָב נאָך פערזוכט איין פלוים, האָב איך די רייצענדע ברענגערין שיער צודריקט אין מיינע אָרימס און איהרע זיסע ליפען צוקוסט שיער ביז בלוט.

אָבער פלוצלונג האָט זיך דערהערט עפּעס א קליינער גערויש הינטער דער טהיר פון מיין צימער, רחל האָט אוועקגעשטעלט דעם טעלער מיט שרעק און איז געוואָרען בלאַס ווי די וואַנד און האָט מיט פערצווייפלונג געקוקט אויף מיר, מיר האָט אויך דאָס הארץ אָנגעהויבען קלאַפּען, אָבער איך האָב מיך באַלד געפאַכט, און בין גלייך צו דער טהיר צוגעגאַנגען, איהר אָנווייזענ־דיג אויפ׳ן פענסטער אין סאַד אריין, און אזוי ווי איך האָב געעפענט א ביי־סעל די טהיר, זעה איך איהר מוטער זיצט אויף א ביינקעל גראַדע נעבען דער טהיר וואָס געהט ארוים פון קאָרידאָר אויפ׳ן גאַניק און נאָהענט צו דער טהיר פון מיין צימער.

וויעדער איז מיר אָבגעריסען געוואָרען אין הארצען און שיער האָב איך צוגעמאַכט צוריק די טהיר, אָבער נאָר דורך גאָט׳ס וואונדער האָב איך מיך באַלד געפאַסט און געעפענט די טהיר, ארויסגעגאַנגען צוריק, צוגעמאַכט און כלומרשט ארוים אין הויף און הינטען ארום אין סאַד אריין צום פענסטער

פון מיין צימער, געעפענט זי זאָל ארויסשפּרינגען און... אָה וועה! צו שפּעט!
די מוטער האָלט איהר שוין ביי די האָאר מיט איין האַנד און מיט דער צווייטער בוכצעט זי איהר, ווי זי קריגט נאָר די געלעגענהייט און מיין זיסע רחל וויינט און בעט זיך ביי איהר ווי ביי א גזלן.

איהר קענט זיך פאָרשטעלען מיין לאַגע — — — —

אָבער גאָט איז מיט דעם עלענדען, איך בין גלייך אריין דורך דער הינטער טהיר, אין שלאָף־צימער פון מיין תלמיד דעם חתן און האָב איהם גע'מוסר'ט, וואָס ער שלאָפט אזוי שפּעט און ביז ער האָט זיך אויסגעטשו־כעט און אויסגעטרונקען די טהעע, וואָס דער משרת האָט איהם אריינגע־טראָגען, זיינען מיר אריין צו מיר אין צימער, די מאַמע מיט דער טאָכטער זיינען שוין ניט געווען, און מיר האָבען זיך גענומען צום לערנען.

ביים שלוש סעודות האָט ר' לייבעלע ווי געוועהנליך געזאָגט תורה פאַר זיין פאַמיליע, אויף'ן גוטען־ אידישען שטייגער און דערביי זאָגאר איבערגעזאָגט מיינע א תורה, וועלכע איך האָב גע'גנב'עט פון אלשיך הקדוש און ער האָט זאָגאר געזאָגט אז דאָס איז „אונזער ליטוואקעל'ס" און פיהלענדיג זיך אזוי שטאָלץ האָב איך גערעכענט, אז די מוטער וועט געוויס די גאַנצע זאַך פאַר אלעמען פערשוויינגען.

אָבער „דער מענש דענקט און דער עזעל לענקט" — זאָגט היינע. מאָרגען פריה, נאָך פאַר'ן דאַוונען, רופט מיך דער משרת צו ר' לייבעלען אין קאַבינעט.

ווייטערא שרעק, ווידער א האַרץ־קלאַפּען. איך בין אריין מיט א געמאַכטען שטאָלץ, און ר' לייבעלע אָהן פאָררעדען זאָגט צו מיר:

— גאַספּאָדין לעהרער, אָט האָט איהר אייערע 50 רובעל, וואָס קומט אייך נאָך ביז סוף זמן, א בריטשקע שטעהט פערשפּאַנט און איהר קענט פאָהרען אפילו ביז יעליסאַוועטגראַד, „אייער זמן איז געענדיגט". — און האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ.

איך ווייס ניט, וואו עס האָט זיך צו מיר פּלוצים גענומען אזוי פיעל מוטה, טאַקע נאָר דער זכות פון מיין שעהנער רחל איז מיר בייגעשטאַנען, און האָב איהם אָנגעכאַפּט ביי ביידע הענד:

— ר' לייבעלע, איך נעהם ניט די 50 רובעל און איך פאָהר ניט, איך וויל וויסען פאַר וואָס קומט מיר די שאַנדע און אייך אליין, אלע ווייסען ווי

איהר האָט מיך געהאַלטען טהייער, איהר פלעגט מיט מיר געהן געאַרעמט אין שוהל אריין, וואָס איז די אורזאַכע?

— איהר ווייסט עס.

— ניין, איך ווייס גאָר נישט.

— וואָס האָט רחל געטהאָן נעכטען ביי אייך אין צימער?

— גאָט מיין גאָט! גאָר אַזאַ חשד, איהר קענט ניט אייער אונשולדיג קינד, איהר קענט ניט מיין פרומקייט, ווי קענט איהר איהר קלוגער און פרומער איך גאָר קומען צו אַזאַ בייזע מחשבה? די גאַנצע פאַמיליע האָט מיך ליעב, מעג זי דאָך מיר אריינטראָגען עטליכע פלוימען...

— וואָס־זשע ביזטו געגאַנגען עפּענען אַ פענסטער, זי זאָל ארויס?....

— ארויסוואַרפען די פלוימען, ווייל איך האָב מורא געהאַט, טאָמער האָט זי עס חלילה געריסען אום שבת. פוי! ר' לייבעלע, איהר זינדיגט געגען גאָט און געגען....

— בן ציון! — האָט ער אַ רוף געטהאָן זיין עלטערען זוהן אין קאַבינעט, און ווי יענער איז נור אריין, זאָגט ער צו איהם:

— הייס אויסשפּאַנען, דער לעהרער בלייבט, דיין מאַמע'ס אויבער הסברות... זייט מיר מוחל ר' יואל, צו וואָס קענען די ווייבער ניט ברענגען זייט דעם עץ הדעת.

און דער הימעל איז ניט איינגעפאַלען, די וועלט איז ניט אונטערגעגאַנגען, די זון האָט ווייטער געשיינט ביי־טאָג, און ביי נאַכט פלעגען מיר ווייטער האָבען ראַנדעוואוען מיט רחל'ן, אמאָל אין סאָד און אמאָל ביי איהר נייטערקע אין הייזעל וואָס האָט געוואוסט פון אונזער ליעבע.

איין אבענד געפין איך רחל'ס אַ צעטעלע ביי מיר אין אַ קעשענע, אַז צוועלף אוהר ביי־נאַכט, ווען אַלע וועלען שוין שלאָפען, וועט זי מיך אָבוואַרטען אין בעסעדקע.

די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע. איך בין געוועזן אין דער בעסעדקע מן הסתם פאַר 12 און האָב מיט שרעקליכע אונגעדולד געוואַרט פון מינוט צו מינוט... לויט דאָס קלאַפּען פון מיין האַרץ, האָב איך געמיינט אַז עס איז שוין צוויי מעת־לעת, און האָב גערעכענט איך זאָל איהר בעשטראָפען, וואָס זי לאָזט מיך אַזוי לאַנג וואַרטען.

ענדליך זעה איך אַ ווייסע פיגור ארויסגעהן פון דער הינטער טהיר

גלייך אין סאָד אראָב די טרעפּ, לאַנגזאַם האָט זי געזוכט מיט די אויגען צווישען די ביימער, און האָט זיך צוגעהערט אונטער דעם רוישען פון די בלעטער און דעם צוויטשערען פון די פויגעלעך צו אונטערשיידען אַ מענשען בעוועגונג און איז אַלץ נעהנטער געקומען צום בעסעדקע. איך האָב איינגע־האַלטען דעם אָטהעם אום זי פּלוצים צו איבערראַשען, און אַזוי ווי זי איז שוין געווען איין טריט פון בעסעדקע האָב איך געגעבען אַ שפּרונג צו איהר, ארומגעכאַפּט מיט מיינע אָרימס און אָנגעפאַנגען ליידענשאַפטליך קוסען.

אַ הערץ־רייסענדער געשריי האָט פּלוצים פערהילכט דעם סאָד:

— שמע ישראל! ראַטעוועט! אידען!

אָנשטאָט רחל'ן האָב איך געהאַלטען איהר אַלטע מוטער אין מיינע אָרימס.

מיט שרעק האָב איך זי אָבגעלאָזט, ווי אַ וויכער בין איך אריבער־געשפּרונגען דעם הויכען פּאַרקען.

איצט איז מיין זמן געווען געענדיגט.

---

# IV.

## דער אַלבום.

אַ זעהר סענזאַציאָנעלע פאַמיליען־טראַגעדיע האָט ביי אונז אויפגע־קאָכט דאָס גאַנצע שטעדטעל, און כאָטש דאָ אין אמעריקא זיינען מיר אין פאַמיליען־טראַגעדיעס ניט זשעדנע, דאָך צייכענט זיך דיזע אויס אין איהר מאָדערנעם סטייל, אַז עס איבערראַשט יעדען אידען. דען ווייל מיר אידען צייכנען זיך אימער אויס מיט די הייליגקייט פון פאַמיליען־לעבען, שיינט אונז פאַסט אונגלויבליך, אַז ביי אידען זאָל עס טרעפען — און דאָך איז דאָס ליידער וואהר.

און ווייל דיזע געשיכטע ווערט דערצעהלט פון מויל צו מויל אין זעהר פערלעצענדע פאָרמען, גיב איך עס דאָ איבער אַזוי אַנשטענדיג ווי איך קען אין דער פאָרם, ווי דער בעטרעפענדער אַליין דערצעהלט עס:

„איהר קענט דאָך מיך, איך בין א דזשולער און צימליך גוט אָב. איך בין צוואר ניט קיין גרויסער בעל־ צדקה און נעהם קיין אנטהייל אין סאָסייעטי לעבען, אָבער דערפאר ליג איך מיט מיין לייב און לעבען אין מיינע ביזנעס און זוך מיין פאמיליע גליקליך צו מאכען. איך האָב זעהר אנשטענדיג פערהייראטהע זין און טעכטער און בין גאנץ צופריעדען.

אָבער מיט איינמאָל האָט ווי א בליץ א צופאל מיין גאנצעס גליק מיט איין מאָל צושטערט און מיין עהרע צו גרונד געריכטעט. הערט און איהר וועט שטוינען:

א געוויסע פרוי, די הייבאמע מאני, האָט ביי מיר גענומען א וואטש און טשיין אויף אינסטאָלמענט. לעצטען דיענכטאָג בין איך צו איהר געקומען קאָלעקטען און זי האָט ארויסגענומען א 10 דאָלאר ביל און איך האָב גראד ניט געהאט איהר ארויסצוגעבען קיין טשיינדזש.

איך האָב עס ביי איהר געוואָלט נעהמען און אראָבגעהן טשענדזשען, זי האָט עס אָבער מיר ניט געגעבען, זי האָט געזאָגט: „איך געה יעדענפאלס ארונטער אין דער גראָסערי, וועל איך שוין קריגען געטשענזשט, איהר קענט דערווייל דאָ בלעטערען מיין אלבום".

און זי איז ווירקליך באלד ארויסגעלאָפען מיט'ן צענערל. איך האָב דערווייל א פאאר מאָל איבערגעצעהלט מיין געלד, בערעכענט וויפיעל איך האָב נאָך צו קאָלעקטען, ווען איך דארף די וואָך צאָהלען און זי איז נאָך אלץ ניטאָ. איך האָב מיר עטליכע מאָל אויסגעגענעצט — זי איז נאָך אלץ ניטאָ. איך האָב אָנגעהויבען פיהלען, אז איך דרעמעל איין, אָבער עס איז מיר באלד איינגעפאלען ווי ניט שעהן דאָס וועט זיין ווען זי קומט ארויף און געפינט מיר שלאָפען. און איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם אלבום.

איך בין אפילו ניט קיין ליעבהאָבען פון קוקען אין אלבומס אויף אונבעקאנטע פייסעס אלע אויסגעפוצט אין יום־טוב'דיגע קליידער מיט די אנגעקראָכמעלטע פאָזיציאָנען, אָבער אום ניט איינצושלאָפען האָב איך עס געעפענט און איך בין זיך מודה, אז עס האָט מיך איבערראשט. א פולער אלבום מיט שעהנע פרויענצימער, איינע שעהנער פון די אנדערע, און גראד ניט אין קיין יום־טוב'דיגע קליידער, אָדער חופה־קליידער, זאָנדערן אָדער האלב נאקעט, אָדער אין חוה'ס קאָסטיום, אָדער אזוי אויסגעבלויזט און יעדע אין אן אנדער פאָזיציאָן, ניט ווי די שטייפע מחותנת'טעס און

געשלייערטע כלות, נאָר שטייענדיגע, זיטצענדיגע, ליעגענדיגע און סתם פערדרעהטע.

איך האָב מיך פערוואונדערט, ווי קומט צו איהר אין אלבום אזעלכע פרויען, אָבער באלד האָב איך מיר עראינערט, אז זי איז א העבאממע און דאָס מוזען זיין איהרע פּאציענטען די געווינערינס, צוואר איז מיר ניט געפעהלען געוועזן די פרעהליכע פּייסעס און די האלטונג, נאָר א קשיה אויף ווייבער, וועלכע תנועות זיי מאכען ביי א קינד געבאָרען.

ווען איך האָב מיך אזוי געפילאָזאָפירט, איז דערווייל מיסיס מאָני אריינגעקומען און מיר דערלאנגענדיג די 2 דאָלאר זאָגט זי צו מיר:

— נו מר. פּאָגעל, ווי געפעהלט אייך מיין אלבום?

— איך ווייס, וואָס זאָל מיר דאָ געפעלען, דורכאויס געווינערינס, דאָס איז דאָך אייער ביזנעס.

— אוי מר. פּאָגעל, זייט איהר א יאָלד, עס זיינען טאַקע געווינערינס, אָבער דאָס קען זיין אייער אינטערעסע אויך, געפעלט אייך ניט קיינע פון די פאָטאָגראפיען? טאָמער געפעלט אייך איינע קענט איהר זי באלד קריגען.

— וואָס, איהר האלט עס די פאָטאָגראפיען צו פערקויפען?

— אוי א יאָלד, ווי איך בין א אידיש קינד, ניט די פאָטאָגראפיען — נאָר די אָריגינאלען, מר. פּאָגעל. איהר ווילט אמאָל א שטונדע פערגעסען אייערע צרות, קלייבט אייך אוים איינע.

— וואָס הייסט? — האָב איך געזאָגט האלב פערשעהמט — איהר האָט זיי דען אלע ביי אייך אין הויז?

— חלילה, פּע, פּאר אזא מענשען האלט איהר מיך, פערגעסט ניט, אז ביי מיר איז אן אנשטענדיגע אידישע הויז, און מיר ערציהען אונזערע קינדער צו גאָט און צו לייט, נאָר דאָס איז אונזער ביזנעס; עס קומען בעקאנטע, זוכען צווישען די פאָטאגראפּיעס אין אלבום און אז איינע געפעלט זיי, גיב איך באלד א קארטעל אין א האָטעל און זיי שיקען שוין רופען די יעניגע, וואָס איז אייך געפעלען...

— איך בין געבליבען זיצען ווי אן אָבגעשמיסענער, אן אנשטענדיגע פרוי, א אידיש הויז — און הער, גאָט ווייס וואָס פאר ביזנעס אמעריקא גנב קען אויסטראכטען. פון אן אלבום אויף׳ן טיש מאכען א לעבען....

— הערר פּאָגעל — האָט מיר מיסיס מאָני איבערגעשלאָגען מיינע געדאנ־

קען — איהר זאָלט חלילה ניט מיינען, אז דאָס זיינען נחות דרגא'ס, דאָ האָט איהר איינע אין איינע בעלי בת'ישע פרויען, נאָר מאַנכע האָבען ניט קיין מאַנען, מאַנכע האָבען קראַנקע אָדער שוואַכע מאַנען, און מאַנכע האָבען שלימזלניקעס אָדער לעבען אַן אומגליקליכעס פאַמיליען־לעבען, און מאַנכע טאַקע צוליעב די עטליכע דאָלאַר, יעדענפאַלס געהט עס צו זעהר געהיים, כלעבען הערר פּאָגעל, קלייבט אויס איינע.

און איך האָב וויעדער געעפענט דעם אַלבום. נאָר איך גיב מיין עהרענ־וואָרט, אַז ניט מיט אַ בייזען געדאַנק חלילה. ערשטענס, ווייל איך בין ניט פון די וואוילע יונגען, איך בין אימער ביזי און האָב קיין צייט ניט אפילו צו דענקען איבער דיעזע נאַרישקייטען. צווייטען, ווייסט איהר אַז איך האָב אַ שעהנע געזונטע פרוי און בין ניט אַזאַ מילדער מחותן אויף אַ דאָלאַר. נאָר איך ווייס אַליין ניט, צו ווייל איך האָב געוואָלט יוצא זיין פאַר איהר, ווייל איך האָב שוין ביי איהר געלעזט עטליכע צעהנדליג דאָלאַר, זי זאָל מיינען, אַז איך וויל איהר געבען אַ שאָד. נאָר קיינע געפעלט מיר ניט, אָדער פיליייכט די נייגירדע צו זעהן איהרע בעלי־בת'ישע פרויען, און אזוי האָב איך וויטער געבלעטערט.

אָבער פּלוצים האָט מיר איין פאָטאָגראַפיע אַ שלאָג געטהאָן אין געזיכט זעהר בעקאַנט.

עס האָט מיר פלעצליך אזוי ווי עפּעס אָבגעריסען אין האַרצען.

אָבער ניין, מיין פרוי האָט דאָ ניט קיין שוועסטער און אפילו קיין וויטע קרובה.

אָבער דאָך... דאָס בלוט פון אַלע אָדערען האָט מיר אָנגעהויבען שיסען אין קאָפּ אריין. דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהויבען קלאַפּען ווי מיט אַ האַמער, אין די אויגען איז מיר געוואָרען פינסטער, די פיס זיינען מיר געוואָרען ווי אָבגענומען, איך האָב געפיהלט אַז איך בין נאָהענט צו אַן אַפּאָפּלעקסיע.

ניין, ניין! עס קען ניט זיין, מיין פרוי איז דאָך אַזאַ צנוע, זי איז דאָך אזוי בעשיידען, אַז איך האַלט מיך אימער געגען איהר פאַר אַ נאַרישען בעל־תאוה. ניין, עס קען ניט זיין!

איך טראָג צו דעם אַלבום צום פענסטער, איך רייב אויס די אויגען, אָה נאָט, ערבאַרם דיך איבער מיר...

אַ העפטיגער פיבער האָט מיך אָנגעהויבען צו טרייסלען, איך האָב מיין

שטאַרקען בליק ניט אַראָבגענומען פון דיעזער פאָטאָגראַפיע און געהאַלטען מיט קראַמפּפהאַפטע הענד פעסט דעם אַלבום, אָבער אין מיינע אויערען האָב איך געהערט ווי עס קלינגט — דאָס איז זי ! ...

— ענדליך הערר פאָגעל איז אייך איינע דאָך געפעלען — האָט דיעזע פערדאָרבענע פרוי מיט אַ טריאומפירענדער מיענע מיך אויפגעריסען פון מיינע שרעקליכע געדאַנקען.

— געוויסהייט ! — האָט מיר פלעצליך אַ שלאָג געטהאָן אין קאָפּ. איך מוז האָבען געוויסהייט.

— מיסיס מאַני, קענט איהר דיעזע פרוי ?

— ליידער הערר פאָגעל, קען איך קיינע פון זיי פערזענליך, אָבער איך גאַראַנטיר אייך פאַר יעדערע, וועלכע איהר וועט אויסוועהלען, אַז זי איז אַ בעלי־בת'ישע פרוי.

— אַלזאָ גוט, אָט די געפעהלט מיר. גיט מיר אַ קאַרד, וואָס קאָסט עס ?

— 10 דאָלאַר.

— אָלל־רייט, דאָס איז ניט צו טהייער — און איך האָב ארויסגענומען אַ 10 דאָלאַר ביל און איהר דערלאַנגט.

זי האָט מיר באַלד אָנגעשריבען אַ קאַרד מיט אַ נומער און אויף די אדרעסע פון האָטעל ב.

ווי אַ בליץ בין איך ארויסגעפלויגען פון'ם הויז. די עטליכע סקווערס וועלכע איך בין דורכגעלאָפען, זיינען פאַר מיר געוועזן ווי די כוואַליעס פון ים, ווייל קיין מענשען האָב איך אין מיין פיבער ניט בעמערקט און באַלד בין איך געזעסען אין אַ בעזונדערען צימער פון האָטעל, איך האָב געמאַכט דעם געז־לייט זעהר קליין און האָב מיך אָניעדערגעזעצט אין טויט־אַנגסט וואַרטען אויף די אונגליקליכע.

פריינדע ! אויב איהר האָט זיך אַמאָל פאָרגעשטעלט די מערטירערייַ פון דער אינקוויזיציאָן, די שרעקליכע קוואַלען פון ברענען לעבעדיגערהייט, דאָס איז קיין אָנהויב ניט געגען די קוואַלען, וואָס איך האָב דורכגעפיהלט אין די עטליכע מינוט.

מאָרד און זעלבסט־מאָרד ! זיינען געוועזן מיינע איינציגע געדאַנקען. אַ קלאַפּ אין דער טהיר ! און מערקווירדיג, איך בין פלעצליך געוואָרען ווי אויסגעניכטערט, רוהיג, ווי עס וואָלט גאָר ניט געשעהן, עס איז מיר דורכ־

געפלויגען א גערעדאַנק, אז די גאַנצע זאַך איז א חלום, עס וועט געווים ערשיינען ווייס איך וואָס פאַר אַן אויסגעלאָסענע פרוי, איך וועל איהר א שפּיי טהאָן אין פּנים און לויפען באַלד אהיים פאַלען מיין פרוי צו די פיס און איהר בעטען אום ענטשולדיגונג פאר מיינע בייזע געדאַנקען געגען איהר...

די טהיר האָט זיך געעפענט און זי איז אריין.

איך האָב זי באַלד דערקענט, אָבער איך האָב מיינע אויגען אין האַלב דונקעל ניט געגלויבט און האָב אויפגעצויגען די געז.

וועהרענד איך האָב דאָס ליכט גרעסער געמאַכט האָט זי אראָבוואַרפענ־דיג פון זיך איהר קייפּ געזאָגט:

— מיסטער לעבען, איך האָב אייך ניט געלאָזט וואַרטען לאַנג, באַדערט מיך אויך ניט צו לאַנג, ווייל מיין מאַן...

א געוואַלדיגער פּאַטש אין איהר געזיכט איז געווען מיין אַנטוואָרט אויף איהרע פרעכע רייד. מיט א הערצרייסענדען געשריי: — דאָס ביזטו! — איז זי געפאַלען א פערבלוטיגטע צו דר'ערד און איך האָב פערלאָזען דיעזע מערדער־העלע.

און וואו איז זי יעצט? — מיין עהרע, גליק און רוהע איז פערשוואונדען אויף אייביג".

---

# V.

## ר' יאָסעלע מלאך.

### ערסטער טהייל.

— נעוואַלד יאַנקעל! דאָס קינד איז שוין דריי יאָהר און קען נאָך אפילו ניט זאָגען „טאַטע", וואָס טראַכסטו ניט עפּעס צו טהון?

— וואָס זאָל איך טהון, ציפּע?

— פאָהר מיט'ן קינד קיין דריפּסק צום מלאך...

— דבורה, עס איז שוין באַלד 10 יאהר ווי מיר האָבען חתונה געהאַט און מיר האָבען נאָך אַלץ קיין קדיש ניט, באַלד וועל איך דיר מעגען געבען גט אָהן כתובה. וואָס זאָלען מיר טהון?

— מיין עצה וואָלט געווען, מיר זאָלען פאָהרען קיין דריפּסק צום מלאך...

— ווייסטו וואָס, ברײנע, דאָס קינד מאָזעלט, פאָהר קיין דריפּסק צום מלאך.

— עס האָט זיך מיר גע'חלום'ט א שווארצער הונד. — קיין דריפּסק צום מלאך!

— רבש"ע, וואו איז דריפּסק, און ווער איז דער מלאך?!

— א קליינינקייט, איהר ווייסט גאָר ניט? עפּעס ליעגט איהר מסתמא אונטער'ן אויווען. ווער ווייס עס ניט, אז דריפּסק איז בעריהמט אויף דער גאנצער וועלט דורך די צוויי גרויסע זאכען, וואָס זי האָט: די גרויסע דריפּסקער בלאָטע און דער גרויסער דריפּסקער בעל מופת — ביידע גלאנצען מיט זייער טיעפקייט.

— נו. און ער העלפט טאקע?

— דו זעהסט דאָך!

— וואָס זעה איך? איך זעה דאָך גאָר ניט!

— וואָס הייסט, דאָס איז נאָך וועניג? זעה ווי די וועלט פאָהרט צו איהם. אז ער זאָל ניט העלפען, וואָלט דאָך די וועלט ניט געפאָהרען!

— דאָס איז נאָך גאָר ניט נעזאָגט. די וועלט איז אן עזעל מיט לאנגע אויערן. זי בעט זיך רחמים מען זאָל זי אָבנאררען. אבער איך פרעג דיך, וואָס איז זיין כח? פאר וואָס איז ער א מלאך?

— אָט האָסטו דיר. דו ווייסט ניט ווי אזוי מען ווערט א מלאך? מען לערנט גוט דורך דעם ספר זכירה, דעם מפעלות אלקים, דעם שביל אמונה, דעם ספר הסגולות און דעם ספר רזיאל המלאך און מען ווערט א מלאך.

— דו פערשטעהסט נאָך אלץ ניט וואָס איך פרעג, די אלע ספרים האָב איך אויך געלערנט, אָבער איך בין ניט געוואָרען קיין מלאך. וואָס איך פרעג דיך איז, וואָס טהוט ער אזוינס, פאר וואָס די וועלט האלט איהם פאר א מלאך?

— זעהסטו, אזוי פרעגסטו ווי א מענש. גאָר פּשוט, ער פּאסט הפסקות, ער דאווענט מיט כונה, ער לערענט ספרי קבלה, ער כאַפּט מלאכים, ער מוטשעט שדים, ער שרייבט קמעות, ער זאָגט סגולות, ער שפּרעכט אָב

רויזען און עיזהרע׳ס, ער בענשט געזונטע און היילט קראנקע. ער מאכט עס זאָל געהן ווינטער א רעגען און זומער א שניי...

— וואַרט, וואַרט! איך ווייס שוין וואָס ער איז, פשוט א מכשף!

— זאָל גאָט היטען! טאקע א מכשף קען אויך דאָס זעלבע מאכען, נאָר אנשטאָט, וואָס׳א מכשף מאכט מיט כשוף, מאכט ער מיט שמות, פערשטעהע־סטו יענער מאכט מיט שדים, און דער מאכט מיט מלאכים.

— איצט פערשטעהע איך שוין, טאקע עפּעס א מכשף, נאָר א אידישער מכשף!!! זאָג נאָר, ציהט ער טאקע דערפון זיין חיונה?

האָסטו דיר! מען שיט איהם פשוט אָב מיט געלד, אלע מאמעס ווינשען זיך אזעלכע קינדער צו האָבען, אלע כלות אזעלכע חתנים, אלע ווייבלאך געהען פערמאכטערהייט די אויגען פון מקוה ביז זיין שטוב, אום אויף איהם דעם ערשטען קוק צו טהאָן, אלע טאטעס בענשען זיך מיט איהם, עס קאָכט מיט איהם די וועלט, ער האָט א שם פון דאנען ביז בראָד, אלע חסידישע רבי׳ס זיינען גאָר ניט אנטקעגען איהם.

## צווייטער טהייל.

עס איז געווען א שרעקליך פערוואָלקענטע און טריבע נאכט. עס איז שוין 2 שטונדען נאָך דעם סדר, אין די געסלאך אין דריפּסק זעהט מען קיין לעבעדיגען נפש. זעלטען וואו ברענט נאָך ליכט אין די הייזער וואו מיט עטליכע שעה צוריק זיינען געזעסען די בני מלכים פריילאך און לוסטיג, אבער מיעד פון די שווערע ארבייט ארויסראמענדיג דעם חמץ. מען הערט נור פייפען דעם ווינד און בילען די הינד. א קליין שטיבעלע אין באָד גאס, אין פירהויז שטעהט א יונגער־מאנטשיק מיט׳ן תאלאטעל בלויז ארויפגענומען אויף די פּלייצעס און די באָרוויסע פיס אריינגעשטעקט אין די צוריסענע שיך און ציטערט פאר קעלט.

— צו וועלכען צוועק? —

— איך וועל אייך זאָגען: א פיעל היילינגערער צוועק, ווי רויבען, גנב׳ענען אָדער מאָרדען, די זעלבע פּאָליטישע אורזאכע, וואָס האָט געפיהרט לואיס דעם 15טען צו זיין געליעבטע פּאָמפּאדרי, די זעלבע זאך האָט אויך געפיהרט דיעזען פערליעבטען אין יארמעלקע צו זיין געליעבטער איטקען.

זי האָט איהם געבטען צוגעזאָגט, אז היינט ביי־נאכט וועט זי קומען

אין זיין קעמערל א ביסעל פריהער, און איצט איז שוין נאָך האלבע נאכט און זי איז נאָך ניטאָ.

דער מענש איז ניט פון אייזען. ער ווארט א שעה, ער ווארט צוויי, ביים שטארקסטען מענשען מוז די געדולד פּלאצען, ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין געלעגער, א טאפּ געטהאָן די יארמעלקע, ארויפגעכאפּט דעם כאלאַטעל, ארייננעשטעקט די שיכלעך און מיר זעהען דעם ריטער אונטער דער טהיר פון זיין ערוווארטעטע איטקע, וועלכע וואָהנט אין זעלבען הויז אונטער׳ן זעלבען שטרויענעם דאך, נאָר דער פיר־הויז מיט צוויי וועגט טהיילען זיי אָפּ פון איינאנדער, און יעצט נאָר איין דינע טהיר מיט א פלעקעל צום עפּענען און צום פערמאכען, און א פּאָאָר לעכער פון די פריהערינגע פלעקלאך, וואָס האָבען זיך שוין לאנג אויסגעבראָכען.

אונזער העלד בויגט זיך איין צו איינע פון דיעזע לעכער אין טהיר און שרייט אין דער שטיל: „איטקע! איטקע!“ ער הערט זיך ריהרענדיג, אָבער ווייטער שטיל.

— איטקע, איטקע! דאָס בין איך! — מען ריהרט זיך; אָבער קיינער געהט ניט ארויס.

— איטקע! איטקע! — זיינע אויגען האָבען אָנגעהויבען גלענצען, ער האָט דערהערט שאָרסקען דאָס שטרוי אין בעט, דאָס בעט האָט אָנגעהויבען סקריפּען, ער הערט שוין טריט פון באָרוועסע פיס, די טהיר האָט זיך לאנגזאם געעפענט און א נידריגע, גראָבע פרויענצימער איז ערשיענען דורך דער טהיר.

אונזער העלד האָט נעבאך צופיעל געוואָרט, ער זאָל נאָך האָבען געדולד צו ווארטען ביז איטקע וועט איבערגעהן איבער׳ן פיר־הויז, ער האָט איהר נאָר געזאָגט: פע, ניט שעהן פון דיר, האלסט ניט קיין וואָרט! און האָט זי גענעבען א כאפּ ווי א קליין קינד אויף די הענד, אום זי ריטערליך ביז אויף זיין געלעגער ארויפצוטראָגען.

אָבער איין שרעקענס־געשריי פון אן עלטערע פרוי און זי האָט זיך פון זיינע הענד באלד אויסגעלייזט, זי איז אראָפּגעפאלען אויף דר׳ערד און ער איז שנעל פערשוואונדען אין זיין קעמערל.

אָנשטאָט איטקען האָט ער געכאפּט איטקעס מוטער...

ער האָט זיך צוריק געלייגט און געציטערט פון קעלט און פון שרעק, אין 5 מינוטען איז ארייננעשפרונגען חיים קאראבעלניק, איטקעס פּאָטער,

מיט א צופלינע (סטראַפּ); איטקעס מאמע, וועלכע איז פריהער געווען אויף יאָסעלע מלאך׳ס הענד, איטקע אליין און איהרע צוויי עלטערע ברידער און דריי קלענערע שוועסטער — אלע האָבען זיך אריינגעשאָטען אין ר׳ יאָסעלע מלאך׳ס צימער.

דאָס ערשטע האָט חיים איהם פערקאַטשעט דאָס כאַלאַטעל און אָנגע־פאנגען צו שמייסען, אויף זיינע קולות זיינען זיך באלד צוזאמענגלעאָפען אלע שכנים.

— דאָ האָסטו דיר! — האָט חיים איהם געזאָגט אין אלעמענס געגענ־ווארט מיט טריאומף, ווי א מלמד צו אן אָבגעשמיסענעם אינגעל. איך וויים, דו פערפיהרסט די גאַנצע וועלט מיט דיינע קאָמעדיעס און מלאכים שטיקלעך, דו האָסט געמיינט, אז מיין איטקען קען מען פערפיהרען? ניין, ניין! איך אליין האָב זי געשיקט אין דיין צימער, זעהן וואָס פאר א מלאך דו ביזט. איהר האָסטו אלעס אויסגעזאָגט, אז די צעטעלעך פון מלאכים, וועלכע דו געפינסט אונטער׳ן קישען, שרייבסטו עס אליין אָן. געננוג דיר יעצט צו בעשווינדלען די וועלט! נאַ! נאַ! נאַ!

אויף מאָרגען פריה איז יאָסעלע מלאך פערשוואונדען געוואָרען ואיננו.

---

## VI.

### דער ממזר.

דאָס האָט געטראָפען מיט זעהר פיעל יאָהרען צוריק. ווי אלט איך בין דאמאָלס געווען געדיינק איך ניט, אפשר וועלען עס מיינע לאנדסלייט געדיינקען.

עס איז געווען צו יענער צייט, ווען מיר פלעגען קויפען א וואגאָן בע־רעזאָווע האָלץ פאר 5 „בערלינקעס“ און ערב ראש השנה 3 פלוימען אויף שהחינו פאר א „פּייעם“ ווען ר׳ מאיר האָבערניק און ר׳ חיים ליפעראַנט האָבען נאָך געהאט זייער נאָמען און פערמעגען פון סעוואסטאָפּאָלער מלחמה און פאר א אידישען סאָלדאט פלעגט מען קויפען א נעלם פאר איין אָחאָטניק, ווען אונזערע גרויכע לומדים האָבען געהאט פאר זייערע נעמען א ר׳ און

נאָך זייערע נעמען א „לע“: ר׳ איצעלע, ר׳ שלמה׳לע, ר׳ חיים׳על... ווען אונזערע נגידים האָבען געהאט נאָך זייערע נעמען א „ציג“: בערציג דער לעדערהענדלער, לייביג דער שוחט, איציק דער נגיד... און אונזערע פשוט׳ע בעלי־בתים א „קע“ צום סוף: חיימקע כאפער, פייפקע כלי זמר, שלמה׳קע רופא... ווען לערנען גמרא האָט געהייסען „חכמה“ און שרייבען אידיש „קענטנים“; ווען וויסענשאפט האָט געהייסען „טומאה“ און שפּראכען — „אפיקורסות“, ווען א רב איז נאָך קיין שאנדע ניט געווען און א ממזר איז נאָך קיין מיוחס ניט געווען; ווען א למדן איז געווען א ציהרונג פאר דער שטאָדט און א בערלינער א פלעק אין דער משפחה; ווען מען איז געגאנגען עסען נאָכ׳ן דאווענען און שלאָפען נאָך זשאָרעס פויקען; ווען אין שוהל פלעגען דאווענען ביי־נאכט די מתים, פארטאָג די ותיקין און גאנץ פריה די בעלי־בתים. פונקט ווען דער גרויסער בית המדרש האָט זיך שוין איבערגעבויט און דעם קליינעם בית המדרש האָט מען איינגעוואָרפען צום איבערבויען און גליקעלעם קלייזעל, קצבות׳ע קלייזעל, מסילת ישרים קלייזעל, און תהלים־שטיבעל האָבען איינגעקויפט נייע געשניצטע פּאָפּירענע מזרחים. גראד ווען די גאנצע שטאָדט האָט געקוואָלען פון ר׳ איציקעל פנחס „חדושי יצחק“ און געשאָלטען בענצקע דעם בערלינער; ווען עס איז ארויס די גזרה, אז אלע מאמעס דארפען אויסהיילען זייערע אינגעלעך די קעפּלאך און אויפ־נעהען תחתונים׳לעך צו געהן אין דער ראבינער שוהל, וואו „רומס“ און „גאָרדאָן“ זיינען געווען די לעהרער. ווען דער נייער פלאַן האָט זיך אָנגעהויבען בויען און די אלטע בריק איבער דער נאָוויאזא איז איינגעפאלען. גראד נאָך דער בהלה, און פאר דעם פּוילישען מיאטיעזש — אָבער דאָך נענוי די צייט געדענק איך ניט, אָבער איך געדענק, אז דאָס איז געווען פרייטאָג אין דער־פריה.

א געוואלד, א רעש אין שטעדטעל, די גאנצע שטאָדט לויפט אויפ׳ן שוהל־הויף, וואָס איז? ר׳ ...ציק דער שוחט האָט זיך אליין אויסגעבראָכען א פינגער!

— זיך אליין! וועה איז מיר!

— וואָס איז די מעשה, פאר וואָס?

— ער וועט שוין געווים ניט טאָרען קוילענען.

— א שאָד, ער איז זעהר איין עהרליכער איד!

— עס איז שוין אַ גוטע חרפּה פאַר דער שטאָדט.

— דער ממזר לעבט!

די אַלע פראַזען האָב איך געהערט, אָבער דאָך איז מיין נייגירדע ניט אזוי אויפגעוועקט געוואָרען, ווי ביי דער לעצטער פראַזע: דער ממזר לעבט!

עפּעס איז דאָס שוין ניט אזא גלאַטע מעשה מיט איין אויסגעבראָכענעם פינגער, נאָר עפּעס מיט אַ ממזר אויך. דאָס איז שוין עטוואָס אינטערע־סאַנטעס אין אַ אידישע שטאָדט, אפילו פאַר אזא קליינעם אינגעל ווי איך אויך, איך מוז אַלעס וויסען.

מיט מיינע דאַרע הענטלאַך און שפּיציג נעזעל האָב איך מיך אריינגע־שטופּט אין אַ קופּקעלע אידען און מיט זייער שטראָם בין איך אריינגע־טראָגען געוואָרען אין גרויסען בית המדרש.

— אוי וועה, אַ מעשה נורא! — האָט אָנגעהויבען מיט אַ פליסטערענדע אָבער בעדייטונגספאָלע שטימע יאנקעל דער אידישער סאָלדאַט — דאָס פערלויפט זיך איין מאָהל אין טויזענד יאָהר.

די צוהערער האָבען מורא דעם אָטהעם צו כאַפּען זיי זאָלען חלילה ניט פערעהרען אַ וואָרט און קוקען נעשפּאַנט איהם אין מויל, און איך דרעה אוועק דאָס נעזעל מען זאָל ניט בעמערקען, אז אזא קליינער הערט זיך צו, אָבער דערפאַר האָב איך נאָך נעהנטער אריינגעשטעקט מיין רעכטען אויערל, כאָטש שוין דאמאָלס האָב איך מיט מיין נעזעל מעהר געהערט, ווי מיט די אויערען.

יאנקעל דער סאָלדאַט דערצעהלט ווייטער:

— די שעהנע חייקע ליפּקע דעם טרענערס, וואָס דיענט ביי ...ציק דעם שוחט האָט היינט פריה נעהאַט אַ ממזר.

— אוי, אוי, אַ ממזר! — איז אריינגעפאַלען זלמן דער שאַראָווער פּרוש — ווען האָט זי געטראָגען?

— אביסעל אַ קשיא — האָט אַ נייגעריגער שנעל אונטערגעכאַפּט — מן הסתם פאַר'ן האָבען.

— וואָס דען — האָט ווייטער פאָרטגעזעצט יאנקעל — ווי טאָג אזוי נאכט, גאַנצע ניין חדשים.

— ר' יאנקעל, פון וועמען? — פרעגט ווייטער דער פּרוש.

— בע, בע! איך זאָל זיין אַ גבאי, — זאָגט יאנקעל טרויעריג — וואָלט

ר' ...ציק דער שוחט ניט געטראָפּען אזא אונגליק — דער עולם שווייגט, זעהר געשפּאַנט צו הערען וואָס פאר א שייכות האָט דער צובראָכענער פינגער פון דעם שוחט מיט חייקעס ממזר.

— אָט דאָס איז די גאַנצע צרה, — זאָגט יאנקעל ווייטער, — עס איז איין אַלטער אידישער מנהג, אז ווען א אידיש מיידעל געהט חלילה צו קינד, זאָגט מען איהר, אז זי וועט גרינגער האָבען, ווען זי וועט אויסזאָגען פון וועמען זי טראָגט, און אזוי ווי די שוחט'קע האָט אויך חייקען געפרעגט, האָט זי געענטפערט: פון ר' ...ציק דעם שוחט.

ר' ...ציג דער שוחט האָט פון אנגסט אָנגעהויבען צו ברעכען די הענד און האָט זיך אויסגעבראָכען א פינגער.

אזוי ווי מען צובינדרט א קויל קינעלע (באַלאַנעס) און זיי צושיטען זיך, אזוי האָט זיך די גאַנצע קופּקע אידען שנעל אויפגעלעזט און איך האָב גע־געבען א פאַל צו דר'ערד. זיי האָבען שוין אַלעס געהערט, און אגב איז ר' הערשעל דער דין אריינגעקומען אין בית המדרש דאווענען מנחה גדולה.

אָרימער ר' ל...ציק דער שוחט! א איד טאָר ניט זיצען בשלוה! ער איז א למדן, א חכם, איין עושר, תורה וגדולה במקום אחד, און אזוי חשוב און בעליעבט ביי דער שטאָדט — און דאָך אזוי אונגליקליך.

נאָך האָבען זיך ניט פערהיילט זיינע ערשטע וואונדען, ווי מען האָט געכאַפּט זיין בענציל לערנען תנ"ך מיט'ן באור פון משה דעסויער אין סאַמע בית המדרש, זיין בן יקיר, זיין עלוי, זיין הדרת פּנים, און איז ניט פאר קיין אידען געדאַכט געוואָרען א „בערלינער" און די גאַנצע וועלט האָט מיט איהם צו טהאָן, — און אָט האָסטו דיר א צווייטען אונגליק.

מיין שפּיץ נעזעל האָט זיך פערדרעהט און אין מיין קינדיש קעפּעל האָט זיך אָנגעפאַנגען צו דרייען געדאַנקען וועגען אונגליקען: ר' ...ציק שוחט איז אַלט, פרום, עס קען ניט זיין; בענצקע איז יונג, שעהן, ניט פרום; חייקע שעהן, פריילאך... אי זי זאָגט פון ר' ...ציק שוחט, — דאָס איז אָנגעשטעלט פון בענצקען, ווייל דער פאָטער האָט איהם געשלאָגען און ארויסגעטריבען, און ער וואַלגערט זיך איצט ביי מיין טאַטען אין הינטער־שטיבעל, האָט ער איהם געהייסען אזוי זאָגען...

אַלע אידען האָבען געזונגען „לכה דודי" און איך בין ארויס פון שוהל,

אריינגעלאָפּען צו בענצקען אין שטיבעל, ער איז געזעסען איבער מרדכי אהרן גינזבורג׳ס „הדביר“ ביי א חלב־ליכט.

— בענציל, איהר וועט מיך נישט אָנפּאטשען, איך וויל אייך עפּעס פרעגען.

— פרעג, דוד׳ל, — האָט ער מיר געזאָגט.

— איע, אייער טאטע איז ניט שולדיג? איך זאָל אזוי לעבען, ווי איך וועל קיינעם ניט אויסזאָגען.

— אָבער דוד׳ל! דו ביזט נאָך א קינד פון זעקס־זיעבען יאָהר, ווי קומט צו דיר אזעלכע פראגען; דו וועסט צו־פריה אלט ווערען.

— נישקשה, — האָב איך האלב פערשעהמט געענטפערט און דערביי איהם אזוי שאַרף געקוקט אין די אויגען, אז ער האָט מיך ארומגעכאפּט און געגעבען א קוש.

— ביזט זעהר א קלוג קינד, דוד׳ל, אָבער האלט דיין שבועה און רייד מיט קיינעם ניט דעריבער. איך וועל מיט דיר אלעס לערנען. טראָג מיר אָפּ דאָס בריוועלע צו חייקע, גיב עס איהר אָב קיינער זאָל ניט זעהן און האלט די צונג צווישען די צייהן, מיין קליינער דוד׳ל.

דאָס קינד האָט מען אָבגעגעבען צו ערציהען צו איצע דעם סאָלדאט פון יענער זייט בריק. חייקע איז אוועקגעפּאהרען קיין קאָוונע, און איך האָב מיין סוד געהאלטען ביז היינט, שוין עטליכע צעהנדליג יאָהר.

היינט בין איך פאַרגעשטעלט געוואָרען דעם פרומען פּרעזידענט פון דער .... שוהל, אין ... סטריט, מיר האָבען זיך באלד דערקענט אלס לאַנדס־לייט. נאָכדעם ווי איך האָב ערצעהלט ווער מיין משפחה איז, האָט ער מיר גענאַנט דעם נאָמען פון זיין פאָטער עליו השלום.

„איצע דער סאָלדאט פון יענער זייט בריק“.

אז איצע דער סאָלדאט פון יענער זייט בריק איז געווען א בעזדיעטניק ווייס איך בעסער פון איהם; אז זיין פאָטער לעבט נאָך ווייס איך אויך בעסער פון איהם, און דאָך קומט מיר דיעזער פּרעזידענט פאָר מעהר מיוחס אלס ממזר, ווי ווען ער וואָלט ווירקליך געווען א זוהן פון איצע דעם סאָלדאט...

---

# VII.

## קורץ און טרויעריג.

### ערשטער טהייל.

איך בין אליין איין אונגארישער, מיין נאָמען איז בערקאָוויץ, איך בין 22 יאָהר אלט און בין ביים פאָטער אין געשעפט, אין פעדלער סופּליי סטאָר, אין דער ליטא בין איך קיינמאָהל ניט געווען.

מיין פאָטער איז יעצט 40 יאָהר אלט און איז איין זעהר שעהנער קרעפ־טיגער מאַן און דערצו נאָך זעהר פרום, אָבער אין דער ליטא איז ער אויך קיין מאָהל ניט געווען.

מיין מוטער איז א זעהר ליעבענסווירדיגע פרוי, זי האָט ליעב דעם פאָטער, מיך און מיין איינגערע שוועסטער, אָבער זי איז אין דער ליטא אויך קיין מאָהל ניט געוועזען.

אָבער דאָך, ווי שווערמע איך פאַר די ליטווישע געגענד, עס איז איינ־פאַך איין פאראדיז, א גן עדן!

ווי גרין זיינען דאָרט די פעלדער, ווי געדיכט זיינען דאָרט די וועלדער, די בלומען פערשפרייטען זייער דופט איבער דער גאַנצער וועלט.

ווי קלוג און ווי געבילדעט זיינען דאָרט די מענשען; ווי גוט זיינען זייערע הערצער, ווי עדעל זייער כאראקטער, ווי שעהן און רייצענד זייערע געזיכטער!

אָה די שעהנע, פּרעכטיגע ליטווישע לאַנד!

איך בעוואונדער דיך, דו פאראדיז פון דער גאַנצער וועלט.

איך בין אין דער ליטא קיין מאָהל ניט געווען, אָבער איך זעה איהר פּראכט, ווייל איך ליעב סערעה'ן, און זי איז א געבאָרענע ליטוואטשקע.

ווי קען דאָס לאַנד, וואו אזא בלום איז געבאָרען, גאָר אנדערש זיין, אלס א פאראדיז?

איך ליעב זי שוין זייט עטליכע מאָנאטען און וואָס איך קען זי מעהר, ליעב איך זי מעהר. איהרע אויגען זיינען פול אונשולד און טרייע, ווי א ליליע. איהר געזיכט איז וויים ווי מארמאָר און ראָזיג ווי א שעהנער זונען־

אונטערגאנג, איהרע ליפּען זיינען רויטה ווי פּורפּור, ווייך ווי פּוטער, גלאַט ווי סאַמעט און שמעקען ווי פרישע מאַי־בלומען.

אָה דיעזע ליפּען און דיעזע אויגען, זיי האָבען מיין בליק געפאנגען און מיין הארץ ווי מיט א געוואלדיגען מאגנעט צוגעצויגען.

איך בין פערליעבט, שטערבליך פערליעבט אין דער ליטוואטשקע.

אָבער זי ליעבט מיך אויך, זי ליעבט מיך מיט דער גאנצער גלוט פון איהר יונגעס, אונשולדיגעס הערץ.

ווען זי דריקט מיך אין איהרע ארמען, פיהל איך הימעלשע וואנע, ווען זי דריקט איהרע ראָזיגע ליפּען אויף מיין מונד, דאן שמעלץ איך אין גליק און זעליגקייט.

אוועק איהר קאלטע פילאָזאָפען וואָס איהר לאכט פון ליעבע, וואָס איהר קריטיזירט איהר טרייהייט, ליעבע קאָן ניט פאלש זיין, ליעבע קען קיין פאנטאזיע ניט זיין; ליעבע איז גליק אין לעבען.

ווי גליקליך שעץ איך זיך פון אזא אונשולדיגען ענגעל געליעבט צו זיין! ווי גליקליך בין איך, ווען איך קום צו דיעזען הייליגטהום אויך מיט איין אונבעפלעקטע זעעלע, אויך איך האָב נאָך קיין פרויענצימער געליעבט און קיינע בעריהרט, זי איז דאָס ווערטה, דאָס איהר ערשטע ליעבע זאָל מיט ערשטער ליעבע בעלאָהנט ווערען.

אָבער איך ליעב זי צו שטארק, אום די זאכע נאָך ווייטער צו לאָזען געהן ווי זי געהט, איך פיהל מיינע כחות אויסגעהן, איך מוז זי האָבען גאנץ נויטיג אין מיין בעזיץ, איך מוז באלד הייראטהען.

איך מוז געהן צו איהר מיט איהר אלץ אָברעדען, און דערנאָך ביי מיין ליעבען פאָטער זיין שטיצע פערלאנגען און זיין זעגען, און די ליעבע טרייע ליטוואטשקע וועט מיין פרוי ווערען.

צווייטער טהייל.

— ליעבע סערעה! — האָב איך איהר געזאָגט געסטערן אבענדס, ווען איהר בלאָנד קעפּעלע איז געלעגען אויף מיין ברוסט און איהרע אויגען האָבען אזוי טריי מיר אין מויל געקוקט און איהרע ווייכע רונדע הענטעלעך האָבען מיין האלז ארומגענומען. ליעבע, סערעה, ווארום זאָלען מיר זיך נאָך ווייטער פּלאגען, איך וויל מיר זאָלען זיך ענדליך פערבינדען מיט דעם הייליגען עהע בונד מיר זאָלען מיט פרייד און גליק אונזער האָכצייט פייערן".

— אָה דו מאַכסט מיך גליקליך, מיין טהייערער — האָט זי מיר גע־ענטפערט, און איהרע אויגען זיינען פייכט געוואָרען פון גליק. יעצט איבער־צייג איך מיר, אז דו ליעבסט מיך טריי און איניג, איך וועל פון דיין ווילען קיין מאָל ניט אָבטרעטען. ערשט נאָך דער חתונה זאָלסטו ווייסען, ווי ליעב איך האָב דיך, דיך אליין! נאָר דיר געהערט מיין הערץ און זעעלע. — איין איננינגער, לאַנגער הייסער קוש האָט מיר איהר צושטימונג בעשטעטיגט.

איך האָב מעהר קיין ווערטער געהאַט מיינע געפיהלען אויסצודריקען, איך בין צופיעל ענטציקט געוועזן. אָבער זי מיט איהר גרויסע שטאַרקע זעעלע איז געוועזן די ערשטע, וואָס האָט מיך דערמאָהנט, אז עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט און עס איז צייט איך זאָל אהיים געהן.

— דו, מיין געליעבטע, ביזט פּינקטליך, ווי א זייגער; אימער מוז איך דיר פערלאָזען אום 10 אוהר. הייטע אָבער, מיין ליעבע סערעה, מוז איך ביי דיר אָביסעל לענגער בלייבען.

— ניין, מיין ליעבסטער, איך וויל זאָלסט האָבען א פרוי ריין ווי אַן ענגעל, זי זאָל אויף זיך קיין לייטישע נאָכרייד ניט האָבען; זאָלען זיי ניט זאָגען, אז איך האַלט דיך אויף צו שפּעט, עס איז שוין דאָך ניט ווייט צו אונזער האָכצייט. דאַן זיינען מיר ביידע אין אונזער וועלט.

— האָסט רעכט, מיין געליעבטע, אדיע!

און מיט הייסע פייעריגע קושען האָב איך איהר צימער פערלאָזען.

## דריטער טהייל.

אלס איך בין אונטען פון דעם סטופּ ארונטערגעגאַנגען, זעה איך: עס שטעהט אַן עלטערער מאַן גראַד אויף די טרעפּ און קוקט מיר פעסט אין די אויגען אריין.

— איהר זיינט הערר בערקאָוויץ, שיינט מיר, — האָט דער אלטער געזאָגט.

— פון וואַנען קענט איהר מיך און ווער זיינט איהר?

— אָה, איך קען אייך און אייער פאָטער, איך בין א מאָהל ביי אייך א הויז־קיפּער געוועזן, יעצט בין איך אין דעם הויז הויז־קיפּער.

— איהר האָט מיר געוואָלט עטוואָס זאָגען?

— אָה יאַ, ניט עטוואָס, נאָר זעהר וויכטיגעס.

— אַלזאָ רעדט, איך הער.

— איהר ליעבט די סערעה דאָ פון דעם צווייטען פלאָר?

— וואָס קימערט דאָס אייך?

— רעדט מיט מיר פריינדליכער, הערר בערקאָוויץ, איך רעד אין אייער אינטערעס, ניט אין מיינער, ווייל איך קען אייך און איהר טהוט מיך לייד.

— וואָס איז דען, זאָגט שנעל.

— סערעה בעטריגט אייך.

— אַלטער לומפּ וואָס איהר זייט, ווי וואגט איהר אויף דיעזען ענ־געל... — איך האָב דעם אַלטען געוואָלט אראָפּלאָזען אַ פּאטש, אָבער ער האָט גאַנץ קרעפטיג געפּאסט מיין האנד.

— פריהער איבערצייגט אייך. ווען איהר וועט געפינען, אַז איך זאָג אייך ליגען, וועט איהר צייט האָבען מיך צו שלאָגען, אָדער גאָר צו טוידטען. איך וואוין טאקע אין דער זעלבער זייט וואו סערעה וואָהנט, און מיין בעד־רום מיט איהרע שיידט נאָר אָפּ אַ דינע טהיר.

דיזע זיכערע ווערטער פון דעם אַלטען מאַן האָבען מיך ווי עלעקטריזירט.

— אָבער געדענקט, ווען דאָס איז פאַלש, מעגט איהר שוין אָבזאָגען וידוי. יעצט זאָגט וואָס ווייסט איהר?

— איך ווייס, אַז איהר זיינט ניט דער ערשטער און אויך ניט דער לעצטער. געהט נאָר אריין צו מיר אין בעד־רום, וואַרט נאָר אַ האַלבע שטונדע און איהר וועט מיט אייערע אייגענע אויערען הערען אָדער זאָגאָר מיט אייערע אויגען זעהן אַ צווייטען בעזוך.

— וואָס רעדט איהר, אַלטער, איז דאָס וואהר? — האָב איך מיט הארץ־וועהטאָג געזאָגט.

— אָבער, הערר בערקאָוויץ, איך האָב קיין אינטערעסע אייך אָדער איהר צו שאַדען, נאָר גראד היינט האָב איך אין מיין בעד־רום ניט ווילענדיג געהערט, אַז איהר מיינט עס ערנסט און איהר ווילט זי הייראטהען, זאָ האָט עס מיר לייד געטהאָן איהר זאָלט אזוי בעטראָגען ווערען.

— איך דאַנק אייך, פריינד. אין איין פערטעל שטונדע בין איך ביי אייך, — האָב איך צערשטרייעט געזאָגט, און בין באַלד אריינגעלאָפען אין אַ פּאָון־שאָפּ, וואו איך האָב דערזעהן רעוואָלווערס ליגען. איך האָב גע־קויפט אַ רעוואָלווער, דען יעדענפאַלס איז עס מיר אונבעדינגט נויטווענדיג

געוועזן: — איז עס אַ ליגען, זאָל דער הויז־קיפּער שטאַרבען, איז דאָס וואהר, זאָל זי מיט מיין נעבעז בוהלער שטאַרבען; איין מאָרד מוז געשעהן.

מיט אַלע 5 קוילען האָב איך מיין רעוואָלווער געלאָדען און האָב אַליין ניט בעמערקט ווי און ווען איך בין צוויי טרעפּ אַרויפגעלאָפען.

צום הויז־קיפּער אַריינגעהענדיג, האָט דער אַלטער מיר אַ וואונק געטהאָן איך זאָל שטיל זיין און איהם נאָכגעהן.

אַלס מיר זיינען אַריין אין לעצטען בעדרום האָט אַ גאַנץ דינער ליכט־שטראַהל אַריינגעשיינט פון דעם בעדרום, וואו סערעה האָט געוואָהנט און אַ שטילער געשפּרעך איז געקומען אין די אויערען.

דאָס בלוט איז מיר אַריין אין קאָפּ, מיין האַרץ האָט אָנגעהויבען שלאָגען ווי מיט האַמערס, ווען איך האָב דערזעהן אַ מאַן, וועלכער איז געזעסען אויפ'ן בעט מיט'ן רוקען צו מיר. סערעה איז געלעגען ביי זיין ברוסט מיט איהרע אָרעמס אויף זיין האַלז, פּונקט ווי ערשט איין האַלבע שטונדע צוריק ביי מיר, זיי זיינען געווען שטאַרק פערטיעפט אין זייער ליעבע, ווי עס שיינט, ווייל זיי האָבען ניט געהערט, ווי איך האָב עטוואָס מעהר די טהיר צו מיר געעפענט, איך זאָל דייטליכער זעהן און הערען, וואָס דאָרט געהט פאָר.

— אָבער וואָס זעהען מיינע אויגען! דער אונשולדיגער ענגעל, וועלכע איך האָב מיך ניט ערלויבט די גאַנצע צייט זאָגאַר איהר קערפּער צו בעריהרען, זעה איך יעצט אַ גאַנץ פרעמדען מאַן מיט זיינע רויהע הענד אומטאַפּען זי אונפערשעהמט! עס איז מיר זאָפאָרט איינגעפאַלען איהר פרעכהייט, ווי זי האָט מיר אום צעהן אוהר פון איהר צימער פאַסט אַרויסגעשטופּט און ווי עס שיינט האָט זי עס מיט אַבזיכט געטהאָן.

מיין בלוט האָט געקאָכט, מיינע גליעדער האָבען געציטערט, ניט ווייענדיג האָב איך געפּיהלט ווי מיין האַנד האָט געגריפען דעם רעוואָלווער.

אין דעם מאָמענט האָב איך דערזעהן ווי דער מאַן האָט זי אַנידערגעלעגט אויפ'ן בעט און האָט אָנגעפאַנגען איהר בוזעם אויפצושפּילען.

איין קנאַל, און דער אונבעקאַנטער מאַן איז צוריק־געפאַלען אויף דער ערד מיט'ן געזיכט, און בעפאָר איך האָב דעם צווייטען שאָס געוואָלט אָפּפּייערען אויף די נידערטרעכטיגע פעררעטהערין, האָב איך דערקענט דאָס געזיכט פון דעם נעבעז־בוהלער, — ער איז געווען מיין פאָטער.

## XIII.

### פרישע לופט.

— נו, חנה, גיב מיר נאָך א שטיקעל קוגעל.

— זאָל איך בלייבען א יונגע אלמנה, אויב דו קריגסט אפילו איין ביסען. הערסטו שלמה, אַט האָב איך דיר געשוואָרען.

— אָבער אז איך וועל דיר שוין צוזאָגען מאָרגען אויסצופאָהרען?

— גיב איך דיר אוועק אין גאנצען.

— אָלל־רייט, לאָמיר מאָרגען אויספאָהרען. עס איז אפילו א שאָד, עס דארף קאָסטען אריבער א דאָלאר, אָבער אז דו האָסט זיך שוין איינגעשפארט.

— איך האָב מיר איינגעשפארט, אז אָך און וועה איז מיר, אַט פעהלט מיר טאקע נאָר פערגעניגען, איך מיין דאָך נאָר פון די קינדערלאכ׳ס וועגען, זעה ווי דזשייקעל זעהט אויס, ער איז דאָך שוין גרין און געל, און בעסי איז שוין אויך נעוואָרען הויט אוןביינער, און קיידע האָט א מאָגען, — אויף דעם לענדלאָרד נעזאָגט געוואָרען, און די קליינטשיגע איז אויך קוים וואָס זי לעבט! אז די קינדער זאָלען נאָר זיין געזונד, דארף איך די אויספאָהרעניש, איך וויל נאָר די קינדער זאָלען כאפען א ביסעל לופט. און פרעג איך דיך, תכשיט מיינער, איך אליין בין שוין גאָר קיין מענש ניט? פאר וואָס פלעגסטו רייסען די הויט פון מיר אין נויאָרק מיר זאָלען אויספאָהרען אין צענדערל פארק?

— אין נויאָרק איז עפעס אנדערש, מען נעהמט די קאר און מען פאָהרט. דאָ, נעה ווייס וועלכע קאר מען נעהמט און מען דארף ערשט פאָהרען צוויי שטונדען.

— וועלכע קאר, אומשטיינס געזאָגט! א מאָנסביל זאָל ניט וויסען! נאָר מיר קענען דאָך פאָהרען מיט חיים שמואל׳ן; זיי פאָהרען דאָך אויך אויס אלע מאָהל, מאָרגען גאנץ פריה פאָהרען זיי אויס, זיי וועלען אונז טאקע ווייזען א גוטען פלייס ווייט אונטער די בוימער, מיר זאָלען זיך אלע קענען בעקוועם מאכען און אנידערלעגען.

— אָלל־רייט, זאָג זיי. אז מיר וועלען פאָהרען צוזאמען, אָבער פערגעס

ניט עפּעס מיטצונעהמען, מען זאָל דאָרט ניט דאַרפען ליידען קיין הונגער, ווי דו פלעגסט טהאָן אין נויאָרק.

— וואָס זאָגסטו זאָל מען מיטנעהמען? שא, ווייסטו וואָס, דעם פיש וואָס איך האָב נעכטען געקויפט, וועל איך מיטנעהמען, און איך וועל מיט־נעהמען דאָס פיש־פּענדעל, און מיר וועלען עס דאָרט אָבקאָכען.

— עפּעס פיש אַליין; עפּעס א גאַנצען טאָג טרוקענס? פערגעס ניט, אַז דער טאָג איז איצט א יאָהר, עס ווילט זיך טאַקע עטליכע מאָהל עסען, און בפרט די קינדערלעך. אַז דו זאָלסט האָבען האָלץ־קוילען, וואָלט איך א בעלן געוועזן מיטצונעהמען דעם סאַמאָוואַר אויך.

— געזונד זאָלסטו זיין, שלמה'ניו. זעהסטו, דאָס איז פון דיר א גוטער איינפאַל, וועט מיך טאַקע דאָס קינד ניט נאָגען א גאַנצען טאָג. געוויס וועל איך קריגען אין דער גראָסערי האָלץ־קוילען. נאָר ווייסטו וואָס מיר דאַכט זיך, מיר האָבען גאָר קיין צוקער ניט.

— אָט אויך א זאַך, וועסט אַריינלויפען אין גראָסערי און קויפען א פייפּער צוקער.

— לויף טאַקע דו, שלמה'ניו, איך דאַרף נאָך אויספּרעסען פאַר די קינדערלאַך א פּאָר קליידלעך מיט דזשאָמפּערלאַך. הער נאָר, קויף דזשייקלען א העטקעלע אויך, עס איז ניט שעהן כלעבען, דאָס אַלטע העטקעלע זעהט אויס ווי א שמאַטע, און פאַראיינס נעהם שוין מיר א פּאָר סטאָקענס. א נעקטיי האָסטו?

— א נעקטיי? מיר שיינט איך האָב גאָר קיין געפּרעסטע העמד אויך ניט, און איך וואָלט געדאַרפט מיינע שיך אַריינטראָגען צום שוסטער פּיק־סען. וויפיעל ברויט זאָל איך נעהמען? זיי האָבען אין דער גראָסערי פּי־קעלס? זאָל איך בעסער נעהמען וואורשט אָדער קאָרען־ביף?

— נעהם ביידעס, נאָר פערגעס ניט צו קויפען א פונט בראָקען קייק פאַר די קינדער און פאַר א פּאָר סענט ליידיעס פינגער פאַר דער קליינטשינגע, זעהסטו אָט איצטער האָב איך מיר דערמאָהנט, איך האָב ניט איין דייפּער־פּין, איך מוז טאַקע געהן אויסוואַשען עטליכע דייפּערס. אַז דו זאָלסט זיין א גוטער, וואָלסטו פעראיין־וועגס אַרויפגעשפּרונגען צו ביילקען איהר זאָגען, אַז איך האָב געבעטען לייהען איהר העט. זאָל איהר אַזוי זיין ליעב דאָס לעבען, ווי מיר איז ליעב צו איהר געהן עפּעס לייהען, נאָר געה איצט

אויסגעבען 4 דאָלער אויף א העט, אז איך דארף דאָס קלייד ארויסנעהמען פון דער דרעס־מייקעריז.

דער קוגעל איז געווען א וויינינגער און שלמה האָט פון איהם געלעקט די פינגער, און ביי דיעזען פינגער־לעקען איז דער אָבמאַך צווישען דעם פּאָר־פּאָלק געגאנגען ווי געשמירט, און דער פרעהליכער ווינטעל, וואָס האָט איצט געבלאָזען אין דער פאמיליע, אז מאָרגען וועט מען א גאנצען טאָג כאַפּען פרישע לופט, האָט אָנגעמאכט א גאנצען שטורם אין הויז דעם גאנ־צען נאָכמיטאָג.

שלמה איז געלאָפען אלע ווייַלע ארויף און אראָפּ די דריי הויכע טרעפּ אָלעס פּאָרצובערייטען. חנה האָט דאָס א ביסעל צוגעשוואונקט, דאָס א בי־סעל צוגעפרעסט און דאָס א ביסעל צוגעשטאָכען און די קינדער האָבען גע־וויינט און געשריען ביז 12 אוהר ביי נאכט.

דאן זיינען ערשט אלע איינגעשלאָפען מיט דער זיכערער האָפנונג, אז מאָרגען זונטאג גאנץ פריה פאָהרט מען אויס אין פערמאָונט פּארק כאַפּען א ביסעל פרישע לופט.

אָבער אָנשטאָט אויפצוכאפּען זיך אום 6 אוהר פריהמאָרגענס, כדי מען זאָל נאָך אוועקפאָהרען ווען עס וועט נאָך זיין קיהל און מען זאָל קענען מעהר עטליכע שטונדען צוברענגען אין פּארק, איז גראָד ווי אויף צו להכעיס די גאנצע פאמיליע פערשלאָפען ביז 9 אוהר.

חנה איז געווען די ערשטע, וואָס האָט זיך אויפגעכאפּט ווי פון פייער מיט די ווערטער:

„שלמה, עס איז שוין האלבער טאָג, שנעל וואַרף ארויף די הויזען און גיב א שפּרונג צו דער דרעסמעקערין נאָכ'ן קלייד, אָבער זאם דיך ניט, וועסט מיר העלפען אָנטהאָן די קינדערלעך און איינפּאקען.

שלמה אָט אפילו איצט געהאלטען אין מיטען חלום, אז דאָס וואָס ער האָט גערעכענט, אז דער אויספאָהרען דארף קאָסטען איין דאָלאר, האָט ער שוין אויסגעגעבען פינף, אָבער רזשייק'ס העטקע און חנה'ס קלייד מיט די סטאקינגס, זיינע שיך מיט'ן נעקטיי איז דאָך ניט אויף איין מאָל, און דער־ווייל וועט מען דאָך כאַפּען א ביסעל פרישע לופט.

ער האָט זיך שנעל אויפגעכאפּט און אָנגעטהאָן, און געהענדיג צו דער דרעסמעקערין איז ער אריינגעשפּרונגען צו זיין בארבער כאפּען א שייוו, אזוי

ווי אָבער ביים באַרבער איז געווען פאָלל נעקסטס איז ער דערווייל צוגע־שפּרונגען צום קאָרנער כאַפּען א שאַין.

ער האָט אריינגעכאַפּט דעם שאַין און דעם שייוו און האָט זיך אריינגע־כאַפּט צו דער דרעסמעקערין. דאָס קלייד איז אפילו שוין געווען פארטיג, אָבער די דרעסמעקערין האָט געזאָגט, אז חנה אליין מוז קומען דאָס קלייד אָנמעסטען.

שלמה איז געלאָפען אהיים, ווייל עס איז שוין געווען 11 אוהר. חנה האָט איהם דערזעהען אָהן איהר קלייד, איז איהר געוואָרען א לאָך אין האַר־צען, אָבער דאָ העלפט ניכט, שלמה האָט געמוזט איבערנעהמען די קינדער אָנצוטהאָן איז זי געלאָפען צו די דרעסמעקערין.

צוויי קינדער זיינען שוין געווען אָנגעטאָן און די אנדערע צוויי האָט ער געדארפט אויספּוצען, אבער איידער ער האָט אויסגעפונען די שיכעלעך מיט די גאַטעס פון איין קינד, איז דערווייל קיידי אריינגעפאַלען אין וואַש־טאָב, אין וועלכען די מוטער האָט זי ערשט געבאָדען, לאַ די וואָס זי האָט איינגעמאַכט איהרע קליידלעך האָט זי נאָך דערביי געמאַכט א געוואַלד ווי אין א דולהויז און ביז ער האָט איהר אויסגעטאָן די נאַסע קליידלעך און שטיל געמאַכט האָט די קליינציגע דערווייל אָבגעטאָן דאָס, וואָס איהר מוטער אין איהרע יאָהרען.

דאָ איז די חכמה פון שלמה געבליעבען שטעהן, און ער האָט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען. ער האָט דערווייל געכאַפּט די נאַסע קליידלעך פון קיידי, אום מיט זיי טרוקען צו מאַכען די קליינציגע, און אין דעם מאָמענט איז חנה אריינגעקומען מיט'ן קלייד, און פון דער סצענע איז איהר געוואָרען א לאָך אין הארצען, ווייל די ראָזע קלייד, וואָס זי האָט ביי דער דרעסמעקערין אָנגעטהאָן, האָט זי שוין ניט געוואָלט אויסטהאָן, אום צו פערשפּאָרען א צווייטעס מאָל אָנטהאָן, מען זאָל גיכער קענען פאָהרען, און דאָ איז, ווי אויף צופּוקענים נאָר קיין אנפאנג ניט.

מיט שעלטען און שרייען האָט חנה איבערגענומען די ארבייט פון דער קליינציגער און איהם געהייסען דערווייל יענע קינדער גיכער אָנטהון.

דאָס פאָאר פאָלק האָט געארבייט מיט דער גאַל, מען האָט זיך געאיילט ווי אין דער בהלה, אין מיטען־דערינען איז אָנגעקומען חיים שמואל זאָגען, אז זיי פאָהרען שוין אַלע, און זיי זאָלען זיך גיכער צוקלייבען.

— מיר האָבען נאָך ניט איינגעפּאַקט קיין זאַך! — האָט חנה אין אַנגסט אויסגערופען.

— אויב אַזוי קענען מיר ניט וואַרטען. — האָט חיים שמואל געזאָגט — אַלע שטעהען און וואַרטען אויף דער גאַס מיט די קינדערלעך און מיט די קלומקעס. מיר וועלען אויף אייך וואַרטען אין לעטען האָלל, וואו די מוזיק שפּיעלט.

מיט די ווערטער איז חיים שמואל אַוועקגעגאַנגען און שלמה האָט איבער־געלאָזט דאָס פיערטע קינד אויף זיין פרוי און ער אַליין האָט זיך גענומען צום איינפּאַקען אין די באַסקעטס. איינער איז באַלד פול געוואָרען מיט'ן סאַמאָוואַר און מיט'ן פיש־פּענדעל, דער אַנדערער מיט די קוילען, די רויהע פיש און דאָס ברויט; אין אַ סערוועטעל האָט מען איינגעבונדען דעם צוקער, פעפער, זאַלץ, ציבעלעס, אַ פּאָאַר גלעזער מיט קאָפּע, מעסער מיט לעפעל, וואורשט מיט דייפּערס, בראָקען־קייק מיט אַ באָטעל מילך, אַ קליין העקעל מיט אַ פּאָאַר באַקסלעך סיגאַרעטס.

דער זייגער האָט געשלאָגען צוויי, ווען די פאַמיליע איז געווען פערטיג צום אויספאָהרען. די מוטער איז געווען בעוואָפּענט מיט אַ קינד ביי דער ברוסט, דאָס צווייטע אין דער האַנד; דער פאָטער מיט צוויי באַסקעטס, איין קינד מיט צוויי שירעמס און דער אַנדערער מיט צוויי סערוועטס.

קוים איז מען נור אַראָב אויפ'ן סטריט, האָט זיך חנה דערמאָנט אַז מען האָט די טהיר ניט פערשלאָסען. שלמה שטעלט אַוועק די באַסקעטס, שפּרינגט אַרויף, עס איז גאָר פערשלאָסען, ער שפּרינגט אַראָב צוריק, מען לויפט צו דער קאַר, מען שרייט צום קאָנדוקטאָר, דער קאָנדוקטאָר, דערזעהענדיג דעם רומעל מיט די קלומקעס וויל ער ניט בלייבען שטעהן, קומט אונטער אַנאַנדערער קאַר, מען זעצט זיך, דער קליינער עולם האָט אַביסעל פרייער אויפגעאָטהעמט.

די קאַר געהט מיט עלעקטריק, אָבער נאָך אימער ניט אַזוי שנעל עס זאָל פּאַסען צו די אונגעדולד פון שלמה'ן. ער זעהט דער זייגער איז שוין דריי און ער איז נאָך אַלץ אין מיטען שטאָדט. ער שטופּט מיט'ן זיץ־טהייל די קאַר, עס זאָל זיך גיכער רוקען, און אויף־צו־להכעיס בלייבט זי גאָר שטעהן. אַ פּאָאַר פּאַסאַזשירען געהען אַראָב, אַ פּאָאַר אַרויף, מען פאָהרט ווייטער. אָבער דער גרויסער וועלט־מעער מיט הייזער נעהמט קיין ענדע ניט. ביי

שלמה'ן פּלאַצט די גערולד, ער גיט אַ פרעג דעם קאָנדוקטאָר ווי ווייט עס איז נאָך צום פּאַרק.

—וועלכער פּאַרק ? — פרעגט דער קאָנדוקטאָר לאַכענדיג —— מיר זיינען שוין מיט צוואַנציג בלאָק ווייטער.

— ווייטער ! — האָט חנה אויסגעשריען אויסער זיך — ליימענער גולם, וואָס האָסטו פריהער ניט געפרעגט ? דער קאָרסעט פּרעסט מיר ארויס די נשמה, דאָס קינד דרעהט מיר אויס די הענד, אָט דאָס איז דאָס פערגניגען וואָס דו טהיילסט מיר צו...

שלמה קראַצט זיך די פּאַטילניצע, די קאַר בלייבט שטעהן, זי קעהרט זיך אום צום ריקווענ, און דער קאָנדוקטאָר מאָהנט ביי שלמה'ן אנדערע קאַרפער.

— נו, און דער פּאַרק ? — פרעגט ער דעם קאָנדוקטאָר.

— בעצאָהלט פער, — זאָגט דער קאָנדוקטאָר — וועלען מיר פאָהרען צוריק, וועל איך אייך געבען אַ טראַנספער אין פערמאָנט עווענוי, און פון דאָרט איז נור אכט מייל צום פּאַרק.

שלמה האָט געבעך בעצאָהלט און מען פאָהרט שוין צוריק, און מיט אַ שטונדע שפּעטער, נאָכדעם ווי מען איז שוין געפאָהרען מיט דער אנדער קאַר, האָט מען מיט גרויס פרייד בעמערקט די בוימער.

מיט ענטציקען איז די גאַנצע פאַמיליע אראָבגעשפּרונגען פון דער קאַר. מען שלעפּט זיך אריין אין פּאַרק, אַלע זיינען מיעד, פון די עלטערן רינט דער שוויים אין גרויסע טראָפּענס, די קינדער וויינען עסען, אבער וואו איז חיים שמואל מיט דער פאַמיליע ? מען האָט דאָך עפּעס אָבגערעדט !

שלמה האָט דערזעהן אַ פּאָליסמאַן.

— וואו איז ערגעץ לעטען היל ? — פרעגט ער איהם.

— דאָרט, רעכטס, בארג־ארויף, אַ דריי מייל.

— פּאָלג מיך אַ גאַנג. דער זייגער איז שוין האלב נאָך פיער, שלעפּ זיך דריי מייל ! איך דאַרף חיים שמואל'ן אויף כפּרות. לאָמיר זיך שוין אנידערזעצען וואו־עס־איז. — זאָגט חנה קוים דעם אָטהעם כאַפּענדיג.

אָבער דאָ איז דאָך אפילו קיין גראָז ניטאָ, קיין בוים, וואָס פאַר אַ פּלעזשור ?

— איך פאַל פון די פיס, די קינדער זיינען הונגעריג.

— נו, זעץ זיך אין זאמד. — האָט שלמה געזאָגט פערדריסליך. אבער

חנה האָט זיך ניט געזעצט אין זאַמד, ווייל זי האָט זיך געוואָלט אויסטהון, אום צו קענען געבען דעם קינד זייגען. זי מוז האָבען איין בוימעל כאָטש, און זיי זיינען געגאַנגען טיעפער אין וואלד.

מען געהט. וואו עס איז דאָ א בוים, זיצען שיון עטליכע מענשען, מען געהט נאָך ווייטער איז שוין דאָ א בוים, איז קיין גראָז ניטאָ. מען געהט ווייטער... אבער פלוצים איז געוואָרען א געוואלטיגער שטורם־ווינד, באלד דארויף א רעגען,, די ראָזע קלייד ווערט די כפרה, די קינדער שרייען געוואלד און אלע ווערען נאס ווי די העהנער.

— א כפרה זאָלסטו ווערען מיט דיינע פרישע לופט, לאָמיר שוין פאָהרען אהיים צוריק. — האָט חנה געוויינט פון פערדרוס.

— לאָמיר פאָהרען אהיים. ממילא איז שוין באלד נאכט. עס איז שוין זעקס אוהר.

מען האָט זיך אומגעקעהרט פאָהרען אהיים, און מען איז נאָך ווייטער פערקראָכען אין וואלד, דער רעגען שמייסט און אונזער פאמיליע שלעפט זיך מיעד, הונגעריג און שלעפעריג. חנה שעלט און וויינט, די קינדער כאפען אנשטאט פרישע לופט גאָר פרישע רעגענוואסער, מען איז אונגליקליך.

אבער פלוצים זיינען זיי געקומען צו א גרויסען פלאַץ, זיי האָבען בעמערקט ווי הונדערטער מענשען שטופען זיך צו די קארס. מיט שווערע מיה איז זיי געלינגען ארויפצושטופען זיך אויף א קאר, און מען פאָהרט שוין מיט מזל צוריק.

די קינדער זיינען איינגעשלאָפען אויף זייערע הענד, שלמה'ס געפרעסטע העמד זעהט נאָך ערגער אויס ווי חנה'ס ראָזע קלייד. אום האלב נאָך ניין אוהר אין אבענד איז מען אריינגעפאלען צוריק אין די רומקעס. דעם סאמאָוואר ניט געשטעלט, דעם פיש ניט געקאָכט, דעם וואורשט ניט געגעסען און קיין פרישע לופט ניט געכאפט.

דערפאר האָט אָבער שלמה געכאפט א וויסטען, פינסטערען סוף פון חנה'ן.

## IX.

### זומער־פלעזשור.

איך האָב אפילו קיין טבע צו שטעהען געגען שפיגעל, אבער אז דער קאלער וויל זיך ניט צושפילען צום קאלערבאָטען און מען מוטשעט זיך אוועק

א פערטעל שטונדע און מען קען פּאַרט ניט, מען פערבייסט שוין די צייהן און מען קען פּאַרט ניט, מען רוהט א ביסעל אוים די הענד און מען שפּיעלט ווייטער און מען קען פּאַרט ניט, איז מען דאָך פּאַרט ניט מעהר ווי א מענש און מען נעהט צום שפּינעל.

דער קאָלער האָט זיך צוגעשפּילעט, אבער אה! ווי געל מיין געזיכט זעהט אוים, די אויגען מאַט אָהן א ברעקעל פלאַם, די ליפּען בלאַס... נור וואָס איז דער וואונדער, די גרויסע היצען, דער שטראָסען־שטויב, דאָס שפּעט לעגען זיך.

אָבער איך קען דאָך אזוי ניט בלייבען. עס ווילט זיך דאָך ניט אַלט ווערען פאַר דער צייט, איך מוז האָבען פרישע לופט. אַלע פאָהרען אויף פּלעזשור אין די קאָנטרים, כאָטש אויף איין טאָג כאַפּען אביסעל פרישע לופט, פארוואָס איך ניט?

הייבט זיך אָן: נעהמען מיין יענטע'ן, וואו וועלען בלייבען די קינדער־לעך? — נעהמען די קינדערלעך אויך, איז אזא פּלעזשור זאָל שוין גאָט אויס־היטען! דאָס וויל עסען, דאָס וויל שלאָפען, שלעפּ זיך מיט זיי פון דער קאר אויף דער פעררי, פון דער פעררי אויף דעם עלעווייטאָר, מען שוויצט זיך אָן, מען פּלאָגט זיך אָן נאָך מעהר ווי אַלע טאָג. אז אָך און וועה אזא פּלעזשור!

אַלזאָ, נור אַליין פאָהרען. עס איז אפילו א געוויסען־זאַך. וואָס, זי איז נעבעך קיין מענש ניט. אבער איך בין דאָך דער ברויט־געבער, איך מוז שוינען מיין געזונד פון זייערטוועגען, און אז זי קען ניט פאָהרען, זאָל איך אויך ניט פאָהרען; וואָס וועט זי דערפון האָבען?

אַלזאָ, איך וועל פאָהרען אַליין, זי זאָל ניט וויסען.

אפילו א שאָד א דאָלאַר, און אפשר נאָך מעהר. סטייטש א דאָלאַר! איך זאָל בעסער אָבגעבען דעם דאָלאַר אין גראָסערי, אין בוטשער־סטאָר אָדער אין שוה־סטאָר, אָדער, אָט איז שוין נאָך שבת ווייטער רענט, אָדער, אָט לויפט מיר נאָך דער מלמד און בעט כאָטש א דאָלאַר; זי נעהט נעבעך באָרוועס — איהר געבען דעם דאָלאַר אויף שיך?

עה, כאַפּט עס דער טייוועל! איך וויים, כ'לעבען, ניט וואו פריהער צו פערשטעקען דעם דאָלאַר. מיט דעם דאָלאַר, אָהן דעם דאָלאַר, דאָס געזונד איז טהייערער. מאָרגען פריה מוז איך פאָהרען קיין ראקאַוועי ביטש.

— יואל! יואל! שטעה שוין אויף, געה גיך, טאָמער וועסטו פאַרט קריגען אַ טאָג ארבייט?

אַזוי האָט מיך מיין יענטע אויפגעוועקט אויף דעם אנדערן פריהמאָרגען, שוין אום 8 אוהר.

— האָסט רעכט! — האָב איך איהר געענטפערט, זיך אויפכאַפּענדיג ניט טויט און ניט לעבעדיג — דער באָס האָט מיר טאקע געהייסען היינט קומען. — אבער צו מיר אַליין האָב איך געזאָגט: שלימזל, היינט האָסטו דאָך ראקאָוועי ביטש. — און איך האָב מיך באַלד אָנגעטאָן און אָהן פריהשטיק געלאָפען.

— בייס עפּעס איבער פריהער.

— איך וועל מיר שוין קויפען אַ סענדוויטש.

— אָרעמער יואל, ער האָט נעבעך אפילו קיין צייט ניט צו עסען. — האָב איך געהערט די לעצטע ווערטער פון מיין יענטע'ן. איך בין אראָבגעלאָפען די טרעפּ און געכאַפּט די גרינע קאר צו פאָהרען צו בראָדוויי פעררי, ברוקלין.

— טפו, צום טייפעל, וואָס איז דאָס? איך בין גאָר אויף יוניאָן סקוועאר.

אנשטאט די גרינע קאר צו גרענד סטריט פעררי, האָב איך מיך אויפגעזעצט צו דער 42טער סטריט פעררי.

אראָבגעשפּרונגען, אַ כפרה די פינף סענט, אבי איך זאָל נאָך האָבען צייט צו פערבּרענגען. געגומען אַן אנדער קאר און מיט שמחה האָב איך דערזעהן די פעררי.

קוקענדיג אויף די אַלע פּרעהליכע געזיכטער אויף דער פעררי, מענער, פרויען און קינדער, וואָס פאָהרען געווים אויך אַלע אויף פּלעזשור, האָב איך דערפיהלט, אז עס קלעמט מיר דאָס הארץ. עס איז שוין געווען האלב נאָך צעהן, איך האָב נאָך קיין גלעזעל טהעע אפילו ניט געטרונקען. איך האָב פעררויכערט נאָך אַ סיגארעטעל און בין דערמיט זאט געווען ביז איך האָב מיך געדארפט אויפזעצען אויף דעם עלעווייטער.

דאָרט האָב איך געקויפט צוויי באַנאַנעס פאר פינף סענט, איבערגעכאַפּט דעם הונגער און באַלד בין איך געפלויגען אויפ'ן עלעווייטער.

אַ גליק אביסעל! מיר איז גראד אויסגעקומען זיך צו זעצען נעבען אַ שעהן מיידעל. אַ שעהנע קען מען אפילו ניט זאָגען. מיין יענטע פאר דער חתונה איז געווען שעהנער פון איהר, גור, אָט גאָר ניט. אַ ווייס קליידעל

מיט געלע בעפּוצונג, א גרין היטעלע מיט א סך רויטע בלומען, א מיידעל — איך טהו עפּעס מיט איהר א שידוך?

אפילו אליין אויף פּלעזשור פאָהרען, האָט מיר א טעם... ווען איך זאָל כאָטש וויסען, אז דאָס מיידעל פאָהרט אויך קיין ראקאַוויי ביטש, וואָלט איך מיך שוין מיט איהר בעקענט. דאָס וואָלט ווירקליך געווען א לוסטיגער טאג.

— עקסקיוז מי, וועט איהר מיר ערלויבען צו פרעגען וואו איהר פאָהרט?

— קיין ראקאַוויי ביטש. — האָט זי געענטפערט.

— קיין ראקאַוויי ביטש? — האָב איך אויסגעשריען.

— וואָס איז דען? — האָט זי מיך געפרעגט.

— איך פאָהר אויך קיין ראקאַוויי ביטש. איהר פאָהרט גאָר אליין?

— וואָס, אימיצער וועט מיך אויסכאַפּען? איך פאָהר שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, מען געפינט דאָרט גענוג בעקאַנטע.

— אז איהר ווילט, קענען מיר פאָהרען צוזאמען. עס איז עפּעס פרעהלי־כער אין צווייען.

גענוג, ביז אין פינפטען סטיישאָן זיינען מיר שוין געווען אלטע בעקאַנטע. איך האָב מיר שוין ערלויבט אריבערלעגען מיין האנד איבער'ן אָבשפּאַר הינטער איהר פּלייצע און מיר האָבען שוין גערעדט פון וויידזשעס, פון סטרייקס, פון אידישע ראָמאַנען און... און... פון ליעבע.

איך קוועל, איך צאַפּעל, מיט א האלבע ליעבע בין איך שוין פערטיג. אויפ'ן נעכסטען סטיישען איז ארויפגעקומען דער לאַנגער דזשייק, מיין לאַנדסמאַן.

— האלאָ, יואל, וואו פאָהרסטו?

— קיין ראקאַוויי ביטש.

— ווער איז די בתולה? — פרעגט ער מיך שטיל, אויפ'ן אויער.

— מיינע א קוזינע. — האָב איך איהם שנעל געענטפערט.

— אָ, אמעריקאַנער קוזינעס און אמעריקאַנער לאַנדס־מיידלעך. האָב קיין מורא ניט, איך בין א מבין אויף א פּיק.

דאָס מיידעל האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, בעליידיגט און האָט זיך אומגעקוקט צו איהם מיט א בייזען קוק.

— אָה, סאָנעצקי! — האָט דזשייק אַ געשרייע געטהאָן — דו ביזט עס די קוזינע. אוי אַ רוח אין דיין קאָפּ אריין.

— זעהסטו יואל, איך האָב באלד פערשטאַנען. האָסטו עטליכע דאָלאר צו פערספּענדען, זי איז אַ שווערער פּאַסאַפּשיר, אדיע! — ער האָט זיך צולאַכט און ביים נעכסטען סטיישאָן איז ער אראָב פון עלעווייטער.

האלב נאָך צוויי זייגער זיינען מיר ערשט אָנגעקומען אין קאַנאַשביי און מיט איין מאָמענט האָבען מיר פערזאַמט די באָוט.

— אַ גאַנצע שטונדע ווארטען, און דאַ קלעמט מיר דאָס הארץ אַז עס איז אַ געוואלד. — האָט סאָנעצקי געזאָגט.

— מיר קלעמט אויך. — האָב איך צוגעשטימט.

— נו, זיי אַ קאַוואַליער און הייסט געבען מיטאָג. — מען קען קיין חזיר ניט זיין — פּלעזשור איז פּלעזשור.

— דו ווייסט דאָך ניט וואו, קום, איך וועל הייסען געבען. — האָט מיין סאָנעצקע מיט אַ שמייכעל געזאָגט, און האָט מיך אונטער'ן אָרעם אריינגעפיהרט אין אַ רעסטאָראַנט.

דאָס עסען איז אפילו גוי'שע, אבער הונגריג בין איך געווען, אַ שנאַפּס, אַ גלעזעל ביער, אַ גלעזעל וויין האָט מיר דעם ריח פערטריעבען און סאָנעצקעס אַ שמייכעל האָט מיך אויך געמאַכט פערגעסען דעם פּרייז וואָס איך וועל דארפען בעצאָהלען פאַר אַזאַ מיטאָג.

—אַ דאָלאַר סיקסטי פייוו. — האָט דער ווייטער אַ זאָג געטהאָן.

די האָאר האָבען זיך מיר געשטעלט קאַפּויער, צוויי דאָלאַר מיט טשענדזש איז מיין גאַנץ פערמעגען געווען. איך קראַץ מיר פאָרענט, איך קראַץ מיך הינטען, איך הויב אָן צאָהלען.

„אַז דו ווילסט פּלעזשור צאָהל יואל", האָט סאָנעצקי געזאָגט גאַנץ לוסטיג.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף דעם צוהיצטען געזיכט פון סאָנעצקי, אַ זיסער האָפּנונגס־שטראַהל האָט מיך ערמונטערט און איך האָב בעצאָהלט.

„האַלאָ סאָנעצקי"! האָט איצט אַ געשריי געטהאָן אַ קריסט, וואָס איז אריינגעקומען אין רעסטאָראַנט און ווי אַ פייל פון דעם בויגען האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון דעם ביינקעל און איז מיט איהם אוועקגעגאַנגען.

„סאָנעצקי"! האָב איך זי מיט אַ פערקלעמטען הארץ אַ רוף געטהאָן. אַ

קוס אין איהרע אייגענע שפּיץ פינגער איז געווען די אנטוואָרט אויף מיין רופען.

איך האָב געמיינט, אז דאָס הייסט אויף פּלעזשור לשון, איך זאָל א ביסעל אויסוואַרטען און איך האָב געוואַרט א שטונדע, צוויי און סאָנעצקי איז פערשוואונדען, — זי איז געווים אוועק קיין ראָקעוויי ביטש, — האָב איך געטראַכט, דאָרט וועל איך זי געפינען.

ניט געטראַכט, ארויפגעכאַפּט זיך אויף'ן באָוט און מיט מיין זיץ־פּלייש האָב איך פון אונגעדולד געשטופּט די באָוט זאָל שנעלער געהן, אָבער אויף צו להכעיס האָט זי זיך קוים געריהרט און פּונקט 7 אוהר בין איך געקומען קיין ראָקעוויי ביטש.

האַלב נאָך 7 געהט די לעצטע באָוט צוריק, האָב איך געהערט, ווי אירען לייענען איבער א סיין ביין ברעג.

אבער אין איין האַלבע שטונדע קען איך זי טרעפען, און בין ווי א משוגענער אומגעלאָפען אין אַלע ווינקעלעך, נישטאָ סאָנעצקע דאָ שפּיעלט מען, דאָ וויעגט מען זיך, דאָ פאָהרט מען, און מיין סאָנעצקע איז ניטאָ.

א סוף פון דער באָוט, איך מוז לויפען צוריק, מיין יענטע וועט ניט וויסען וואָס איבערצוטראַכטען, איך וועל ערשט אום צוועלף אוהר קומען אהיים, איך לויף מיט אַלע כחות. פּונקט ווי איך בין געקומען צום ברעג איז די באָוט אָבגעגאַנגען. מיין רעטוירן־טיקעט איז ערשט גוט אויף מאָרגען.

איך קען אפילו פאָהרען מיט דער באַהן, פעהלט מיר אָבער ביז דער ברוקלין פּעררי 13 סענט און די פּעררי 2 סענט איז 15, און דאָ זעה איך קיין בעקאַנטען. מיינע כחות געהען מיר אויס, איך וויין פון פערדרוס, נור עס העלפט ניט.

אבער גאָט איז מיט דעם עלענדען. איך האָב מיך דערמאָהנט אז איך קען פערקויפען מיין שירם, קיין רעגען געהט ממילא ניט.

געטראַכט און געטהאָן. נאָך א שטונדע אומשלעפּען זיך, האָב איך קוים פאַר מיין שירם געקראָגען א קוואָדער אן באַלד געקויפט א טיקעט און איך זעץ מיך אריין אין וואַגאָן.

— סאָנעצקע! — האָב איך א געשריי געטהאָן אז אַלע פּאַסאַזשירען האָבען זיך צולאַכט. אָבער סאָנעצקע איז זיך אומגעגאַנגען אויף דעם באַהן־

סטיישען מים׳ן קריסט געארמט און האָט מיר אפילו ניט געענטפערט. דער טריין איז אוועק.

האלב נאָך צוויי נאָך האלבע נאכט בין איך געקומען אהיים, מיעד הונגעריג און שלעפעריג. נאָך אין קיטשען האָב איך אויסגעטהאָן די שיך מיין יענטע זאָל מיך ניט הערען אריינגעהן. אויף די שפּיץ פינגער בין איך צוגעגאנגען צום בעט און האָב מיך געוואָלט אנידערלעגען אז זי זאָל גאָר ניט וויסען.

אבער וואָס איז דאָס ? ! זי איז גאָר אין בעט ניטאָ ! וואו איז מיין יענטע ?

איך וועק די קינדער, אלע האלטען אין איין כליפּען. איך פרעג : „וואו איז די מאמע ?" אבער באלד האָב איך דערהערט אויף די טרעפּ א טרויער־ליעד :

— וועה איז מיר, אָך איז מיר, גאָט ווייסט וואו ער איז אהינגעקומען, וואו וועל איך מיך אהינטהאָן מיט פיער קליינע קינדער...

אָבער קוים האָט זי נור געעפענט די טהיר און מיך דערזעהן, האָט זי שוין בעקומען אן אנדער קול : ביזט גאָר אין דער היים, טפו ! וואָס האָט זיך גע׳חלומ׳ט מיר, מיינע קינדערלעך, מיינע פריינד און אלע אידען, זאָל אויסגעהן צו דיין קאָפּ, צו דיין לייב און לעבען, צו דיינע הענד און פיס, צו דיינע האָר און צו דיר גאָר ! וואו שלעפּסטו זיך דאָס אוועק שלימזל מיינער אויף א גאנצען טאָג און א גאנצע נאכט, אז מיר זאָל די נשמה אַרוים ?

— נו, זאָגט איהר, וואָס האָב איך איהר געקענט ענטפערן ?

— אויף א מיטינג אין דער יוניאָן...

— צושמיטינגט און צומוניאָנט זאָלסטו ווערען ביז טאָג, הארצינער פאטער, מיט זיי דאָרט אין איינעם. אזעלכע טעג און נעכט זאָלסטו האָבען רבונו...

די מוזיק האָט געדויערט ביז טאָג.

נו, געה דערצעהל איהר פון מיין פלעזשור מיט סאָנעצקע.

# X.

## דיואַי'ס צוג.

— אין די העלל זאָל געהן די דייטשקע, עס איז שוין באַלד נאַכט און זי האָט מיר דאָס קלייד נאָך ניט אָבגעבראַכט, און מאָרגען איז שוין דיואַי'ס פּאַראַד און איך האָב פּשוט ניט וואָס אָנצוטהון.

דאָס איז געווען דאָס טרויער־ליעד פון דער צוואַנציג־יעהריגער שעהנער בעקי פאַר איהרע חבר'טעס אַ נאַכט פאַר דער גרויסער דיואַי־פּאַראַד אין ניו יאָרק.

— אַ זאָרג דו האָסט! — האָט איהר איינע פון די חבר'טעס געטרייסט — וועסטו אָנטהון דיין גרין זיידען קלייד.

— וואָס, איך בין עפּעס אַ באָמערקע! — האָט בעקי אויסגעשריען בעליידיגט — וואָס? איך אַרבייט ניט סטעדי און פערדין ניט מיינע זעקס דאָלאַר וויידזשעס אַ וואָך! אַ קליינינגקייט, מאָרגען וועלען דאָ זיין אַ וועלט מיט מענשען, זאָל איך געהן אין אַ קלייד וואָס איך האָב שוין אפשר צעהן מאָל געטראָגען. משוגע בין איך?

— דו מיינסט אודאי, אז האָבסאָן וועט מאָרגען אויך זיין אויף דעם פּאַראַד, און אין דעם גרינעם קלייד וועט ער דיר ניט וועלען געבען אַ קוס? — האָט אַ צווייטע געלאַכט.

— איך האָב האָבסאָן אין דר'ערד, נור סתם פאַר מענשען, און אגב וועט דאָך מאָרגען זיין דזשייק פון ראָטשעסטער — די לעצטע ווערטער זיינען איהר פערקיהלט געוואָרען אויף דער צונג, ווייל אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפענט די טהיר און דזשייק איז אריינגעקומען.

— אז מען דערמאָהנט דעם מלאך, קומט דער גלח — האָט די צווייטע חבר'טע ווידער געלאַכט — אָט ערשט האָט זי דיך דערמאָהנט אז דו וועסט קומען, און דו ביזט שוין דאָ.

— וואָס דען, איך וועל ניט זיין אויף דעם דיואַי פּאַראַד? — האָט דזשייק געזאָגט מיט שטאָלץ, צוואַרפענדיג אַ ליעבעס־בליק צו בעקי. — און איבערהויפּט אז בעקי האָט מיר געשריעבען אז זי האָט אַזאַ פּרעכטיגען פּלאַץ אָלעס צו זעהן.

— מיר האָבען א פּלאַץ וואָס איז ווערטה צעהן דאָלאַר. אונזער יענטקע פון יאַגיסטאָוו ארבייט ביי א באָס, וואָס ער וואוינט אין דער 5טער עוועניו, גראַד אַנטקעגען דעם וועלט־אָף־היסטאָרי (וואַלדאָרף אסטאָרי), און זי האָט מיר נאָך מיט פינף וואָכען צוריק פערשפּראָכען אהין אריינצונעהמען אין פּאַרלאָר אויף צוויי ווייכע ראָקינג טשערס, און זי וועט אונז אויפנעהמען ווי די קייסערס. יענטקע איז מיין כפּרה, זי וואָלט זיך פאַר מיר געלאָזט א האַנד אָבשניידען. אבער א כפּרה זאָל ווערען די דייטשקע, וואָס זי ברענגט מיך ניט דאָס קלייד...

דער אבענד איז אוועקגעגאַנגען אין פאָרבערייטונגען און אָנגרייטען עטליכע בעגס קייק, עפּעל, א פּלאַציגע פלעשעלע מיט שנאַפּס, א פּאָאַר סענדוויטשעס, די געהעריגע וועש און קליידער וואָס איז נעטהיג צו אזא יום־טוב. געשלאָפען איז מען זעהר וועניג, אונרוהיג, דורך די פאָרשטעלונגען פון דעם מאָרגענדיגען טאָג און גאַנץ פריה איז מען שוין געווען אויף די פיס און עס האָט אָנגעפאַנגען די טאַאַלעטע.

ביי דזשייק׳ן איז דאָס געגאַנגען שנעל, ווייל ער איז שוין געקומען יום־טוב׳דיג; אבער בעקי, ווייל זי איז געווען געערגערט וואָס די דייטשקע האָט איהר דיסאַפּאָינטעד מיט דעם נייעם קלייד, איז איהר אַלעס געפאַלען פון די הענד, דאָס האָט זיך ניט געשפּילעט, דאָס האָט זיך ניט געהעקעלט, דאָס האָט ניט געפּאַסט, און פאַר פערדרוס האָט זי גאָר געוואָלט וויינען.

דערפאַר אָבער איז דיזער אומשטאַנד פאַר דזשייק׳ן געווען א לעבען: ער האָט איהר געמוזט העלפען, דערלאַנגען, פערהעקלען, פערשפּילען, פערקניפּען, פערשלייפען, און ביי אזא דזשאָב קאָסט דערווייל בילינגער א בעריהרונג און טאַקע א קוס אויך.

א ביסעל בערוהיגט און פערגעסענדיג אָן אַלע צרות האָט זי זיך דערזעהען אין שפּיעגעל פיקס און פערטיג, אויסגעפּוצט אין עסיג און אין האָניג שוין מקבל פּנים צו זיין דיואַי׳ן.

אָבער אויך דאָס גליק קומט אָפּט ניט אין דער צייט.

אזוי ווי זיי האָבען שוין אָנגעהויבען צעהלען די טרעפּ פון פינפטען פלאָר, אראָבצוגעהען, קומט אָן די דייטשקע מיט׳ן נייעם קלייד.

— איך מוז איבערטהאָן דאָס קלייד. — האָט בעקי געזאָגט שטעהען־בלייבענדיג.

— לאָז שוין זיין אזוי ! האָט די מיסים געזאָגט, אין אנגסט טאָמער פערזאמען זיי די פּאראד.

נאָך א קורצער דעבאטע איז געבליעבען, אז דזשייק זאָל ענטשיידען.

זעלבסטפערשטענדליך איז דזשייק געווען אויף בעקי'ס זייט, ניט פער־געסענדיג אז דאָ וועט דער דזשאב זיך ווידערהאָלען פון אָנפאנג אָן, און דאָס האָט איהם הפּנים געשיינט פיעל אינטערעסאנטער ווי די גאנצע פּאראד.

אַלע בעגלייטער זיינען אוועק, און דזשייק מיט בעקי'ן האָבען זיך אומגעקעהרט.

זעלבסטפערשטענדליך האָט דאָס איבערטהאָן־זיך געדויערט פיעל לענגער אלס דאָס אָנטהאָן, ערשטענס ווייל דאָס איז דאָך א נייעס קלייד און, צווייטענס, זיינען זיי יעצט געווען אליין אין הויז.

ווען זיי זיינען ווידער פערטיג געוואָרען און ארויס אויף דער פרייער לופט, איז געווען ארום 1 אוהר.

דאָ פאנגט שוין אָן די פּאראד, און ביז דער 34טער סטריט האָט מען שוין גענומען די קאר.

אבער קומענדיג צו דער פינפטער עוועניו האָבען זיי ערשט דערפיהלט, וואָס עס הייסט זיך פערשפּעטיגען.

אַן אונגעהויער געדיכטע מאסע פון טויזענדער מענשען זיינען שוין געווען אויסגעשטעלט אויף די סיידוואָקס און זאָגאר אין מיטען סטריט, און מיט לעבענס־געפאהר איז יעצט זיך צוצושלאָגען צו יענטקעס באָס הויז, וועלכעס איז גראד אין מיטען בלאָק.

אבער דאָ בלייבען שטעהן אין אונמעגליך, ווייל דאָ וועט מען גאָר ניט קענען זעהען, און דאן איז די גאנצע פּאָרבערייטונג געווען אומזיסט.

— בעקי, איך דענק, מיר וועלען מוזען פאָהרען צוריק אהיים. — האָט דזשייק געזאָגט מיט א פערצווייפעלטען טאָן. אבער א געהיים פייערל האָט א בליץ געטהאָן אין זיינע אויגען.

בעקי האָט דיזעס פייערל צופעליג בעמערקט, און האָט כלומרשט זעהר אונמוטהיג געענטפערט:

— איך וויים ? סטייטש, אזוי פיעל געפּלאָגט זיך און ניט זעהען דיוואי'ן ! נור אז זעהען קען מען ממילא ניט...

יעס, זיי זיינען ביידע בערייט געווען צו געהען צוריק, אבער דאָ זיינען

שוין געשטאַנען הונדערטע מענשען הינטער זיי, און צוריק איז שוין אויך געווען אונמעגליך זיך דורכצושטופען.

— אַה, זאָרג זיך ניט, איך וועל שוין מאַכען א וועג פאַר אונז. איך האָב שוין אמאָל אין טאַלנע ביים רבי'ן געפּרופט מאַכען א וועג מיט מיינע עלענבויגענס צווישען די חסידים.

אָבער קוים האָבען זיי געמאַכט עטליכע שריט צוריקצוגעהען, האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון דער ערשטער בענד מיוזיק.

דאָ מוז מען שוין זיין שטאַרקער פון אייזען צו וועלען געהען צוריק.

— ניין! —— האָט בעקי אויסגערופען — עס זאָל מיך אפילו קאָסטען דאָס לעבען, איך געה ניט צוריק. מיר מוזען זיך דערשלאָגען צו יענטקעס באָס הויז.

דאָ האָט אָנגעפאַנגען פאַר אונזער פּאָאר א געפעהרליכע רייזע, ווי צו קלעטערן אויף די קארפּאַטען־געבירגע. ווען דזשייק האָט זיך געשטופּט פאָראויס, האָט ער באַלד איינגעזעהען אז ער וועט פון הינטען באַלד פערליערען זיין בעקי. ער האָט אַלזאָ באַלד געענדערט זיין פּלאַן און האָט געלאָזט בעקי'ן פאָראויס און מיט זיינע בײדע הענד פאָראויסגעשטרעקט פון ביידע זייטען פון בעקי, האָט ער זיך מיה געגעבען צו מאַכען א וועג פאַר איהר. ער האָט אפילו געכאַפּט א פּאָאר שטעך פון בעקי'ס האָארנאָדלען הינטען אין פערוויקעלטען צאָפּ גלייך אין נאָז אריין, און א פּאָאר קעמלעך אין די אויגען, — אבער די האָארפּינס פון א געליעבטער שטעכען דען? און מען האָט זיך אָבגעגאָסען מיט א נויט־שוויים, מען איז שוין באַלד געבליבען אָהן זייטען און מען שטופּט זיך מיט אנגסטען אַלץ ווייטער און ווייטער.

דער מאַרטש האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבען. די מוזיק הילכט צווישען די געביידען, די הורריי־געשרייען פערטויבען די אוירען: הורריי פאַר דיואי! און ביי דזשייק מיט בעקי ווערט א לאָך אין הארצען, זיי זעהען איהם ניט, ווייל טויזענדער מענשען שטעהען פאַר זיי אויף קעסטלעך, אויף באַקסעס, אויף לייטערס. הורריי פאַר שליי! — און אָה, קלאַגען! ווייטער אפילו ניט א שפּיץ פון א פלעג צו זעהען. הורריי פאַר סאַמפּסאָן! — וועהטאָגען מיינע! וואָס וועט דאָ זיין? הורריי פאַר רוזוועלט! איך וועל מיר נור א מעשה אָנטהאָן! איך בלייב אָהן זייטען און זעהען, זעהען מיר גאָר ניט.

ווידער א נייער בענד מוזיק. הורריי פאַר דעם זיעבענטען רעגימענט!

און ביי בעקי׳ן האָבען זיך אָנגעהויבען גיסען די טרערען פון פּערדרוס, און אויף דזשייק איז געוואָרען שטארק אונרוהיג, און מיט פערצווייפלונג האָט ער אַלץ געמאכט אַ שריט פאָרווערטס דורך דער געוואלדיגער מענגע, שלעפּענדיג בעקי׳ן מיט זיך.

— הורריי פאר דיואיס צוג! — האָט אָנגעהויבען דונערן פון אַלע זייטען, און בעקי האַלט ביים שטארבען פון פּערדרוס.

אבער דאָ איז דזשייק געפאַלען אויף אַ געטליכען, ריטערליכען איינפאַל. ער האָט זיך מיט פערצווייפלונג קוים איינגעבויגען און פעסט אומקלאמערט בעקי׳ן ביי די פיס און זי אויפגעהויבען אין דער הויך.

און בעקי האָט זיך פּלוצים דערפיהלט ווי אַ קייזערין ערהויבען נאָך מיט אַ האַלבען קאָפּ העכער פון אַלעמען.

דיואי׳ס צוג! — האָט זי אויסגערופען ענטציקט, און מיט׳ן באַנדעל האָט זי אָנגעהויבען פאָכען אין דער לופט: הורריי פאר דיואי׳ס צוג!

אָבער דאָ האָט זיך איהר באַנדעל מיט די צוקוועטשטע קרעקערס און באַנאַנעס צושאָטען איבער אַלעמענס קעפּ, און קולות פון עטליכע איירישע, ווערמעס אויגען זיינען פערשאָטען געוואָרען פון די ברעקלעך, האָבען דעם ריטערליכען דזשייק געצוואונגען זיין קייזערין פון איהר לעבעדיגען טהראָן אראָבצולאָזען.

די בעגייסטערונג פון דיואי׳ס צוג און פון דעם פּרעכטיגען אויסזעהען פון די בונטע סאָלדאטען און מארטש און פון דער אונגעהויערער מענגע מענשען, האָבען בעקי׳ן נאָך מעהר צורייצט, און ווי אַ לעווין האָט זי יעצט אָנגעפאנגען זיך דורכצושלאָגען צו יענטקעס באָס הויז, וועלכע זי האָט אין איהר הויכע פּאָזיציאָן דערזעהען.

און שטעלט זיך פאַר די פריידע, אז אונטער די הונדערטער מענשען האָט זי זיך גראד אָנגעשלאָגען פּנים אל פּנים מיט יענטקע׳ן ניט ווייט פון איהר באָס הויז.

— לאָמיר ארויפגעהן. — האָט בעקי פרעהליך אויסגעשריען.

— וואו ווערסטו געהן? — האָט יענטקע טרויעריג געענטפערט — דער באָס האָט דאָס הויז פערדינגט פאר טויזענד דאָלאַר. אַ סיט אויפ׳ן ערשטען פלאָר, קאָסט צעהן דאָלאר, אויפ׳ן צווייטען — זעקס, אויפ׳ן דריטען — דריי און אויף דעם פערטען — צוויי דאָלאר.

— נו, און אויפ'ן רוף?

— קאָסט אויך א דאָלאר.

— קום אויפ'ן רוף.

—— און ווען דו זאָלסט געבען צעהן דאָלאר, איז שוין אויך קיין פּלאַץ ניטאָ. און ווען עס זאָל שוין אפילו זיין פּלאַץ, ווי קענסטו זיך אהין דער־שלאָגען?

— הורריי פאַר דיואי'ס הונד! — האָט ווידער אָנגעהויבען דוננערן פון אַלע זייטען. בעקי האָט זיך שנעל אומגעקוקט צו דזשייק'ן, אין דער ערוואַרטונג, אז ער וועט זי ווייטער אויפהייבען, אבער אָה, וועה! ניטאָ דזשייק!

מיט פערצווייפלונג האָט זי זיך א וואָרף געטהאָן אין דער ריכטונג, וואו זי האָט געלאָזט דזשייק'ן הינטער זיך, זי האָט פיעלע פרויען ארונטער־געוואָרפען פון די קעסטלעך, זי האָט געכאַפּט העפטיגע שטויסען אין די זייטען פון אונהעפליכע מענער, און זי האָט זיך אַלץ ווייטער געשטופּט שרייענדיג: דזשייק!

א ווילדער געשריי און שרעק פון פרויען און קינדער האָט זיך צולעגט איבער'ן גאַנצען סטריט, א געוואַלטיגע מאַכט האָט געשטופּט די מאַסע צוריק, פרויען און קינדער זיינען אומגעפאַלען, איבער וועלכע די געדרענגטע מאַסע האָט געטראַמפּעלט, און די קולות האָבען געררייכט ביז אין הימעל.

די בעריטענע פּאָליציי, וועלענדיג מאַכען פּלאַץ פאַר'ן מארטש, האָבען ארויפגעריטען מיט די פערד אויף דער מאַסע, וועלכע האָט מיט שרעקען זיך צוריקגעדרענגט און דערווייל ניט געקוקט אויף דאָס לעבען פון אנדערע.

באַלד זיינען אויפגעלאָפען אַמבולאַנסען, די גע'חלש'טע און פער־וואונדעטע ארויפצונעהמען, און צווישען דיזע איז אויך געווען אונזער בעקי. .

* * *

אויף מאָרגען האָט דזשייק מיט שווערער מיהע אויסגעפונען זיין בעקי אין גאָווערניר האָספּיטאַל.

— אוי, א דאנק גאָט איך בין נאָך ארוים מיט'ן לעבען. — האָט געזאָגט בעקי אונטער קרעכצען פון איהרע שמערצען.

— אבער וואָס זאָגט דער דאָקטאָר? — האָט דזשייק געפרעגט.

— איך וועל מוזען ליעגען אַ פּאָאר וואָכען.

— האָסטו כאָטש עטוואָס געזעהען?

— אוי, טאַקע ניט מעהר ווי „דיוּאי'ס צוג"!

XI.

## אַ דראַמאַטישער קוימען.

אז גאָט קען דעם עולם ניט דערגאַרזשען, איז שוין אַן אַלטער כלל. איהר וועט צו יעדער צייט הערען דעם עולם זיך בעקלאָגען: „דאָס וועטער מאַכט אַ תל פון ביזנעס, יעצט וואָלט שוין געדאַרפט זיין וואַרם פאַר זומער־סטאַק און דאָ איז גאָר נאָך קאַלט." אָדער אומגעקעהרט: „עס האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין קאַלט פאַר ווינטער־גודס, און דאָ האָסטו גאָר זומער." איך בין גראַד אַ בעסערער מענש, און פאַר וואַרמקייט האָב איך צו גאָט קיינמאָל קיין טענות ניט, ווייל גאָט ווייסט מן־הסתם וואָס ער טהוט, און אַגב זיינען מיינע זיעבען פּיפּקעלעך האַלב־נאַקעט און גאַנץ באָרוועס, און מיין שווער איז גראַד קיין קוילען־הענדלער אויך ניט; אין דער יוניאָן קאָאָל קאָמפּאַניע קיין שערס האָב איך אויך ניט, און מיין סטאַק גילט אין זומער־סיזאָן ווי אין ווינטער־סיזאָן, ווי מלמדות, פאַר וועלכען גרונד זאָל איך פּראָטעסטירען געגען גאָט'ס ווילען, און בין דערפאַר מקבל באהבה דעם זומער אפילו ווען ער פערשלעפּט זיך ביז חנוכה.

אָבער אַלעס האָט אַן ענדע און אָט האָט נאָכ'ן גרויסען רעגען, וואָס האָט אָנגעהאַלטען דריי טעג, פּלוצלונג געגעבען אַ בלאָז אַ צפון־ווינד און עס האָט אַ כאַפּ געטהאָן אַ געשמאַק פרעסטעל. מיינע פּופּקעלעך האָבען עס דערפיהלט גאַנץ פריה אין בעט ליעגענדיג, און כאַפּענדיג אַ ציטער, האָבען זיי געמאַכט אַ געוואַלד: עסען! עסען! איך האָב מיך אָבער שטאַרקער איינגעטולעט אין דינעם ליילעך און געפּרופּט ווייטער שלאָפען.

אבער איהר ווייסט דאָך, אז צדיקים ווילען ליעגען בשלוה שפּרינגט אויף זיי דער רוגז פון... אהא, יענטע'ס קול'כעל.

— יואל, געגוג דיר שוין דאָרט הויליען. דו הערסט ניט אז עס האָט גענומען א פראָסט און עס קלאפּט די קינדער א צאָהן אָן א צאָהן ?...

— ווארום הער איך ניט ; וואָס איז, איך בין בלינד ?

— טו, וואָס שטעהסטו ניט אויף ?

— דענקסטו, אז עס וועט ווערען ווארעמער ? בעסער טהו זיי אָן די ווינטערדיגע קליידלעך ! — אבער ציטערנדיג האָב איך א לאָף געטהאָן צו מיר אליין, איך האָב מיך דערמאָנט, אז די קינדערשע ווינטער־קליידער זיינען נאָך ניט איבערגעלופטערט, דאָס הייסט, איך מיין, נאָך ניט איבערגעליפערט פון די סטאָרס אין מיינע רומס.

— וואָס מיר קליידלעך, ווער מיר קליידלעך ? נגיד מיינער, מען דארף דערווייל מאכען ווארם אין הויז.

— אָלל ראיט, מאך ווארם אין הויז. דו ווייסט דאָך, אז איך זאָג דיר קיין דעות ניט.

— ער זאָגט מיר קיין דעות ניט. הער נור די לאסקע ! וואו זאל איך דיר מאכען פייער, אין בעט ? מען דארף אויפשטעלען דעם אויוועז.

— וואָס ? האָב איך א פרעג געטהאָן, מעהר צו זיך אליין ווי צו מיין יענטע.

— וואָס וואָסקעסטו דאָרט ? דו ווייסט ניט אז מען דארף אויפשטעלען דעם סטאָוו און פיקסען די פאיפס ? נו, מאך עס טאקע האררי־אָפּ, ווייל די קינדער ווערען פערפרוירען.

— נו, דאָ איז דאָך שוין ניט שייך טענה׳ן, ווייל אז אָך און וועה איז מען ווען מיין יענטע איז גערעכט. און איך האָב זיך באלד טאקע אראָבגעכאפּט, אָנגעטהאָן, און בעפאָר איך האָב נאָך גענומען א גלעזעל ווארמס, בין איך שוין געשטאנען אויף א ביינקעל און האָב געפּרופט די אלטע פאיפס פון פאר־א־יאָהרען ווינטער, וועלכע זיינען געלעגען א גאנצען זומער אונטער׳ן בעט, שטופען אין דער טשימני.

אָבער צו מיין שלים־מזל איז עס עפּעס ניט געגאנגען.

— דו ווייסט, יענטע לעבען, דאָס איז עפּעס א צו שווערע שטיקעל ארבייט, און אגב דארף איך ארויסגעהן זעהען אימיצען אין סטריט. רוף אריין א שווארצען לאָז ער צופּיקסען דעם סטאָוו.

— ביזטו פערריקט, צי משוגע ? די קינדער ווערען פערפרווירען און ער

הייסט מיר ערשט זוכען אַ שווארצען! און דאַן, נגיד מיינער, האָסטו מיט וואָס צו בעצאָהלען? נעוועהר מאינד, איך וועל דיר צוהעלפען. — און זי האָט מיר שויין דערלאַנגט אַנדערע צוויי שטיקער פּאַיפּ.

איך בין אפילו ניט פון מנוח'ס חברה צו פאָלגען אַ ווייב, אבער מיין יענטע אַז זי שפּאַרט זיך איין, העלפט אפילו די תורה אויך ניט: אַז זי זאָגט חרעטשקע מוז זיין חרעטשקע — ווי דער פּאָניע זאָגט. און אַ כאַפּ־טהוענדיג די פּאַיפּס פון איהר האַנד אַרויף צום טשימני, איז געשעהן עטוואָס שרעקליכעס...

די שווארצע סאַזשע, וואָס איז אינוועניג פערבליעבען פון לעצטען יאהר, האָט זיך אַ שיט געטהאָן אויף מיין העט, אין מיינע אויגען, אויף מיין ווייס געפּרעסט העמד און אין סאַמע בוזים אריין, ווייל איך האָב גראדע געטראָגען אַ קאָלער אַ פּאָאַר סייזעס גרעסער ווי מיין האַלז, געטראָפען אַ באַרגיין אויף אַ פּושקאַרט.

נו, ווי די מעשה איז, איך בין דאָך אַ מאַנסביל, — וואָס קענען מיר מאַנסבילען ניט איבערטראָגען! אָבער, אָה, וועה, מיין יענטע האָט אויך בעקומען דעם זעלבען פּולווער צו שמעקען אויף איהרע נאָך נאַסע האָאַר, אין איהרע פּייכטע בלויע אויגען, און דעם גרעסטען טהייל אין איהר אָפען מויל.

אַ דאָנער־וועטער, אַ האָגעל פון קללות, אַ ברום־סטיק, אַ גט און נאָך שרעקליכערעס האָב איך דאָ ערוואַרטעט. אבער ווי ענטטוישט בין איך געבליעבען אַז אנשטאַט קללות האָט זי איראָניש אַ זאָג געטהאָן:

— אוי, אַ שלימזל, טויג הפּנים צו עפּעס, און אפילו אַ קאַץ אַן עק צו פערבינדען? געהט צו פיקסען אַ סטאָוו מיט אַ העט, אַ ראָק, אַ געפּרעסט העמד ווי אַ חתן צו דער חופּה. וואַרף אַראָב דעם ראָק, טהו אויס דעם העט, נעהם אַרונטער די קאָפּס.

זעהר גליקליך מיט דיזער מאָראַל, האָב איך גלייך אויסגעטהאָן מיין העט, און ניט האָבענדיג קיין פּלאַטץ וואו אוועקצולעגען, האָב איך איהם אָנגעטהאָן מיין יענטע'ן אויפ'ן קאָפּ, און מיין ראָק האָב איך אויפגעהאַנגען אויף איהרע פּלייצעס און די קאָפּס אַראָבגעלאָזען אויפ'ן ברום־סטיק, וועלכען זי האָט געהאַלטען מיר אונטערצוהויבען די פּאַיפּ צו דער טשימניע. אַזוי, אַז איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף מיין יענטע בין איך איבעררא‏שט געוואָרען, איך האָב געמיינט אַז איך זעה פאַר מיר די אידישע שרה בערנאַרד אַלס פערקליי־

דעטער העלד אין דער היסטאָרישער אָפּערא „שמענדריק“. און ווירקליך האָט זי מיט א דראַמאַטישען נגון אין אָטהעללאָ־טאָן א בעפעהל געגעבען צו מיר:

— יואל, נעהם דיך צו דער ארבייט, שטעה ניט ווי א גולם, די קינדער ווערען פערפרוירען.

און איך צו דער ארבייט! איך גיב א הייב דיזעלבע שטיק פּאַפּ גלייך צום טשימני, שטופּ אהין, שטופּ אהער, עס געהט ניט.

— שלימזל, דאָס איז דאָך די לינקע זייט.

איך קעהר איבער מיט דער רעכטער, עס געהט אלץ ניט.

— שלימזל, דאָס איז דאָך די ברייטע זייט. ווי ווילסטו עס זאָל געהן?

איך פרעג פערלעגען: אז איינע איז די לינקע און די צווייטע איז די ברייטע און ביידע ווערען ניט, וואָס־זשע זאָל איך טהון; דאָס שטיק פּאַפּ האָט דאָך ניט מעהר ווי צוויי זייטען?

— בהמה! נאַ־דיר אַן אנדער פּאַפּ, פריוו נור.

איך נעהם די צווייטע פּאַפּ מיט דער לינקער האנד און שטופּ, עס געהט ניט.

— שוטה! דאָס איז דאָך די רעכטע זייט. קעהר איבער.

רבונו של עולם! — טראַכט איך מיר — די לינקע געהט ניט, די רעכטע געהט ניט, וועלכע זאָל איך נעהמען? נור יענטע זאָגט דאָך, קעהר איך איבער און בין זיכער אז עס וועט געווים ניט געהן. אָבער צו מיין יענטע'ס נצחון איז גראד דער צווייטער עק אריין כמעט ביז די העלפט פּאַפּ.

— זעהסטו, איך זינדיגע אידענע בין קליגער פון דיר. יעצט שטופּ אריין די צווייטע אין דער ערשטער.

איך פאָלג די קאָמאַנדע. אבער איצט געהט ניט.

— בהמה, קעהר איבער.

איך קעהר איבער, אבער עס געהט ניט.

— שלימזל, וואָס שטופּסטו די שמאָלע אין דער שמאָלער. קעהר איבער.

— אבער איך האָב דאָך שוין איבערגעקעהרט און עס געהט ניט.

— קעהר־זשע איבער די ערשטע.

איך טהו ווי זי הייסט און שלעפּ ארויס די ערשטע פּאַפּ פון טשימני און קעהר איבער — עס געהט ניט.

— שלימזל, אויף דער אנדער זייט.

— איז דאָך שוין פריהער געווען און עס איז ניט געגאַנגען.

— איך מיין די אנדערע פּאיפּ.

איך נעהם די אַנדערע פּאיפּ, אריין אין טשימני. איך נעהם די ערשטע אויף דער, עס געהט נים.

— ער מאַכט מיך היינט קראַנק. דו נעהמסט דאָך די ברייטע זייט צו דער ברייטער.

איך קעהר איבער, עס געהט נים.

— קעהר איבער די צווייטע.

איך קעהר איבער, עס געהט נים.

— בהמה, מיט דער ברייטער זייט.

איך פּרוּף מיט דער ברייטער, עס געהט נים.

— קעהר־זשע איבער די ערשטע.

— איך האָב דאָך איבערגעקעהרט און עס געהט נים.

— פּרוּף מיט דער שמאָלער זייט.

— געהט דאָך נים.

— טאָ פּרוּף די ערשטע מיט דער שמאָלער זייט און די צווייטע מיט דער ברייטער.

— געהט דאָך טאַקע נים.

— דרעה־זשע איבער פערקעהרט.

— פערדרעהט זאָלסטו שוין ווערען — האָב איך געזאָגט שוין פערליע־רענדיג די געדולד, ביידע שטיקלעך פּייפּ האָבען סך הכל 4 עקען און איך האָב שוין איבער געדרעהט 16 מאָל, אז עס געהט ניט, גאה מאַך דו, אז דו קענסט.

— הערסט א חכם, אז ער קען ניט, וויל ער, אז איך א נארישע אידענע זאָל קענען, נאָר וואָס קענסטו יא, אומשטיינס געזאָגט, מעהר ווי דאָס גרויסע מויל האָסטו דאָך ניט, מיר האָט, ניט ווערטה צו דערמאָנען זיין נאָמען, צונעטהיילט דעם בעסטען חלק אז אָך. . . .

הערענדיג איהר פערצווייפעלטע דרשה האָט מיר דערווייל אָנגעהויבען ברעכען דער קארק האַלטענדיג דעם קאָפּ פּערריסען ארויף און א גויט־שוויים האָט מיך אָבגעגאָסען פון דער ארבייט, די טראָפּענס האָבען זיך צומישט מיט דער שווארצער סאַזשע און גערונען איבער'ן פּנים און האָב אויס־געשריען מיט כעס:

— גרויסע בריה מיינע, האָט אונטער מיט'ן ברום די צווייטע זייט פּייפ, ווייל די האַנד האָט מיר שוין אָבגע'חלש'ט.

אָבער איידער זי איז צוגעקומען מיט'ן ברום צום פּייפ, זיינען ביידע פּייפּס אַ פּאַל געטהאָן איינער מיר אין קאָפּ אריין און די צווייטע אָה ווערה! ג ל י י ך אין מיין יענטע'ס קאָפּ.

הימעל עפּען זיך! יענטע האָט געגעבען אַ קוויטש, ווי ביים ערשטען קינד האָבען ניט איצט געדאַכט און האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט ביידע הענד ביים קאָפּ. דער ברום האָט אַ פאַל געטהאָן אויף דער שוויגער'ס קאָפּ, וועלכע איז אריינגעשפּרונגען דערשראָקען פון יענטע'ס קוויטש, דער שוועער איז אריינגעלאָפען אויף דער שוויגער'ס קוויטש, אַלע זיעבען קינדערלעך נאָך זייערע קוויטשען און אַלע שכנים אויף אונזער אַלעמענס בייז וואונדער.

און אַזוי איז דיעזער דראַמאַטישער קיימען געבליבען ניט אויפגע־שטעלט ביז, ווען עס האָט געכאַפּט דער צווייטער פּראָסט.

---

## XII.

### יעקעל מיט זיין פּעקעל.

### א בעקער'ס צרות.

יעקעל בעקער איז זאָנסט געווען אַ גריילינער מענשעל, ער האָט צו דער וועלט קיינע טענות ניט געהאַט, מיט אַלעמען זעהר גוט געלעבט.

אָבער פּאַלקאָמען איז קיינער ניט, דאַרף ער געהאַט האָבען אַ צו לעבהאַפטע פאַנטאַזיע, כמעט אַ גערייצטע פאַנטאַזיע, און פון די קלענסטע ערשיינונג פלעגט ער זיך באַלד פאָרשטעלען גאַנצע וועלטען.

צום ביישפּיעל, מיר זעהען אַ פאַליסמאַן, כאַפּען מיר אראָפּ די אויגען און קוקען אויף עפּעס אַנגעגעהמערעס, יעקעל, אַז ער פלעגט דערזעהן אַ פאַליסמאַן, פלעגט ער זיך באַלד פאָרשטעלען דעם גראָבען קערפּער אַלס דער ערד־קוגעל, דעם אומגעלומפּערטען קאָפּ אַלס דעם בארג וועזאוויוס, דעם גרויסען מויל אַלס אַ קראַטער, און די טשו־טאָבעקאָ וואָס ער שפּייט,

אלס די לאַווע פון די פייערשפּייענדע בערג, און ער פלעגט אַפּט מיט שרעק ענטלויפען פון דער געפאהר.

מיר זעהען אלע זעהר אָפּט פליענען, נו זעהען מיר, יעקעל אָבער אז ער פלעגט זיצען ביים טיש און זעהן א מאַסע פליענען, פלעגט ער זיך באלד פערטיעפען אין זייערע בעוועגונגען אין לעבען און פלעגט באלד זיך פאַר־שטעלען די ארבייטער מאַסען וואָס זוכען ברעקלעך פון יענעמס טישען, פלעגען נאָך די פליענען רוהיג געניסען, פלעגט ביי איהם טאַנצען דאָס הארץ פון פרייד: — ביזי טיים, עס געהט זיי קיין מעשה ניט. פלעגט זיך אָבער אַראָבלאָזען א בייזע פליעג און אלע איבעריגע צוטרייבען, פלעגט ער שוין טראַכטען: — אהא, א באַסאַק, א רוח אין זיין טאַטען, איהם אליין קומט צום פרעסען... שוטים, וואָס זייט איהר ענטלאָפען, איהר זיינט דאָך א סך, ער איינער, אנו ברעכט ברעכט איהם די ביינער... — און איז פשוט געווען פערטיג צו די פליענען צו האלטען א רעוואָלוציאָנערע אגיטאַציאָנס־רעדע.

און אזוי פלעגט ער אָפּט וויינען, לאַכען פון זיינע אייגענע פאַרשטעלונ־גען, א גליק וואָס ער האָט ניט פיעל צייט געהאַט און ניט פיעל ערשיינונגען קענען זעהן, ווייל זיין ארבייט איז געווען ביי נאַכט, און ביי טאָג פלעגט ער שלאָפען.

צום אונגליק האָט ער יעצט א פּלאַץ אין א בעקערי, וואו די מייסטע אידישע בעקערייען, א פינסטערער סעלער אין דר'ערד און שמוץ פון אויבען ביז אונטען: ראַטען, מייז, קאָקרוצעס, פליענען, מאָסקיטאָס און אנדערע ווערעם שוויבלען און גריבלען דאָרט.

געוועהנליך האָט יענקעל מיט זיין גערייצטע פאַנטאַזיע דאָרט זעהר פיעל געליטען.

ער האָט עפּעס ניט לאַנג געלייענט אַן ארטיקעל איבער באַקטעריען, באַצילען, וואָס פערשפּרייטען טיפוס, קאָנסאָמפּשאָן, כאָלערא און אנדערע עפּידעמישע קראַנקהייטען, און אז פליענען און מאָסקיטאָס פערשלעפּען עס אויף זייערע פיסלעך און טהיילען עס מיט צו די מענשען דורך די עסענ־ווארג וועלכע זיי בעריהרען, און איצט, זעהענדיג אין זיין בעקעריי די אלע מיאוסקייטען אין אזעלכע גרויסע מאַסען, פלעגט זיך זיין פאַנטאַזיע צושפּיע־לען, אז ער פלעגט פשוט זעהן אויף יעדען פיסעל פון א קאָקערוטש אָדער א

מאַסקיטאַ מיליאָנען געפעהרליכע באַצילען, און ווי ער אליין קנעט זיי איין אין דעם טייג, און ווי טויזענדער מענשען עסען דעם ברויט מיט די באַצילען, ווי זיי ווערען אלע קראַנק, ווי זיי שטאַרבען פאַר דער צייט, ווי עלטערען לאָזען איבער עלענדע יתומים... און ער אליין, יעקעל דער בעקער, העלפט עס מיט זיינע הענד צו טויטען כמעט די גאַנצע מענשהייט.

דאָס האָט איהם געמאַכט זעהר נערוועז די לעצטע צייט.

איין טאָג שטעהענדיג ביים קאַסטען טייג פאַלען איהם אריין אין טייג עטליכע קאַקרוטשעס, א צוויי דריי האָבען אוספּייעט ענטלויפען בעפאָר ער האָט זיי געקענט איינקנעטען. איינע נעבעך איז געפאַלען אויף׳ן רוקען און האָט זיך געצאַפּעלט מיט אלע זעקס פיסלעך.

יעקעל האָט זיך פערטיעפט אין פאַנטאַזיע — א פנים נעבעך א קראַנקע, שוין אָנגעשטעקט מיט באַקטעריען, קען זיך ניט איבערקעהרען, ארבייט מיט דער גסיסה... אוי, רבונו של עולם, מיין באָס זאָל זיך שוין אזוי צאַפּלען.

דער רחמנות האָט איהם פערקוועטשט דאָס הארץ, ער האָט לאַנגזאַם מיט א שפּענדעל זי אַראָבגענומען פון דעם טייג און אַראָבגעוואָרפען.

ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעט׳שוכעט פון דער סצענע, הערט ער ווי זיין חבר ברוך מאַכט א געוואַלד:

— יעקעל, קום אהער זעה, אויף דעם קאַסטען טייג איז א מזל־טוב, איינע פון אונזערע מייזלעך איז הפנים געלעגען געוואָרען, פינף קליינע מייזע־לעך, נאָך האַלב נאַקעטע, אָרעמע בעשעפעּנישען.

— כאַפּט דיר דער רוח מיט׳ן באָס צוזאַמען, אָנקוקען נייע צרות, א נייעם עקעל — און האָט זיך ווייטער געקנעטען.

דער באָס איז אויך צוגעקומען צו דעם קאַסטען טייג, אָבער מיט בייזקייט.

— וואָס שטעהט איהר און שפּיעלט זיך! איהר ווילט פּראַווען א ברית? נעהמט דעם קאַסטען טייג צום אויוועז.

אויף זיין קאָמאַנדע האָבען צוויי ארבייטער צוגעטראָגען דעם קאַסטען צום ברענענדיגען אויוועז און דער באָס אליין האָט גענומען א וואַלגער־האָלץ און העלדיש אריינגעשאַרט די ניי געבאָרענע מייזעלעך אין ברענענדיגען אויוועז. זיי האָבען זיך עטוואָס א צאַפּעל געטהאָן און באַלד איינגעקאָר־משעט זיך און טאַקע באַלד איז פון זיי געבליבען א קופּקעלע אַש.

די ארבייטער זיינען געבליבען תמ'עוואטע מיט געמישטע געפיהלען, אָבער דער באָס האָט זיי א קאמאנדעווע געטהאָן: האָרי אָפּ!

און דאכט זיך אַלעס אין דער אָרדנונג, דער עולם וויצעלט זיך ווייטער.

אַלע זיינען געשטאנען ביים אויווען, געזעהן די סצענע און הערן די קווימשען האָט קיינער ניט און יענקעל, שטעהענדיג גראָד פון ווייטען, איז אויסער זיך פון שמערץ, ער שווערט אז ער האָט געהערט די אונשולדינע בעשעפעניסען פּיסצען און געזעהן זייערע שרעקליכע קאָנוואולסיאָנען און אין דעם מאָמענט האָבען זיך אין זיין פאנטאזיע צושפּיעלט אַלע ערשיינונגען פון דער שמוציגער בעקערי און ער האָט אין זיך מעהר ניט געקאָנט איינ־האַלטען, ער האָט ארויסגעפּלאצט:

— אידיאָטען, פערד, וואָס לאכט איהר, וואָס וויצעלט איהר זיך, פאר וואָס זעהט איהר ניט, אז איהר אַליין ליגט אויך אין דעם זעלבען שמוציגען סעלער, אויף דעם זעלבען שמוציגען טייג ווי די מייז, די קאָקרוטשעס און אַלע איבעריגע ווערעם.

— פאר וואָס בעגרייפט איהר ניט, אז דער שטויב, די פייכטקייט, די געשטיקטע לופט, די באקטעריען עסען זיך איין אין אייערע איינגענע ביינער, נאָר מילא, אז איהר האָט קיין שכל ניט, כאפּט אייך דער רוח, אָבער פער־געסט ניט אז דאָס ברויט וואָס מיר מאכען דאָ צוזאמען געקנעטען מיט דעם גאנצען שמוץ עסען אנדערע מענשען, מאמעס האָרעווען זייערע צארטע קינדער דערמיט, מאכען זיי קראנק און וואונדערען זיך דערנאָך: — גאָט ווייס פון וואָס די קראנקהייט איז דעם קינד געקומען!

— מען האָט אין דער ערד די מאמעס, פאר וואָס אז מיר האָבען גע־סטרייקט פאר ריינע, ליכטיגע שעפּער, האָבען זיי אונז ניט געהאָלפען אין סטרייק, און האָבען דאָך געקויפט די ברויט פון די אַלע שמוציגע בעקערים?

— אָבער איהר אַליין זייט קיין מענשען ניט? — האָט יעקעל זיך ווייטער צוהיצט — הערט די שאנדע, היינט גנה איך ארויס אין יארד, זעה איך מען גראָבט א גרוב אין אנדערען יארד.

— וואָס, קאָנקורענץ, ווייטער א בעקערי?

— נון — צולאכט זיך דער ארבייטער.

— דאָס גראָבען מיר א גרוב פאר א טאָילעט.

— איהר הערט, א וואָטער־קלאָזעט אין דער ערד, א בעקערי אין דער

ערד, און וואָס, דאָ אין אמעריקאַ, וועט אפילו מאַלעמס ווערען אויך געמאַכט אויף די העכסטע פלאַצעס שענדען און וויבער. פאַר דריי גרים, פאַר משומדעטע האָט מען שענדען געמאַכט. און פאַר ברויט צום וועלכע מענשען קענען אַ מאָל נים לעבען — איז קיין אנדער פלאַץ נימאָ ווי אין דער ערד, און אַ שמוציגען פינסטערען גרוב, ניין, איך וויל נים מעהר ארביימען דאָ, איך זאָל אפילו דורשטען פון הונגער שטאַרבען.

און מים דעם האָט ער אראבגעוואַרפען זיינע תכריכים־אַרטיגע מלבושים און איז אַ צוהיצטער אוועק אַהיים.

די כעמעס פון די אין גיהנום פערברענטע אינשולדיגע בעשעפעניסע האָט איהם נים אבגעלאָזט. ער האָט פאַר דינער געמאַכט צוויי שנעפסלעך און געגעסען מים אַ צוריגצטען אפעטים אַ סך מעהר ווי איממער.

מלכה, זיין פרוי, האָט בעמערקט אַז איהר יעקעל איז עפּעס נים מים אַלעמען און האָט איהם געראַטהען ער זאָל זיך באַלד צולייגען.

יעקעל האָט געפאָלגט מלכה'ן און זיינע קינדערלעך: הירשען, שמואליקען און פּיניע'ן און איז באַלד געפאַלען שלאָפען.

אָבער נאָך אַזאַ כעמעס אין דער גיהנום, אַ ביסעל שנאַפּס צו פיעל און צו איבעריגען ביסען אויך, קען אפילו אַ געזונטען מענשען איבערגעבן דעם שלאָף, איבערהויפּט יעקלען.

ווילדע חלומות האָבען איהם געפּלאָגט, געמוטשעט, ער האָט זיך געקעהרט און געטראַכטעט אין שלאָף.

מלכה האָט איהם אַ פּאָאר מאָל געוועקט, אָבער באַלד איז איהם ער שיענען דער שרעקליכער חלום, ער האָט געזעהן ווי טויזענדער קינדער, פרויען, אַלטע, וואַלגערען זיך אין די גאַסען און זיין באָס טרעט איבער זיי מים זיינע גראָבע פים, ווי שרייען, יאָמערען און קוויטשען זיך אין הויען פון שמערץ און דער באָס לאַכט מים אַ טייוועלישען געלעכטער.

פּלוצים דערהערט ער ווי דער באָס באַפעהלט זיינע דריי קינדערלעך: הירשען, שמואליקען און פּיניע'ן, הייסט אראָב ווייטער לויפען און מים דעם וועלכען טייוועלישען געלעכטער וואַרפט ער זיי אריין אין דעם ברענענדען באַקאויווען, זיינע קינדער פּישטשען, צאַפּלען זיך און ברענען....

מים אַ הערץ־צורייסענדען געשריי האָט ער זיך איפגעכאַפּט, אַראָבגע

שפּרונגען אַ פּערוווירטער גלייך אין סטריט, ניט הערענדיג דאָס רופען פון זיין מלכה און גלייך אין שאַפּ אריין.

דער באָס איז געשטאַנען ביים קאַסטען טייג.

— אהאַ! — זאָגט ער צו יעקלען — זיך איבערגעבעטען!

אָבער יעקעל האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, ארויפגעפאלען אויף'ן באָס און מיט זיינע דארע פינגער פון ביידע הענד האָט ער ארומגעכאַפּט דעם פעטען האלז פון דעם באָס און אָנגעהויבען דריקען מיט אַלע קרעפטען.

דער באָס האָט דאָ געזעהן דעם טויט פאַר די אויגען, ער האָט זיך געצאַפּעלט מיט אַל־די־פּיער, אָבער זיין שווערער קערפּער איז געלעגען מיט'ן רוקען אויף דעם קאַסטען טייג.

— דיין טויט מוז דאָ זיין, דו מערדער פון מיינע קינדער! — האָט יעקעל געשריען אויסער זיך. אָבער אין דעם מאָמענט איז אריינגעלאָפען זיין מלכה, וועלכע האָט זיך געשראָקען פאַר זיין ארויסלויפען פון דער היים און האָט איהם נאָכגעפאָלגט.

— וואָסער מערדער? וועלכע קינדער? — האָט מלכה געשריען זעהענדיג די סצענע און הערענדיג זיינע ווערטער.

— יעקעל! לאָז איהם אָב, בעזין זיך.

— ער מיינט ניט זיינע קינדער — וויצעלט זיך ברוך — ער מיינט די פערברענטע מייזעלעך, די קאָקרוטשעס.

יעקעל דערהערענדיג זיין פרוי'ס שטימע האָט אַ קוק געטהאָן צו איהר פערווירט, און דאַן זיך געווענדעט צום באָס וועלכען ער האָט שוין אָבגעלאָזען, אָבער יענער האָט זיך געצאַפּעלט, ניט קענענדיג זיך אויפהויבען פון קאַסטען טייג.

— יאָ, אָרעמער באָס, דו צאַפּעלסט זיך ווי די מייזלעך אין אויוועז, ווי דער קאָקרוטש אין טייג, אַ רחמנות אויף דיר. נעה איבער אויף אנדערע הענד.

זיין מלכה האָט איהם נאָך אַ האַלב פערשלאָפענעם צוריק אַ היים גענומען.

## XIII.

### מזל טוב — דער טאַטע איז געלעגען געוואָרען.

וואָס, ליעבער לעזער, איהר ווילט געווים ניט גלויבען, אז דער טאַטע איז געלעגען געוואָרען? ווארום ניט? אין אמעריקא איז אַלעס מעגליך. אז מען קען פאבריצירען אייער, אויסבריהען אונצייטינגע קינדער, א גומענע קישקעלע זאָל זינגען כל נדרי א. ז. וו., ווארום זאָל ניט מעגליך זיין אז א טאַטע זאָל געלעגען ווערען? און די ערפינדונג איז טאַקע זעהר ניצליך אויך. אין א לאַנר וואו ליידי איז פוירסט, וואו די פרומסטע ווייבלעך זוכען מיטלען ביי די דאָקטוירים ניט געלעגען צו ווערען, האָט טאַקע די וויסענשאַפט געמוזט אויסגעפינען דעם פּלאַן, אז דער טאַטע זאָל געלעגען ווערען, און ר' יואל איז טאַקע מיט מזל געלעגען געוואָרען.

אז יואל האָט געטראָגען, האָבען אַלע געוואוסט. ער האָט געטראָגען א בויך מיט מכות פון זיין סטאַרקע, א האַרץ מיט וואונדען פון זיין פּרוי, א קאָפּ מיט דרעהענים פון זיין חברה, אָבער ווי לאַנג ער האָט געטראָגען און אויב ער איז שוין אויף דער צייט האָט קיינער ניט געוואוסט. און דאָך איז ער געפאָהרען מאָנטאַג אויף דער טראָלי קאַר און האָט זיך פערקוקט אויף א זעהר דיקע פרוי, וואָס איז געזעסען נעגען איהם, ווי פּלוצלונג האָט נענעבען א שטאַרקער קנאַק, אַן עקספּרעס איז אריינגעפאָהרען אין דער קאַר, א האַרץ־רייסענדער געשריי האָט זיך ארויסגעריסען פון אַלע פּאַסאַזשירען מיט איין מאָל, א ווילדער שרעק האָט איין מאָמענט בעהערשט אַלע מענשען ארום. איין אויגענבליק מעהרערע מענשען זיינען פון קאַר ארויסגעשפּרונגען, אייניגע זיינען ארויסגעפאַלען, נאָך איין אויגענבליק און די געפאַלענע האָבען זיך מיט פערשיעדענע קליינע פערלעצונגען צוריק אויפגעהויבען און זיך אויף דער קאַר צוריק געזעצט, אָבער איין ר' יואל איז געבליבען ליגען אין שרעקליכע געשרייען.

א גרויסע מענשען־מעננע האָבען זיך ארום איהם ארומגעשטעלט, דער פּאָליסמאַן האָט פערשריעבען דעם נומער פון די קאַר, קאָנדוקטאָר און מאָטאָר־מען, די קאַר איז אוועקגעפאָהרען און אַן אמבולאַנס איז געקומען.

— ר' יואל! — האָט א בעקאַנטער א זאָג געטהאָן יואל'ן אין אויער —

פאָהרט ניט אין האָספּיטאָל, זיי װעלען אייך דאָרטען פּערניפּטען, אבי די קאָמפּאַני זאָל אייך ניט דאַרפען בעצאָהלען. קומט מיר װעלען אייך אָבפיהרען אהיים, נעװער מיינד, אייך װעט שוין טראָגען צו האָבען צװיי דאָקטוירים, קומט.

און מיט די װערטער האָבען א פּאָאר בעקאַנטע פריינדע שוין געהאָל־טען דעם האַלב בעװאוסטלאָזען יואל אונטער די אָרימס און געבראַכט צו איהם אהיים.

אין ערשטען אויגענבליק האָט זיך זיין יענטע מיט זיינע קינדער שטאַרק דערשראָקען און האָבען שוין געעפּענט די מיילער צו שרייען און קלאָגען אָבער א גוטער פריינד האָט באַלד פערשטאַנען די פאַמיליע צו טרייסטען.

— שרעקט זיך נאָר נישט, עס װאָלטען זיך פיעלע געװאונשען אזא פאַל צו קריגען, הלואי זאָל איך עס אָבשפּאָרען אין צװיי יאָהר װאָס איהר װעט נעהמען פון דער קאָמפּאַני, רופט נאָר שנעל א דאָקטאָר, צװיי דאָקטוי־רים און לייגט איהם אריין אין בעט און זאָל ער ליגען, איהר הערט, ער זאָל טאַקע ליגען, פערשרייבט מיר פאַר אַן עדות.

יענטע'ס אויגען האָבען א בליץ געטהאָן. מיט די גרעסטע צערטליכקייט האָט זי איהר שלימזל אין בעט געבראַכט און מיט א פערשטענדניספאָלען בליק אלע װיילע יואל'ן צוגעװאונקען, און באַלד זיינען געשטאַנען 2 דאָק־טוירים נעבען זיין בעט, איינער זיין הויז־דאָקטאָר, נאָך װעלכען מען האָט געשיקט און דער צװייטער, װעלכער איז אָנגעקומען פריהער די ערשטע הילפע צו לייסטען, אָבער ביידע האָבען געטרייסט דעם קראַנקען, אז זיי האָבען די עקסידענט קייסעס צו 6 יעדע װאָך, און װייסען שוין װי דערפון צו מאַכען א גאַנצען צימעס, און דער קאָמפּאַני דאָקטאָר איז זייער בעסטער פריינד, און זאָגט תמיד נאָך װאָס זיי װילען.

ר' יואל אָבער איז געלעגען אין שרעקליכע שמערצען און האָט זיך דאָך געשעהמט שרייען, װייל אין אמת'ן װי קען מען שרייען פון װעהטאָג, אז באַלד װערט מען אַן עושר פון װעניגסטענס 10 טויזענד דאָלאַר, װי די דאָקטוירים בעהויפּטען, װייל דער רעכטער פוס איז איהם געבראָכען.

— מזל טוב ! דער טאַטע איז געלעגען געװאָרען, — האָט אויסגעשריען זייער שכן פון נעקסט דאָר, צו יואל'ס עלטערען באָי, — קען מען ארויפגעהן צום פּאָטער נעװאָהר װערען װאָס ער מאַכט ?

און אָהנע צו וואַרטען אויף אַן ענטפער, איז ער שוין אַרויף צום קראַנקען.

— איך ווינש אייך גליק, ר' יואל!

— אוי, וואָס מיר גליק, ר' שמואל, איך האַלט ניט אויס פון שמערץ, דער רעכטער פוס איז מיר געבראָכען.

— פוס געבראָכען! גוט, ווי איך בין אַ איד, הלואי אויף מיר געזאָגט געוואָרען, דאָס איז אַ 10 טויזענד דאָלאַר קיים.

— אוי, וואָס מיר טויזענד? — האָט ר' יואל פערבייסענדיג די צייהן פון שמערצען געזאָגט — איך וואָלט מוחל געוועזן די טויזענד און וואָלט ניט געוואָלט די שמערצען, עס פעהלט מיר נאָך איך זאָל חלילה בלייבען אַן אייביגער קאַליקע.

— האָבען עס די דאָקטוירים געזאָגט? אויב אַזוי זייט איהר אַ גליקליכער מענש, איהר זייט שוין פערזאָרגט מיט אייערע קינדס־קינדער, הלואי אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען.

— אויף אַלע אידען, אָבער איך וואָלט זיי מוחל געווען, די יסורים האַלט איך נאָר ניט אויס.

— יעס, מילא, לכתחילה, פערשטעהט זיך, אָבער אַז עס האָט זיך שוין געמאַכט, דאַנקט גאָט, וואָס טהוט מען חלילה, אַז דאָס טרעפט זיך און מען האָט ניט קיין קאָמפּאַני צו נעהמען טויזענדער, און מחשבות'ן, איז שוין געוועזן אַ מאַן פון דער קאָמפּאַני?

— די דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אַז מאָרגען וועט איינער קומען.

— גאַנץ גוט, ווי איך בין אַ איד, זייט־זשע ניט געזונד, ר' יואל, ביז דער מאַן פון דער קאָמפּאַני וועט קומען.

און מיט אַ ביסעל קנאה אין הארצען און אַ פריינדליכען שמייכעל אויף די ליפּען איז ר' שמואל אַרויס פון צימער, און הייקעל, זיין שוואָגער, איז אַנגעקומען.

— נו, וואָס הערט זיך יואל? די גאַנצע שטאָדט איז דיר איצט מקנא, אַ דאַנק גאָט, זאָל זיך אַמאָל אין אונזער משפחה אויך וואָלגערען עטליכע טויזענדער, וואָס זאָגען די דאָקטוירים?

— שלעכט, שוואָגער לעבען, דער רעכטער פוס איז מיר געבראָכען.

— נאָר איין פוס! וואָס רעדן, אונז וועט עפּעס בעשערט זיין, אַז גאָט

שיקט אונז עטוואָס צו, עס זאָל שוין זיין מיט אַלעמען, דו ווייסט, שוואָגער לעבען, אַז ווען דו ברעכסט בײדע פיס, איז דאָס אַ 25 טויזענד דאָלאַר קיים.

— ווייסט וואָס, שוואָגער לעבען, — האָט יואל געזאָגט מיט פּערדרוס, וואָס קײנער פּיהלט ניט מיט זיינע שמערצען, נאָר יעדער פרעהט זיך מיט דעם געלד וואָס ער וועט נעהמען — אַז דו וועסט האָבען אַ קאַר עקסידענט, זאָלסטו שוין זיין קלינער און ברעכען דעם קאָפּ אויך.

— הלואי שיקט עס מיר גאָט נאָר צו, ווען איך זאָל ניט לעבען, וואָלט איך כאָטש מיינע פייגעלעך פערזאָרגט.

און אַזוי האָבען זיך געשיט די וויזיטאָרס איינער נאָך דעם אַנדערען:

— איהר זאָלט נור ליגען אין בעט ווי לאַנג איהר קענט, און בעשטעלט דעם בעסטען לאָיער פון דער שטאָדט — האָט איינער געראַטהען.

— נאָר ניט לאָזען צו קיין טרייעל, פאַר וויפיעל איהר קענט נאָר, סעטעלט, ווייל די טרפה הצלחה פון דער קאָמפּאַני איז אַ געוואַלד. ביים סעטלען באַטען זיי אַמאָל טויזענד דאָלאַר, און ביים טרייעל פסק'ענט די דזשורי ניט צו אַ פּעני — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— איהר מישט זיך גאָר ניט, גיט עס איבער מיין לאָיער, און ער וועט אייך שוין זאָגען, וואָס איהר האָט צו טהאָן.

— מיט איהם וועט איהר עפּעס אויספיהרען, מיט מיין שלימזל, ביי אַ רעכטען מאַן וואָלט מען דערפון געקענט מאַכען מיליאָנען, אָבער ער, איהר וועט זאָגען, אַז איך האָב אייך געזאָגט, איהם וועט מען אָבקומען מיט 10 טויזענד, מיט שיהע פיהע... — האָט זיך זיין יענטע צולאָזט אויף אַלע כלים, און אַלע האָבען געהאַלטען נאָר אין איין רעכענען, צעהלען און עצות נעבען.

די דאָקטוירים האָבען איהם צוואַר דעם פוס באַנדאַזשירט, אָבער צו היילען און לינדערען דעם שמערץ האָבען זיי זיך ניט געהיילט, אום די קיים זאָל ווערען שטאַרקער אין די אויגען פון דעם קאָמפּאַני מען און פון דעם קאָמפּאַני דאָקטאָר.

דערווייל איז יואל געלעגען אין שרעקליכע שמערצען און אין קיין קריינק האָט ער ניט געהאַט אַזוי פיעל גוטע פריינד, וואָס זאָלען איהם אַזוי פלייסיג מבקר חולה זיין און אַזוי פיעל גוטע עצות נעבען און אַלע זיינען געוועזען אין דער בעסטער לוינע. מען האָט געלאַכט, געטריבען וויצען,

געמאַכט פּלענער פון זיין באַלדיגען רייכטהום, מען האָט איהם זאָגאר דערצעהלט פון זיינע שונאים, וועלכע זאָגען, אז ער איז אומישטנע ארויס־געשפּרונגען פון דער קאר, אבי געלד צו נעהמען, און ער איז נעבעך נאָך קראַנקער געוואָרען פון עקעל און פּערדרוס, אז ער פּערגעהט פון שמערץ, און אַלע ארום איהם זיינען מלא שמחה, נאָך מעהר אַלס די מאַמע ווערט געלענען.

* * *

שפּעטער מיט דריי יאָהר.

די לעצטע פערהאַנדלונג מיט דעם אורטהייל דאַרף באַלד שטאַטפינדען.

מען האָט יואל׳ס פוס גענצליך אויסגעהיילט, די קאָמפּאַני האָט איהם געבאָטען צוויי טויזענד דאָלאַר, אָבער זיין לאָיער און זיינע גוטע פריינד האָבען ניט צוגעלאָזען און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א טרייעל.

ניט איין מאָל האָט יואל פערלאָזט זיין געשעפט, זיינע וויכטינסטע ארבייט און האָט געהאַלטען אין איין לויפען דאָ צום לאָיער, דאָ צו די עדות און דאָ אין קאָורט, אָבער דער קאָמפּאַני לאָיער האָט געהאַט מעהר געדולד די קייס צו ציהען 3 לאַנגע יאָהר, וועלכע זיינען געוועזן פאר יואל׳ן מיט זיין פאַמיליע 300 יאָהר.

אָבער ענדליך איז דער גליקליכער טאָג געקומען. אַלע עדות זיינען פּער־הערט געוואָרען, קיינער האָט זיך ניט פערפּלאָנטערט. דער לאָיער האָט געהאַלטען א רעדע און די דזשורי האָט זיך צוריקגעצויגען צור בעראַטהונג און אַלע האָבען שוין פריהער פערשטאַנען, אז יואל האָט געוואונען די צעהן טויזענד דאָלאַר.

— יעצט האָט איהר נאָך צייט — האָט דער קאָמפּאַני לאָיער געזאָגט צו יואל׳ן — נעהמט צוויי טויזענד דאָלאַר און קומט אהיים.

אָבער וועלכער משוגע׳נער וועט עס בייטען צעהן טויזענד אויף צוויי טויזענד, און דער לאָיער האָט א שלעפּ געטהאָן יואל׳ן פאַר׳ן ארבעל, און האָט איהם אפילו ניט געלאָזט ענטפערען.

ענדליך איז די דזשורי ארוים, יענטעס אויגען האָבען אויפגעבליצט; אָט באַלד פאָהרט זי קיין אטלאַנטיק סיטי מיט אַלע קינדערלעך, חייקע וועט צופוקעט ווערען קוקענדיג....

„די קייס איז דיסטשאַרדזשד. איט איז נאָט די קאָמפּאַנים פאָולט״ —

האָט די רזשורי דעסיידעט, און אלע זיינען געטראָפען געוואָרען ווי פון א דונער.

יואל אָבער האָט קיין מינע ניט געמאַכט, נאָר בייסענד אויסגערופען צו זיין פאמיליע און זיינע פריינד:

— מזל טוב! דער טאטע איז געלעגען געוואָרען....

---

# XIV.

## דיפּלאָם.

זאָפיע ערנסט איז געווען פרעכטיג און האָט געהאט זעלטענע פעהיגקייטען צו שטודירען. צום 22סטען יאָהר איז זי שוין געווען אויסשטודירט דאָקטאָר מעדיצין אין פּעטערסבורג.

איהר ברודער, עלטער פון איהר מיט 2 יאָהר, איז נעבאך ביי דער לעצטער פּריפּינג דורכגעפאלען און פאר שאנדע איז ער געקומען נאָך אמעריקא.

אין אמעריקא קומט אָבער דער טיטעל דאָקטאָר פיעל גרינגער אָן אלס אין רוסלאנד, און בערנהארד ערנסט האָט אין 2 יאָהר דאָ זיין ציעל עררייכט און איז דאָך געוואָרען דאָקטאָר.

זיין שוועסטער זאָפיע האָט אין פּעטערסבורג פיעל גרעסערע האָפנונגען געהאַט אלס ער דאָ. דאָרט בעצאָהלט זיך פּראַקסיס פיעל בעסער און מען האָט אויך מעהר געלעגענהייט צו פּראַקטיצירען.

אָבער וועלכע האָפנונגען זיינען דאָרט זיכער?

איהר געליעבטער, איין יונגער אינזשיניער, איז פערהאפטעט געוואָרען אלס פערדעכטיגער ניהיליסט און אין דער זעלבער נאכט האָט זאָפיע געמוזט אָבטרעטען פון פּעטערסבורג, מען זאָל זי אויך ניט פערהאפטען.

וואו קען מען זיכערער זיין פון דער רוסישער קנוטע אלס אין אמעריקא? איבערהויפּט האָט זי נאָך דאָרט א ברודער, און זאָפיע ערנסט איז געקומען נאָך אמעריקא.

א שמחה, א פרייד, בערנהארד האָט א גאַסט; זיין איינציגע שוועסטער זאָפיע איז געקומען. איינינע לאנדסלייטע פאָהרען צו איהם ארויס אין דער

86טער שטראסע. מען פערברענגט עטליכע אבענדען גאנץ לוסטיג, אָבער ברענהארד האָט זיך זעהר פיעל אָנגעליטען אן אנשטענדיגען אָפּיס צו עפענען און זיין פּראקסים איז נאָך ניט ענטוויקעלט. עס ענטשטעהט איינע עקזיס־טענץ פראגע פאר זאָפיע.

— ווען איך זאָל נאָר מיינע פּאַפּירען האָבען, וואָלט איך ביים ערלערנען די ענגלישע שפּראכע נור איין עקזאמען געדארפט האלטען און איך וואָלט מיט דיר צוזאמען געקענט פּראקטיצירען, אָבער אָהן די פּאַפּיערען איז וויר־ליך א הארבע פראגע — האָט זאָפיע גאַנץ ערנסט געזאָגט צו איהר ברודער.

— האָסט רעכט, שוועסטער, דאָס וואָלט נאָך דאָס בעסטע געווען. שרייב אַלזאָ מען זאָל דיר די פּאַפּיערען צושיקען.

— איך האָב גאָר ניט אזא פריינד, ווער עס זאָל זיך דאָרט פאר מיר פער־ווענדען, דאָרט איז דאָס א שווערע שטיקעל ארבייט א דיפּלאָם ארויסצוקריגען פאר א פערדעכטיגע פּאָליטישע פּערזאָן.

— זאָפיע, הער וואָס מיר פאַלט איין, איך זאָל פאָהרען נאָך פּעטערס־בורג דיר דיינע פּאַפּיערען ברענגען.

— און וואָס וועט ווערען פון דיין ביסעל פּראקסים און פון וואנען זאָל איך דאָ דערווייל לעבען ?

— הער, מיין שוועסטער, וואָס מיר פאַלט איין, דאָס וועט זיין א שטי־קעל שפּאַס און דאבייי אויך פּראקסיס. דו פערקלייד זיך פאר א מאַן, דו ביזט גאנץ עהנליך צו מיר און דו וועסט אין מיין נאָמען אויף מיין דיפּלאָם דערווייל דאָ פּראקטיצירען.,

— עה, בראטושקא, טי באלטייעש ! — (דו רעדטסט נארישקייטען, מיין ברודער).

— באָלטייעש אהער, באָלטייעש אהין, דער פּלאַן איז ניי, אָבער גרויס־ארטיג ! פאָלג מיר, שוועסטער, דאָס איז נאָר דער איינציגער וועג וואָס מיר קענען געהאָלפען ווערען. דאַן, שוועסטער, ווען איך קום צוריק, וועט זיין א לעבען ווי אין אַמעריקא, צוויי דאָקטוירים ערנסט, א שוועסטער מיט א ברודער און געלד וועלען מיר האָבען ווי שפּענער.

— דו האָסט מיר שוין באלד איינגערעדט, ברודער.

— אָלל ראיט, אזוי בלייבט עס, דאָס איז געניאל.

דער ברודער האָט זיך מיט דער שוועסטער **צוקושט.**

שפּעטער מיט צוויי טעג האָט דאָקטאָר ערנסט בעגלייט דאָקטאָר ערנסט צום שיף. דאָקטאָר ערנסט איז אוועקגעפאָהרען און דאָקטאָר ערנסט איז געפאָהרען צוריק צו דער 86טער שטראַסע אין זיין אָפּיס.

שפּעטער מיט צוויי וואָכען איז מען געקומען פון מיסטער נעלסאָן פון דער 5טער עוועניו רופען דעם דאָקטאָר ערנסט, די טאָכטער איז קראַנק.

— באַלד געה איך — האָט דאָקטאָר ערנסט געאַנטוואָרטעט דעם דיענער, און איז אליין באַלד צוגעאַנגען צום שפּיעגעל, די געשאָרענע האָר נעהמט זיך אויס אונטער'ן צילענדער עלעגאַנט, די גאָלדענע ברילען גיט צו אינטעליגענץ צום געזיכט, דער העלער אנצוג ליגט גרויסאַרטיג, די אַ ביסעל צו הויכע ברוסט מאַכט נאָך שעהנער, מען זעהט אויס ווי אַ סאָלדאַט. דער איינציגער פעהלער איז: דער זיטץ־טהייל איז אַ ביסעל צו־ברייט, אָבער דער לענגליכער דזשעקעט גלייכט עס וואונדערבאַר אויס. דער סעטשעל מיט די אינסטרו־מענטען אין דער האַנד, נאָך אַ מאָל די וויזיט־קאַרטע דורכגעלעזען און צו דער ערשטער פּראַקסיס אוועקגעגאַנגען.

דער דאָקטאָר ערנסט האָט געדרונגען די בעלל, דער דינער האָט איהם באַלד געעפענט און איהם געפיהרט אויפ'ן פלאָאָר וואו די קראַנקע איז גע־לעגען.

אויף אַ שעהנער זאָפע איז געלעגען אַ יונגע דאַמע פון אַ יאָהר 22, אריסטאָקראַטיש אויסגעצויגען, דאָס געזיכט עטוואָס בלאַס, אָבער מיט איין פייערינעס אויג.

— ווילקאָמען, העדר דאָקטאָר — האָט די דאַמע געזאָגט מיט אַ פריינד־ליכען טאָן, און האָט דעם קאָפּ מיט דער רעכטער האַנד אונטערשטיצט, — נעהמען זי פּלאַץ.

און דאָקטאָר ערנסט האָט זיך געזעצט אַ ביסעל שעהמעדיג אויף דעם גרויסען טשער אַנטקעגען דער קראַנקער.

— זי זעהען הייטע זעהר בליהענד אויס, העדר דאָקטאָר — האָט די דאַמע געזאָגט, און האָט זיך געניינט אויף דער זייט צום דאָקטאָר.

דאָקטאָר ערנסט האָט אַ ציטער געטהאָן — דאָס איז אַ בעקאַנטע דאַמע פון מיין ברודער — האָט זי זיך געטראַכט — דאָ בין איך פערלאָרען — און דאָס הערץ האָט זיך אין איהר געוואָרפען ווי קוועק־זילבער.

— איך שיין איהנען אונבעקאַנט, העדר דאָקטאָר — האָט די דאַמע וויי־

טער געזאָגט אין א ליעבליכען טאָן — זי האבען פערגעסען, דאָס מען האָט זי מיר פאָרגעשטעלט אויף דעם פיקניק פון לײדיעס אייד סאָסייעטי? — מיין נאָמען איז עני נעלסאָן, איך בין די איינציגע ערבין (יורש'טע) פון מיין אַלטען פאָטער, וועמען עס געהערט דיזעס הויז און איין פערטיל מיליאָן דאָלאר קעש דערצו.

— מיין נאָמען איז דאָקטאָר ערנסט, עס פרעהט מיך זעהר — האָט איצט דער דאָקטאָר געזאָגט מיט א לײכטערע הארץ. — דארף איך וויסען וואָס איהנען פעהלט, פריילײן נעלסאָן?

— איך ווערדע איהנען די וואהרהייט זאָגען, הערר דאָקטאָר, ווען זי זיצען לעבען מיר, פעהלט מיר שוין גאָר ניט.

— איך דאנקע איהנען פאר דאָס צוטרויען, פריילײן, אָבער פיעלײכט איז עטוואָס נעטהיג צו פערשרייבען פאר די צייט ווען איך וועל פון איהנען אוועקגעהן?

— קענען זי דען ניט, הערר דאָקטאָר, דאָ נעבען מיר זיצען ביז איך וועל גאנץ געזונד ווערען? איהרע צייט זאָל בעצאָהלט ווערען פירסטליך.

— ווען איך ווערדע זי אונטערזוכען און פינדען מיין נעגענוואַרט פיר נעטהיג, פריילײן.

— נעטהיג, זעהר נעטהיג, הערר דאָקטאָר — האָט די דאמע געזאָגט, און איין לײדענשאפטליכער בליץ פון איהרע אויגען האָט געטראָפען דעם דאָקטאָר'ס אויגען.

דאָקטאָר ערנסט האָט זיך אויפגעהויבען פון טשער. ער האָט איצט פערשטאַנען די קראַנקהייט פון דער דאמע און איז געוואָרען בלאָס ווי א טויטער.

— אָהנע אייך צו בעטראַכטען, פריילײן, ערקענע איך, דאָס איהר זייט פאָלשטענדיג געזונד, נאָר איין וועניג נערוועז, זי ברויכען קיין מעדיצין, נאָר צערשטרייאונג.

— עס העלפט ניט, הערר דאָקטאָר, זייט איך האָב זי צום ערשטען מאָל געזעהן, האָבען זי מיך ווי בעצויבערט, קיין צערשטרייאונג און קיין פערגני־גען מאכט מיר פערגעסען איהר שעהנעס געזיכט, און ווייל איך האָב קיין אנדער געלעגענהייט געפונדען אייך צו זעהען, האָב איך זי איינפאך געשיקט רופען צו מיר, און יעצט זעהען זי אויס נאָך רייצענדער און נאָך שעהנער,

ווי דאמאַלס, הער דאָקטאָר — האָט די דאמע פון הערצען ארויסגעהויכט און האָט דעם דאָקטאָר ביי דער האנד געגריפען און צו זיך געצויגען.

איידער דאָקטאָר ערנסט האָט נאָך צייט געהאַט זיך צו וועהרען, זיינעןביידע ארעמס פון די פערליעבטע רייכע פריילין געוועזן ארום זיין האלז און איהם פעסט צו איהר ברוסט צוגעדריקט.

מיט עקעל און פעראכטונג האָט זיך פון דעם דאָקטאָר'ס מויל ארויס־געכאפט די ווערטער: „נו קטשאַרטו!" און מיט א בליץ שנעלען ריס האָט ער זיך אויסגעדרעהט פון איהרע הענד און פערגעסענדיג דעם סעטשעל איז ער ארויסגעלאָפען פון הויז.

דער דינער איז געשטאנען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען אין האָל און האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז געשעהען.

— ווילי, האָרי־אָפּ, גיה שנעל רוף מיין לאָיער — האָט די ערהיצטע פריילין נעלסאָן געשריען צו איהר דינער.

דער דינער איז אָבגעגאנגען און זי איז מיט שנעלע טריט ארומגעלאָפען איבער דעם גרויסען פארלאָר דענקענדיג וועגען ראכע אויף דעם לומפּיגען דאָקטאָר ערנסט.

נאָך דעם זעלבען טאָג האָט מען דעם דאָקטאָר ערנסט פערהאפטעט פאר „גוואלדטהאט" און אויף מאָרגען פריה האָט מען איהם אָדער איהר, דעם דאָקטאָר ערנסט געבראכט פאר'ן געריכט.

די קלעגערין האָט מיט פייער פינקעלדיגע בליקען אויסגעהערט די אנ־קלאגע פון איהר לאָיער און דאָקטאָר ערנסט איז געזעסען בלאַס ווי א פער־אורטהיילטער אין פערצווייפלונג.

— וואָס טהוט מען דאָ? — האָט זי זיך געטראכט — זאָל איך מיר מודה זיין, אז איך בין א פרוי, איז קרימינאל פאר דעם שווינדעל, זאָל איך מודה זיין אויף פערזוך געוואלד נעגען די פריילין, איז ווידער קרימינאל — זי ברעכט די הענד, זיפצט און ווייס ניט וואָס צו טהאָן.

— אלזאָ, וואָס האָבען זי צו זאָגען צו אייער פערטהיידיגונג? — האָט דער ריכטער געפרעגט דעם בלאַסען דאָקטאָר.

פּלוצלונג האָט זיך דאָקטאָר ערנסט אויפגעהויבען, די אויגען האָבען ביי איהם אויפגעלעבט.

— בעפאָר מיין אויסזאגע, ערזוכע איך דאָס האָהע געריכט, מיך מיט

די קלעגערין אין געגענוואַרט פון דעם ריכטער און ווען נעטהיג נאָך איין עדות אין איין בעזאָנדער צימער אויף איין מינוט אריינלאָזען, און ווען די קלע־גערין וועט איהר קלאַגע ניט צוריקציהען, נעהם איך די שטראַפע אָן.

דער ריכטער האָט בעטראַכט דאָס אונשולדיגע געזיכט פון דעם דאָק־טאָר. די קיים איז איהם געוואָרען אינטערעסאַנט און ער איז מיט זיי ביידע אריין אין א בעזונדער צימער.

קיין 5 מינוטען האָט געדויערט און אלע דריי זיינען צוריק ארויס פון צימער.

פרייליין נעלסאָן איז ארויס פערשעהמט און בלאַס, דאָקטאָר ערנסט פערשעהמט און רויטלאך און דער ריכטער האָט זיך לאַכענדיג געזעצט אויף זיין טשער און א געשריי געטהאָן: „דיסמיסט!“

---

# XV.

## מזל טוב! — מזל טוב! זי איז געשטאָרבען.

זייט איך בין איידזשענט און קאָלעקטאָר אין דער אינשורענס קאָמ־פאניע, האָב איך ניט צוגעבראַכט אזא פרעהליכען טאָג ווי היינט.

אם פריה־מאָרגען בין איך אומגעגאַנגען זעהר טרויעריג. דעם טרעף איך ניט אין דער־היים, דעם טרעף איך, האָט ער קיין געלד היינט ניט. דאָ איז פערשלאָסען, דאָ שליסט מען מיר צו די טיהר אונטער דער נאָז און פאר כעס האָב איך שוין געוואָלט געהן אהיים און אויפגעבען די קאָלעקשען.

— אָבער איך בין שוין דאָ — האָב איך מיר געטראַכט — לאָמיך שוין ארויפגעהן טאָפ־פלאָר צו חיים האָז, פון איהם קומט שוין פאר 4 וואָכען.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב געעפנעט די טיהר אָפען און פרעהליכע מענשען געהען אריין און ארויס, מען טראָגט פיינטס ביער, מען זינגט, מען לאַכט, און ער אליין איז אויך מלא שמחה, דאָס געזיכט פלאַמט, די אויגען בליצען...

— וואָס איז דאָס? — טראַכט איך מיך — וואָס פאר א שמחה זאָל דאָ זיין? — האָט חיים חתונה געהאַט? דאַכט זיך, ער האָט א יונגע שעהנע ווייב.

זאָל דאָ זיין א ברית? דאכט זיך, זי האָט א פּיצעלע קינד פון עטליכע מאָנאַט.

אָבער איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אַלעס גוט צו בעטראַכטען, האָט מיך חיים דערזעהען און האָט פרעהלִיך אויסגעשריען:

— קומט אריין! קומט אריין! מיסטער איידזשענט! איהר מעגט אויך עפּעס טרינקען אויף מיין שמחה.

— וואָס פאַר א שמחה איז ביי אייך היינט, ווען איך פרעגען דאַרף? — האָב איך חיים'ען געפרעגט אריינגעהענדיג אין הויז.

— א קליינינגקייט א שמחה, די גרעסטע שמחה אין מיין לעבען. איהר האָט עס נאָך ניט געהערט? זי איז דאָך געשטאָרבען!

דאָס וואָרט „געשטאָרבען" מיט „שמחה" האָט מיר געמאַכט פאַרווירט, אז פאַר'ן טרינקען האָב איך שוין געמיינט, אז איך בין שכור.

פרעהט ער זיך מיט'ן טוידט פון דעם רוסישען קייסער, וואָלט ער דאָך געדאַרפט זאָגען: ער איז געשטאָרבען. פרעהט ער זיך מיט'ן טוידט פון זיין ווייב, דאכט זיך, זי דרעהט זיך אום אין הויז, בעדיענט די געסט און איז נאָך פרעהליכער פון איהם; איך האָב אַלזאָ געפרעגט גאַנץ פערלעגען:

— ווער איז אייגענטליך די „זי" וואָס איז געשטאָרבען און ביי אייך איז אַזאַ שמחה?

— מיין ווייב, מיין ווייב! — האָט חיים אויסגערופען און האָט מיך געצוואונגען צו טרינקען מיט איהם לחיים.

ערשטענס האָב איך א קוק געטהאָן אויף זיין יונגע פרוי וואָס האָט מיר דערלאַנגט איינגעמאַכטס מיט קייק צו פערבייסען, אָבער זי האָט באַלד פערשטאַנען מיין פערלעגענהייט און האָט מיט א פאָרוואורף געזאָגט צו איהר מאַן:

— דו ביזט שוין א ביסעל פערקנאַקט, ליעבער חיים, דו זעהסט דאָך, אז דער הערר איידזשענט ווייס ניט פון קיין זאַך, ער וועט נאָך חלילה מיינען, אז איך בין ניט דיין ווייב, דערצעהל איהם, זאָל ער וויסען.

— אַלזאָ, די ונגע פרוי איז דאָך זיין ווייב, און דאָ פרעהט ער זיך, וואָס זיין ווייב איז געשטאָרבען, און זיין ווייב מיט אַלע געסט פרעהען זיך מיט און גראַטולירען איהם, וואָס זיין ווייב איז געשטאָרבען....

חיים איז שוין אפילו גאַנץ פרעהליך, אָבער ער האָט דאָך פערשטאַנען

מיין פערלעגענהייט און האָט מיר אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען זיין געשיכטע:

— איך אליין בין געבאָרען אין רעמיגאָלע און אלס ישיבה־בחור האָב איך געלערנט אין בייסיגאָלע. אַ פעטער האָב איך געהאַט אין גאָלעלאָגע, וואָס ער פלעגט מיר אָפט ברענגען אין דער ישיבה אַ פּאָר מייטקעס פון זיינע אינגלאַך, אַ פּאָר גאַמלעקעס און אַ מאָל אַ פּאָר פּייעס געלד אויך.

אָנפאַנגס האָב איך געמיינט, אז ער טהוט עס אויס בלויזער פריינד־שאַפט, אָבער אז איך בין שוין געוואָרען אַ בחור פון אַ יאָהר 17, האָט ער מיר אָנגעהויבען געבען אָנצוהערענעס, אז איך וועל שוין ניט דארפען זיך וואלגערען אזוי לאַנג ווי איך האָב מיך געוואלגערט, ווייל ער האָט פאר מיר אַ גוטען שדוך און ער אליין וועט מיך חתונה מאכען.

איהר, הערר איידזשענט, זיינט געווים אויך געווען אַ מאָל אַ ישיבה־בחור און קענט זיך מסתמא עראינערען די שמחה, ווען מען האָט אייך געזאָגט דאָס ערשטע מאָל מען וועט אייך חתונה מאַכען.

איך האָב אפילו געוואוסט דעם חלוק פון אַ שעהנע בתולה ביז אַ מיאוס'ע בתולה אָבער דאָס איז נור אויף אָנצוקוקען, אָבער אויף חתונה צו האָבען האָב איך גאָר ניט פיעל נאָכגעדאכט, אויב מיין פעטער וועט מיר גע־בען אַ שעהנע, אָדער אַ מיאוסע, אַ פרעמדע בתולה אָדער אַן אייגענע.

און דארום ווען ער איז געקומען שפּעטער מיט אַ פּאָר מאַנאַטען און האָט מיר אָבגעגעבען די תנאים אז איך בין אַ חתן געוואָרען פאר זיינע אַ מיידעל, האָב איך עס מיט שטאָלץ צוגענומען און פיעלייכט צעהן מאָל האָב איך עס איבערגעלייענט פאר יעדען ישיבה בחור פון דער קצב'ישער קלויז.

די עטליכע מאָנאַטען פון מיינע תנאים ביז דער חתונה האָב איך גע־לעבט ווי אַ קייסער. איך האָב בעקומען אַ קאַפּאָטע מיט אַ מאַנטעל,ביידע פון געוואַנד, אַ פּאָר שטיוועל מיט לעדערנע קאַלאָשען, וואָס פלעגען קנאַקען ביים געהן, אַ סאַמעטענעם קאַשקעט מיט אַ גערעקטען קאַזירעק מיט אַ קליין פרענזעל אויפ'ן קאַזירעק און אלע אָרים־בחורים האָבען מיך מקנא געווען און איך אליין האָב מיך מקנא געוועז.

אָבער אין דעם טאָג וואָס מען האָט מיך שוין געבראכט אין גאָלעגאָלע צום פעטער אויף דער החתונה האָט זיך מיין פרייד אַ ביסעל געענדערט, עפּעס איז די כלה, וועלכע איך האָב מיך פאָרגעשטעלט אזוי שעהן, ווי מיכל דעם כלי־זמר'ס מיידעל, וואָס פלעגט קוקען אין פענסטער פון קלויז, ווען איך האָב

געזונגען חצי נזק צרורות, גאָר אַ גרויסע, שווארצע, אַלטע מויד. עס האָט מיר אפילו זיך עפּעס אָפּגעריסען אין הארצען און איך וואָלט מיך, דאכט זיך, מחיה געווען, אימיצער זאָל מיך אוועק׳גנב׳ענען און אוועקפיהרען פון גאַלע־גאַלע. אָבער די חתונה איז געווען פאבריצירט, די קלעזמער האָבען גע־שפּיעלט, אַלע גאַלעגאָלער איינגלעך און מיידלעך זיינען מיר געלאָפען אַנקו־קען, די בעלי התים האָבען מיר מקבל פנים געווען מיט אַ ברייטען שלום עליכם, דעם פעטער׳ס מיל איז געגאַנגען אויף אַלע זאסטעווקעס, אין קאָרענע פּלעצלעך וועל איך ניט זשעדנע זיין און קיילע ברייגע איז געוואָרען מיין ווייב.

שפּעטער מיט אַ דריי מאָנאַטען האָט זיך אָנגעהויבען דער צווייטער טהייל פון מיין ראָמאַן.

די פליטער וואָכען זיינען פערשוואונדען.

דעם פעטער׳ס מיל איז געבליבען שטעהן, קיילע ברייגע האָט אָנגעהויבען מאָלען אויף אַלע זאסטעווקעס.

זי האָט בעמערקט, אַז מאַפּו׳ס עיט צבוע מיט גינזבורג׳ס הדביר אינ־טערעסירען מיך מעהר אַלס איהר אַלטעס שווארצעס געזיכט מיט איהר אויס־געצויגענע לאַנגע דאַרע נאָז און מיט איהרע קללות און טרויער־ליעדער. עס האָט זיך אָנגעהויבען שעלטערייען און טרייבערייען איך זאָל זוכען אַ קנע־לונג, עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה פון שלום און מחלוקת, מחלוקת און ווייטער שלום, ביז דער קלוגער פעטער האָט איינגעזעהען, אַז צווישען אונז מוז זיין אַ גט.

נאָר איך זאָל איהר געבען 100 רובעל די כתובה און 100 רובעל פאַר׳ן קינד, וואָס זי האָט אונטער׳ן הארצען. צוויי הונדערט רובלע, האָב איך גע־וואוסט, וועל איך אין מיין לעבען ניט האָבען אין גאַלעגאָלע און דאָ איז גראָד געקומען אַ בריעף פון מיינעם אַ שוועסטער־קינד פון אמעריקא ווי ער פער־דיענט דאָרט 100 רובעל אין איין מאָנאַט, און איין פינסטערע אָסיען נאכט בין איך אנטלאָפען קיין אמעריקא.

דאָ אין אמעריקא האָב איך בעקומען ארבייט אין אַ בלעך־פעקטאָרי, איך האָב ניט געגעסען און ניט געטרונקען און האָב איהר אָוועקגעשיקט מיין גט פון דעם געלען מגיד.

דער טאָג וואָס דער געלער מגיד האָט מיר אריינגעשיקט דעם בריעף

מיט'ן פּטור, אז קיילע ברײנע האָט צוגענומען דעם גט, איז ביי מיר געווען א ווירקליכער יו"ט, און דאַן האָב איך געפיהלט, אז איך הויב אָן צו לעבען אויף דער וועלט.

שפּעטער מיט איינינע מאָנאַט האָב איך מיך בעקאַנט מיט מיין ליעבע פּעני און מיר האָבען חתונה געהאַט און זעהר גליקליך געלעבט און איך האָב אָן אַלע צרות פערגעסען.

אָבער מיין גליק האָט ניט לאַנג געדויערט.

שפּעטער מיט א האַלב יאָהר אַלס איך בין געזעסען מיט מיין פרוי און מיט נאָך עטליכע פריינדע פּורים ביי דער סעודה, מיר האָבען געזונגען און גע־לאַכט, פּלוצלונג עפענט זיך אויף די טיהר, אָה, איך אונגליקליכער! קיילע ברײנע איז דאָ מיט'ן קינד אויף ד׳ הענד און הינטער איהר א דעטעקטיוו מיט אוואָראַנט.

מיין ליעבע פּעני האָט גע'חלש'ט קיילע ברײנע האָט געפּלוכט און גע־שאָלטען און מיך האָט מען אַרעסטירט.

דאָ האָט זיך פאַר אונז אָנגעפאַנגען א לעבען פון צרות און פּיין. עט־ליכע מאָנאַטען האָב איך הינטער'ן וואַסער שווער געאַרבייט, און אז מיינע פריינד האָבען מיר שוין אַרויסגענומען אויף בייל, פלעגט זי אַליין קומען צו מיר נאָך די 3 דאָלאַר א וואָך, וואָס דאָס געריכט האָט איהר צוגע'פּסק'ענט. יעדעס מאָל פלעגט זי מיך און מיין פרוי שימפּפען און שעלטען און מיר האָ־בען אימער געלעבט אין צרות און שרעק, ווי אין א מלחמה אונטער דעם רע־גען פון די קוילען.

נאָך ערגער פלעגט מיר ברעכען מיין האַרץ, ווען איך פלעג הערען פון מיין אייגען קינד דיזעלבע ווערטער, וואָס זיין העסליכע מוטער פלעגט אונז זאָגען.

און דאָ איז קיין עצה און קיין תחבולה ניטאָ, ביי אמעריקא ננב זיינען אלע קדושין תופס, בכסף, בשטר ובביאה און אפילו בבריטש אָף פּראָמיס, אָבער גט'ן איז ביי איהר קיינע ניט תופס, נאָר וואָס זי אַליין גיט.

אָבער ענדליך האָט זיך גאָט איבער אונז דערבאַרימט, און...

— זי איז געשטאָרבען! מזל טוב, מזל טוב! — האָבען די געסט אונ־טערגעכאַפּט דעם פון פריידע וויינענדינען חיים'ן.

— איז זי ענדליך געשטאָרבען, מזל טוב אייך! — האָב איך אויך גע־

וואונשען דעם ערלעזטען פון אמעריקאנער עהע געזעצטע אויסטרינקענדיג מיין גלעזעל וויין, און האָב צוגעזעהען די פריידע פון א „מזל טוב“, זי איז געשטאָרבען.“

---

# XVI.

## מיין פאטער! מיין פאטער!

בערטהא איז געוועזן א פרעכטיגע בלאָנדינקע מיט בלויע אויגען, בלאָנ־דעם האָר, ווייסער הויט, ראָזיגע ליפּען, ארבייטזאם, שווערמעריש א. ז. וו. אָדער קירצער געזאָגט בערטהא איז געוועזן א דייטשעס מעדכען, דאָס הייסט א אידישעס מעדכען, אָבער פון דייטשלאַנד.

דאָס וואָס זי איז געוועזן ארבייטסזאם און שווערמעריש, דאָס איז א ביסעל א ווידערשפּרוך אין איהר כאראַקטער, עס איז אָבער געוועזן גערעכט־פערטיגט דאדורך וואָס זי איז נאָך געוועזן א קינד פון 5—6 יאָהר, ווען איהר פאָטער האָט די מוטער איבערגעלאָזט אלס עווינגע עגונה, האָט די מו־טער זי גאַנץ אָרענטליך ערצויגען, אָבער ווען בערטהא איז אלט געוואָרען 18 יאָהר, האָט זי בעקומען די איבערציינגונג, אז ערציהונג איז נאָך פאר די היינטיגע יונגע לייט א קליינער נדן. די בעסטע ערציהונג און דער גרעסטער יחוס איז „געלד“.

און געלד צו מאכען איז דער איינציגער פלאַץ אמעריקא, און נאָך גרויסע מיהע און שווירינקייטען איז זי געקומען מיט איהר טאָכטער נאָך אמע־ריקא אוןביידע האָבען געהאט איין צוועק געלד צו מאכען אום בערטהא זאָל צו איין פארטיע קומען.

א מערקווירדיגע אייגענשאפט האָבען ערוואקסענע מיידלאך, וואָס ביי 18, 20 יאָהר פאנגט אָן ביי זיי צו קוועלען דאָס הארץ, זיי האָבען אימער א פול הארץ, אז עס געהט איבער און מוזען האָבען גראָד א פריינד, פאר ווע־מען זייער איבערפילטעס הארץ אויסצוגיסען, און ווען זיי בעקומען ניט קיין פריינד, מוזען זיי חאָטש האָבען א פריינדין.

אוי אונזער בערטהא האָט געהאט א פריינדין, לינא, פאר וועמען זי פלעגט אימער איהר שווער הארץ אויסגיסען.

— עס איז היינט זאָנטאג, די זון שיינט אזוי גאָלדיג, און דער הימעל איז אזוי בלוי, מיר סטאָפּען היינט, לאָמיר זיך דורכגעהן אין סענטראַל פּארק — האָט בערטהא געזאָגט צו לינא׳ן.

ביידע האָבען אָנגעצויגען זייערע ווייסע קליידער מיט די שטרויענע היטעלעך און האָבען מיטגענומען זייערע שירעמלעך מיט א בעג פּענסי קרע־קערס און זיינען געפאָהרען.

— וואָס רעדסט עפּעס היינט גאָר ניט? וואָס ביזטו אזוי פערטראכט?

— האָט לינא געפרעגט איהר פערטרויטע בערטהא.

— פאר וואָס רעד איך ניט? — איז געווען בערטהא׳ס אנטוואָרט און זי האָט ווייטער געשוויגען.

אָבער לינא האָט געקענט איהר פריינדין גאנץ גוט און האָט בעמערקט, אז איהרע אויגען און איהרע ליפּען בעוועגען זיך און ווילען רעדען, און זי האָט א פול הארץ און האָט צו איהר געזאָגט

— איך זעה, ליעבע פריינדין, אז דו האָסט עפּעס א פול הארץ, רייד דיך אויס פאר מיר, וועט דיר ווערען לייכטער.

— יא, לינא, דו האָסט רעכט מיין הארץ איז מיר פול. זי נעהמט מיר אזש איבער, איך וויים, אז דו ביזט מיר טריי און וועסט קיינעם ניט ענט־דעקען — האָט בערטהא געזאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען, ווען זי האָט זיך אויסגעצויגען מיט איהר פריינדין אויף׳ן גראָז אונטער א הויכען בוים.

— אך, וואָס פאר א גאָלדענער יונגער מאן, דעם סעם ליבמאן, דער גראָווירער איז, וואָס זאָגסטו, ניט אזוי? דו האָסט איהם דאך געזעהען ביי אונז א פּאָר מאָל.

— אויב ער איז א גאָלדענער מענש דאָס איז גאָר קיין פראגע ניט, אָבער די פראגע איז ווי ווייט שטעהסטו מיט איהם, האָט ער דיר שוין גע־געבען אָנצוהערענעם?

— אך, ליעבע לינא, דערפון איז שוין מעהר די רעדע ניט. ער האָט מיך ליעבער ווי איך איהם, אָבער די מוטער זאָל לעבען האָט אימער וואָס אויס־צוזעצען, דאָ זאָגט זי ער געפעהלט איהר ניט, ווייל ער איז א פּוילישער, דאָ וואָס ער איז ניט פרום.

— איך פערשטעה דיך ניט, וואָס הערסטו איינענטליך די מוטער? קענסטו ניט האנדלען זעלבסטשטענדיג? ביזטו אבהענגיג פון דיין מוטער?

אָה, דו רעדסט, ווי א קינד, איך מוז דאָך מיך אין איהר לאַנגע פּער־זעצען. ערשטענס, האָט זי נעבעך איהר גאַנצעס לעבען געליטען און איך בין ביי איהר איין איינציג קינד, זי וויל פון מיר נחת האָבען....

— נו, וועט זי דען ניט האָבען קיין נחת, ווען דו וועסט הייראַטהען מיט ליעבמאַנען?

— זי זאָגט, אז דאָס האַרץ זאָגט איהר, אז איך מיט ליעבמאַנען וועלען ניט זיין קיין גלייכעס עהע־פּאָר און נור דערפאר וואָס ער איז פון פּוילען, ווייל זי האָט א פאָראורטהייל פאר פּוילישע אידען, גאַנץ איינפאָך, ווייל מיין פאָטער איז אויך געווען א פּוילישער איד און ער האָט זי אויף עוויג פער־לאַסען.

— עה, דאָס איז א דומהייט, ווענינ פּוילישע אידען לעבען אָב גליקליך זייער וועלט מיט זייערע פרויען און וועניג דייטשע אידען לאָזען איבער זיי־ערע פרויען? עס איז איינפאך א פערנאכלעסינקייט פון מר. ליעבמאַן, וואָס ער רעדט ניט איבער מיט דיין מוטער איין ערנסטעס וואָרט דאריבער.

— דאָס, האָט ער געזאָגט, וועט ער טאַקע טהאָן נאָך דיזע וואָך.

— אָה! — האָט זי פּלוצים אויסגעשריען און האָט איהר געזיכט פער־שטעקט אויף לינא'ס ברוסט.

לינא האָט האַלב ערשראָקען שוין געוואָלט פרעגען וואָס מיט איהר איז געשעהן, אָבער אין דעם זעלבען מאָמענט האָט זי בעמערקט די שלאַנקע גע־שטאַלט פון מר. ליעבמאַן אויפגעפלאַנצט געגען זיי.

— אַך, בערטהא! — האָט ער געזאָגט פערלעגען — ווען מיין ערשיי־נונג איז איהנען אונאַנגענעהם, זאָ קאָן איך מיך צוריקציהען.

— אַך, וואָס רעדען זי? — האָט בערטהאַ געזאָגט, איהר קאָפּ שנעל אויפהויבענדיג — ביטע, נעהמען זי פּלאַץ לעבען אונז, ווען עס איהנען נאָר אנגענעהם איז, עס וואר נאָר איין קליינע איבערראַשונג, ווייל איך האָב גאַנץ אונפערהאָפּט זי דערזעהן לעבען אונז. זי האָבען מיר גאָר ניט געזאָגט, דאָס זיי וועלען הייטע אין סענטראַל פּאַרק געהן.

— זי האָבען רעכט — האָט דער יונגער מאַן געזאָגט, נאָך אימער שטע־הענדיג אַנטקעגען ביידע מיידלאַך — איך וואָלט ווירקליך אין סענטראַל פּאַרק ניט געקומען, אָבער איין בעזאָנדער צופאַל האָט מיך געפיהרט אהער, און גראָדע ווייל איך האָב ערפאהרען, אז זיי זיינען אהער געפאהרען.

— איין בעזאָנדער צופאַל? — האָט בערטהא נייגעריג געפרעגט.

לינא האָט בעמערקט, אז אין דעם מאָמענט איז זי דאָ איבריג, אז דיביידע געליעבטע האָבען עטוואָס וויכטיגעס זיך מיטצוטהיילען און זי האָט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען מיט אן אויסרעד, אז זי וויל זיך אינוויינינג דורכשפאַצירען אין פארק. בערטהא האָט זי גאַנץ פערלעגען מיט העפליכקייט געבעטען צוריק צו בלייבען, אָבער לינא האָט זיך דאָך פערענטפערט.

קוים איז לינא געוועזען איינינגע טריט פון זיי ענטפערענט, האָט זיך ליעבמאן מיט היטץ א וואָרף געטהאָן אויף די קניע צו בערטהא'ן און האָט איהר האנד ערגריפען.

— אָה, ליעבע בערטהא, מיר זיינען די גליקליכסטע אין דער וועלט, די איינציגע הינדערנים, וואָס מיר האָבען געהאט אין וועג, האָט היינט אויפגעהערט. דיין מוטער האָט איינגעוויליגט אין אונזער בונד.

— מיין מעמי! — האָט די ארמע ענטציקטע בערטהא אויסגעשריען און איז געפאַלען אויף ליעבמאַן'ס ברוסט.

— מיין ליעבע טהייערע בערטהא! — האָט אויך דער יונגער מאַן אויסגערופען און זייערע ליפען האָבען זיך פעראייניגט אין איין לאַנגען, איינינגען ליעבעס קוס.

נאָך דעם ווי די ערשטע גלוטה איז פאַראיבער, האָט ליעבמאַן געזאָגט צו בערטהא'ן אין ליעבעס אייפער:

— אך, מיין געליעבטע! איין שווער שטיקעל ארבייט האָב איך מיט דיין מוטער געהאט, ביז זי האָט מיר איהר הערץ געעפענט.

— דו מוזט איהר ענטשולדיגען — האָט בערטהא איהם געטרויסט, איהר קליין קעפעלע אויף זיין ברוסט שטיצענדיג — זי איז נעבעך ערביטערט, וויל מיין פאָטער איז צופעליגער־ווייזע אויך געוועזן אוים דער זעלבער שטאָדט, וואָס דו, און ער האָט איהר זאָ פיעל ליידען פערשאַפט.

— דאָס האָט זי מיר אויך געזאָגט, אָבער נאָך דעם, ווי איך האָב איהר דערצעהלט מיין ביאָגראפיע, אז אויך מיין מוטער איז געבליבען איין עגונה פון מיין פאָטער, ווען איך בין נאָך אונטער איהר הארצען געלעגען, אז איך בין אויפגעוואקסען אָהן א פאָטער, האָט זי געזאָגט, אז דאָס איז א וואונק פון גאָט אליין, און אז מיר זיינען א בעשערטע פאָר און דאן האָט זי ערשט צו אונזער בונד איינגעוויליגט.

— מיין ליעבער, ליעבער סעמי! — האָט בערטהאַ ווידער אויסגערו־פען, אוןביידע ליעבנעדע האָבען זיך פעסט און איניג צוגעדריקט צו איינ־אַנדער און זיינען פערזונקען אין איין טיעפען ליעבעס טרוים....

א קנאַל פון א רעוואָלווער האָט זיי פלוצלונג אויפגעשראָקען, גלייך ווי דער שאָס וואָלט זיי אין הארצען געטראָפען און פערווירט האָבען זיי זיך שנעל אויפגעהויבען. דער קנאַל האָט זיך געהערט ניט ווייט פון זיי און ביז זיי זיינען צוגעלאָפען צו דיזען פּלאַץ זיינען שוין עטליכע מענשען דאָרט גע־שטאַנען און אונטער זיי אויף זייער פריינדין לינאַ.

דאָס בילד איז געווען שרעקליך:

א מאַן פון עטליכע און פערציג יאָהר איז געלעגען אין א טייך בלוט, דעם רעוואָלווער האָט ער נאָך געהאַלטען פעסט אין זיין קראַמפּפהאַפטער האַנד און לעבען איהם איז געלעגען א בריעף.

מערקווירדיגער ווייזע איז גראַד בערטהאַ געווען די ערשטע, וואָס האָט דעם אָפּענעם בריעף אויפגעהויבען און אָנגעפאַנגען צו לעזען.

„נאָך דעם, ווי איך האָב אין מיין לעבען זעהר פיעל געליטען און בין ענדליך נאָך אַמעריקאַ געקומען מיין גליק זוכען און אויך דאָ האָט מיין ליי־דען קיין ענדע גענומען, האָב איך קיין אַנדערען אויסוועג געפונען, ווי זעלבסט־מאָרד צו בעגעהן, אָבער איין וואָהלטהאַט פערלאַנג איך פון די יעניגע, וועל־כע וועלען מיין בריעף געפינען, זיי זאָלען לאָזען מיינע צוויי פרויען, וועלכע איך האָב אַלס עגונות פערלאַסען, וויסען, פון מיין טוידט: איינע הייסט שרה ליעבמאַן און וואָהנט אין ניטקע טויבעס זאַוואַוליק אין ווילנאַ, רוס־לאַנד, און די צווייטע הייסט רבקה דאָרנבלום און וואָהנט אין ברעסלוי, האָס־פּיטאַל פּלאַץ. די לעצטע האָב איך איבערגעלאָזען מיט איין פינף יעהריגעס מערכען בערטהאַ.“

איין הערץ רייסענדער געשרעה און בערטהאַ איז אין אָהנמאַכט גע־פאַלען: — מיין פאַטער! מיין פאַטער!

נאַכדעם ווי ליעבמאַן האָט זיין ברויט צו זיך געבראַכט, האָט אויך ער דעם בריעף דורכגעלעזען און האָט אויך אויסגעשריען: „אָה, מיין פאָטער! מיין פאָטער!“

אָבער קוים איז די ערשטע איבעררראַשונג פאַראיבער, האָבען זיך ערשט ביידע ליעבענדע זיך שטאַרק אָנגעקוקט און מיט נאָך ריהרענדערע אויסרופע

פון שמערץ און פרייד: „מיין ברודער!“ „מיין שוועסטער!“ זיינען ביידע אונגליקליכע זיך אין די אָרעמס געפאַלען...

ר' בעריל ליעבמאַן, זייער פאָטער, איז צו קבר ישראל געקומען, אָבער אָנשטאָט חתן כלה איז בערטהא מיט סעמין געבליבען שוועסטער און ברודער.

---

# XVII.

## דער אַלטער בחור.

איך דענק, אַז אַלע קענען איהם, און קענען איהם ניט אַלע, דאַן קענען איהם פיעלע; איינינע קענען איהם געוויס, און קענען זיי איהם קיינער ניט, דאַן קענען זיי אַן אַנדער אַלטען בחור, און איך פערזיכער אייך, אַז דער אַלטער בחור איז זעהר אינטערעסאַנט.

פערבליבען אַן אַלטער בחור איז ער ניט פאַר וואוילטאָג, נאָר פשוט, האָט זי איהם געוואָלט, האָט ער זי ניט געוואָלט, און האָט ער זי געוואָלט, האָט זי איהם ניט געוואָלט און אַזוי איז ער געבליבען אַן אַלטער בחור.

נאָר וואו נעהמט מען אַזאַ פסיכאָלאָג, ווי שעקספּיער, ער זאָל וויסען דאָס, אויב ער איז געוואָרען אַ פעסימיסט, ווייל ער איז אַן אַלטער בחור, אָדער ווייל ער איז אַן אַלטער בחור, דעריבער איז ער געוואָרען אַ פעסימיסט, ווייל איך וויים נאָר, אַז ער איז איצט אַ גרויסער פעסימיסט.

ער איז געוואַלדיגער געגנער געגען הייראַטהען. ער צאַפּעלט אפילו, ווען ער דערזעהט ניט נאָר אַ דאַמע נאָר אפילו אַ דאַמסקען שניידער, אָבער דאָך זאָגט ער עטליכע מאָל אין „טאָג“ (ביי נאַכט האָב איך עס נאָך פון איהם ניט געהערט), אַז הייראַטהען איז אַן אונגליק פאַר'ן מאַן, פאַר די פרוי און פאַר אַלע, וואָס קומען אַרויס פון זיי. „אַן עהרליך דענקענדער מענש טאָר ניט הייראַטהען“.

„קינדער זיינען אַ פלוך פון די עלטערען“ — זאָגט ער. ער צאַפּעלט אפילו פאַר אַ קליין קינד און קען זיך שטונדען לאַנג אונטערהאַלטען מיט אַ קינד, אָבער דאָך בעווייזט ער, ווי צוויי מאָל צוויי איז אַן אַלטער בחור, אַז ווער עס ערצייגט קינדער אויף דער וועלט, איז אַ פשוט'ר מערדער.

ער האסט זועהר אידעאלען, יעדער אידעע איז ביי איהם אַן אוטאָפּיע, דאַקטרינע, פשוט א שווערמעריי, א דומהייט: אנארכיזם—דאָס איז דאָך אונ־אויספיהרבאר; כּאַציאַליזמוס — וועט נאָך זיין ערגער ווי איצט ; רעליגיאָן — דאָס איז דאָך אַן אבערגלויבען פון אַלטע צייטען. נאַציאָנאַליזמוס, פּאַטריי־אָטיזמוס, פּאָליטיק, קאפּיטאַליזמוס — דאָס איז דאָך פּשוט שווינדעל און בעטרוג. דאָך געפינט ער אין יעדער פון דיזע אידעען די גוטע זייט, ער פערשטעהט עס צו פערטהיידיגען, ווען יענער זאָגט עטוואָס דאגעגען, ער האסט עס אָבער, ווען יעמאנד איז דאפיר, און יעדער אידעאַליסט איז ביי איהם א נאַר.

ער לויבט זועהר דאָס פּראַקטישע לעבען, אָבוואָהל ער איז דער אונ־פּראַקטישסטער מענש אויף דער וועלט.

ער ליעבט די פיינסטע קליידער און שיך און געהט אימער האַלב נאַקעט און באָרפוס, ווייל אוים ליעבע צו דאָס שעהנסטע און בעסטע איז ליעבער געהן אין די צוריסענע, ווי קויפען ביליגע זאכען.

נאָר וואָס איז דאָ צו ריידען פון אזעלכענע קליינינגקייטען, ער איז א פּעסימיסט און האסט ניט נאָר אַלעס אין לעבען, נאָר אפילו דאָס לעבען אליין האסט ער אויך.

זעלבסטפערשטענדליך, האָט ער געלעזען שאָפּענהויער זועהר אויפמערק־זאם, ווייל ווען ניט שאָפּענהויער, ניט נאָר ער וואָלט ניט געהאסט דאָס לעבען, נאָר ער וואָלט אפילו ניט געוואוסט, וואָס הייסט עס האסען דאָס לעבען.

ער האסט דאָס לעבען, און דאָך, ווען עס טהוט איהם נאָר וועה א פינגער, געהט ער נאָך עצות צו אזוי פיעל דאָקטוירים וויפיעל ער קען נאָר בעגענענען.

ער האסט דאָס לעבען, און וואו עס איז נאָר אדווערטייזט א ניי מעדיצין, איז ער דער ערשטער קונה.

ער האסט דאָס לעבען, און דאָך איז זיין איינציגער דענקען, ווי נאָר דאָס לעבען צו ערהאַלטען מיט די פיינסטע און טהייערסטע נאהרונגס־מיטעל: „דאָס איז גוט — זאָגט ער — צו דיסטילירען דאָס בלוט, דאָס איז גוט צו שטארקען דעם אַפּעטיט, דאָס איז גוט צו קיהלען די ליידענשאַפט, דאָס איז גוט צו פערדייען, דאָס מאכט פרישער, איינגער, דאָס מאכט צארט די הויט"

— און דארום געפינט איהר ביי איהם א גאַנצען אפטייק מיט שמירעכצען, רייבאַכצען, שמעקעכצען און לעקעכצען... צו ערהאַלטען דאָס אבשייליכע לעבען!

ער האָט זעהר ליעב די בעקוועמליכקייט... ווען איך האָב געלעזען דיומאַ'ס „זיעבען טאָדטעס זינדען", האָב איך געמיינט, אז דאָס איז א פאַנ־טאַזיע פון די געהירען פון שרייבער, אָבער דער אַלטער צייגט מיר דעם שלאַגענדסטען בעוויז, ווי ווייט כאַראַקטעריסטיש דיומאַ'ס כאַראַקטערע זיינען.

ער האָט אזוי ליעב די בעקוועמליכקייט, אז דאָס איז איינער פון די הויפּט־גרינדע, ווארום ער הייראַטהה ניט. „אז מען הייראַטהעט — זאָגט ער — איז מען זעהר אונבעקוועם". און דארום ארבייטעט ער דאָס גאַנצע לעבען פיר בעקוועמליכקייט און מאַכט זיך אימער אונבעקוועם און מאַכט אַנדערע אונבעקוועם, און וואו ער קעהרט זיך איז איהם אונבעקוועם.

ער האָט זעהר ליעב די פּינקטליכקייט, אויך א מאָטיוו, ווארום ער הייראַטהעט ניט, ווייל פערהייראַטהע לייט קענען ניט פּינקטליך זיין, און דאָך קען עס איהם קיינמאָל ניט געלינגען פּינקטליך צו זיין, ווייל דאָס שטערט איהם די בעקוועמליכקייט.

ער איז זעהר העפליך, שאַרמאַנט און אַנגענעהם צו יעדען מענשען — און דאָך מיינען פיעלע, וואָס זיינען מיט איהם אין בעריהרונג געקומען, אז ער איז זיי דערגאַנגען די יאָהרען.

ער מאַכט אויף יעדען מענשען דעם איינדרוק פון א זעהר אינטעליגענטען, פערנינפטיגען מענשען אין פולען זין פון וואָרט אזוי, אז יעדער האַלט איהם פאַר א שטיקעל משוגע'נעם.

די הויפּט מעלה זיינע איז, וואָס ער בעזיצט די גרעסטע חסרונות; דער־פאַר אָבער האָט ער דעם גרעסטען פעהלער, וואָס ער בעזיצט די ערגסטע מעלות.

ווער עס קען איהם ניט, וועט זיך ביי דיעזע עברי ברעכען א ביסעל די צייהנער, ווי איבער א שטיקעל אבן עזרא, ווער עס קען איהם אָבער יא, וועט צוגעבען, אז מען קען עס גאָר אַנדערש ניט זאָגען.

אין א דאָרף האָבען אַמאָל די בויערן געהאַלטען א מיטינג, וואָס מען זאָל טהאָן מיט א וואָלף, וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו זייער דאָרף. האָט

איינער געזאָגט, מען דאַרף איהם די ציינער אויסרײַסען; אַן אַנדערער האָט געזאָגט, מען דאַרף איהם די אויגען אויסשטעכען; איינער — אַז מען זאָל איהם אָנהענגען אַ גלאָק. דער עלטסטער בויער פון דאָרף האָט אָבער געזאָגט: „דאָס וועט אַלעס ניט העלפען; ווילט איהר, אַז דער וואָלף זאָל אוועקוואַרפען זיינע מדות — מאַכט איהם חתונה....“

אונזער אַלטען בחור האַלט איך אַפילו ניט פאַר אַ וואָלף חלילה, ווייל מיט דעם, וואָס ער וויל ניט חתונה האָבען, שאַדעט ער דאָך קיינעם ניט, אדרבה איך האַלט גראָד מיט איהם, אַז אַ מענש וואָס איז אַזוי פעסימיס־טיש און פערהאַסט דאָס לעבען אין ליעבע פינקטליכקייט, ריינליכקייט און בעקוועמליכקייט דאַרף ניט און טאָר ניט חתונה האָבען, און דאַרום איז פאַר איהם קיין בעסערער מיטעל די אַלע זאַכען צו עררייכען ניטאָ, ווי נאָר ער זאָל חתונה האָבען און ווערען אויס אַלטער בחור. זאָל אייך גאָר ניט האַרען, ניט איהם נור אַ שעהנע, געבילדעטע, רייכע מויד, איבערהויפּט זי זאָל איהם מאַכען די ליעבעס־ערקלעהרונג, וועט ער זיינע בחור יאָהרען באַלד אויפגעבען, און זיין גאַנצע פילאָזאָפיע פערגעסען.

---

## XVIII.

### געמופט.

— נו, יואל, ביזטו היינט געוועזן אין קאָורט? — האָט מיר מיין יענטע נעפרעגט דאַנערשטאָג האַלב נאָך 3.

— וואו דען בין איך געוועזן? — האָב איך איהר געענטפערט האַלב ברונז און טויט הונגעריג. — זאָלען פערברענט ווערען די לענדלאָרדס מיט די דזשאַדזשעס אין איינעם, עס ווערט נמאס און מאוס וואַרטענדיג, דאָס האַרץ האָט מיר געקלעמט, אַז איך האָב געמיינט, איך גיה פשוט אויס פון הונגער.

— נו, האָסטו כאָטש עפּעס דערוואַרט?

— אַזוי לעבען זאָל אַמעריקאַ! איך מוז מאָרגען מופען גאַנץ פריה, אַז ניט וועט מען מיט אַ שעריף אונז אַראָבשטעלען אויפ׳ן סטריט.

— נו, טאָ וואָס זיצסטו, וואָס גערסטו ניט זעהן אַ וואָהנונג?

— גיב מיר עפּעס אין מויל אריין, איך וועל דאָך אומפּאלען אויף דער גאַס.

— זאָל דער לענדלאָרד אזוי האָבען זיין געזונד און זיינע יאָהרען, ווי איך האָב דיר וואָס צו געבען. נעהם אַ שטיקעל ברויט מיט אַ זויערען פּיקעל, כאַפּ איבער און געה נעהם רומקעס — האָט יענטע געזאָגט פערדריסליך, מיר דערלאַנגענדיג ביידע געריכטען.

— דו ווייסט יענטע, וואָס איך האָב חשק?

— אנו לאָמיך הערען.

— לאָז מען אונז אראָבשטעלען אויף'ן סטריט, און די זעקס אַ האלב דאָלאר, וואָס מיר דארפען אוועקגעבען פאר די רומקעס, זאָל בעסער בלייבען אויף צו לעבען אין הויז אריין.

— וואָס האָט געזאָלט אונז זיין און אונזערע גוטע פריינד, זאָל אויס־געהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ. ביזטו מ'שוגע, אָדער פון דעם זינען אראָב, וואָס הייסט מיר זאָלען ליגען אויף דער גאַס, מיט די ביסעל אָרעמקייט, מיט די קינדערלעך, אזוי ווי די בעטלער, נעוועד!

— נארעלע, וואָס איז? מיר וועלען אניעדערשטעלען אַ טעלער און ביז מאָרגען פריה קען זיך מאכען אַ פינף דאָלאר.

— וואָס? יענטע ר' שלמה חיים'לס זאָל שטעלען אַ טעלער אויף דער גאַס? אָה! אונגליקען מיינע, צרות מיינע גרויסע, אויף וואָס איך בין אריבערגעקומען! אָבער ניין, איך זאָל אפילו ווייסען, איך זאָל באלד פאר הונגער שטארבען, איך זאָל אפילו דאָס לעצטע קישעלע פון צוקאָפּען פער־קויפען, איך זאָל אפילו חלילה באלד דארפען געהן דיענען, וועל איך ניט געהן שווארצען דאָס פּנים פאר לאַנדסלייט, פאר בעקאַנטע, פאר אַ וועלט מענשען.

— אָבער, יענטע, וואָס דארפסטו זיך ערגערען? איצט איז דאָס כלעבען קיין שאַנדע ניט, איצט איז דאָס אין אמעריקא אין דער מאָדע. אָט האָט זיך מייק נעלאָזט אראָבשטעלען אויף דער סטריט מיט די זאכען, האָט ער געמאכט 9 מיט אַ האלב דאָלאר. בונים, חייקע'ס ברודער, האָט געמאכט 7 דאָלאר. נו, וואָס איז, כלעבען עס געהט זיי קיין בלוט ניט פון דער נאָז,

כאַטש הלואי זאָל איך עס פערדיענען ביז קריסטמעס, וואָס זיי האָבעןביידע אין די ביינק.

— גענוג, גענוג! איך וויל פון דיר אזעלכע גליקען ניט הערען, פער־זאָרגער מיינער, בעסער זאָל איך שטאַרבען יונגערהייד, בעסער זאָל מען מיך בעגראָבען היינטיגען טאָג, איידער איך זאָל דאַרפען מיין בלוט פערגיסען ווי וואַסער.

— אָה, בעסער וואָלט איך דיר ניט געקענט מיט דיין אמעריקא, איידער איך זאָל געוועזען דאַרפען איבערגעהן אויף אזעלכע צרות און אזעלכע וועהטאָגען. מיין מאַמע זאָל איצט אויפשטעהן פון׳ם קבר און זעהן מיינע יסורים, וואָלט זי זיך געמוזט צוריק בעגראָבען, וועה מיר! וועה מיר! — האָט זי אויסגע־בראָכען מיט א געוויין.

— אָבער, יענטע, איבער.....

— דו האַלטסט דאָס מויל, צו ניין, עס וועט זיך היינט טהאָן חושך צווישען אונז. דו וועסט אזוינס האָבען, וואָס דו האָסט אין דיין לעבען ניט געהאַט, די וועלט וועט מיט אונז האָבען צו טהאָן, נעה פערגעס די גליקען, זוך רומקעס און לאָמיר נאָך היינט מופען.

— איך ווייס, עס וואָלט אפילו זעהר גוט צוניץ געקומען עטליכע דאָלאַר, די קינדער געהען נעבעך נאַקעט, אָט דאַרף איך באַלד איבערקומען אין א גוטער שעה.

— זעהסטו, איצט פערשטעהסטו שוין אליין אויך, אז עס איז א גוטער פּלאַן, נו, וואָס האָסטו דיך געדאַרפט קאָכען און בראָטען און וויינען?

— וואָס! דו רעדסט נאָך? אז אָך און וועה איז דיר, אז יענטע ר׳ שלמה חיים׳עלס דאַרף.... אָבער אז דו זאָלסט אפילו צושפּרונגען ווערען, וועל איך מיין פּנים ניט שוואַרצען, איך בין ניט חייקע דעם רופא׳ס, באַלד זאָלסטו געהן נעהמען רומקעס, דו הערסט, שלימזל! פטור זאָל איך שוין פון דיר ווערען, וואָלט איך שוין געוואוסט אז די וועלט איז מיינע...

איך בין שוין פערטיג געוואָרען מיט מיינע געריכטען: די ברויט מיט׳ן פּיקעל, אָבער אין מיטען דריטען געריכט, מיט איהרע קללות, בין איך ניט פאַרטיג געוואָרען, ביז איך האָב דאָס צימער פערלאָזען און בין געגאַנגען זוכען רומקעס.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר ארומגעהעכץ: דאָ איז צו טהייער,

דאָ איז צו ווייט פון חזיר מארק, דאָ איז צו גרויסע רומס און איך האָב ניט וואָס ארייננצושטעלען, דאָ וויל מען ניט ארייננלאָזען קיין גרינע, ערשט שפעט אין דער נאכט האָב איך בעקומען צוויי רומקעס, בעד־רום און קיטשען פאר 8 און א האלב דאָלאר אין עללען סטריט אויף דעם 5טען פלאָר.

איך האָב דעם הויזקיפּער געגעבען 2 דאָלאר איין אנגאבע און בין געלאָפען מיט א שמחה צו מיין יענטען — א דאנק גאָט, איך האָב שוין א גוטינקע וואָהנונג אין עללען סטריט ניער העססטער, צוויי שעהנע רומקעס פאר 8 און א האלב דאָלאר אויפ׳ן 5טען פלאָר.

— אויפ׳ן 5טען פלאָר! — האָט זי א געשרעה געטהאָן אויסער זיך.

— אז אין דעם הויז איז קיין זעקסטער ניטאָ — האָב איך איהר נעענטפערט מיט א פוילען שמייכעל.

— איך זעה, אז דו ווילסט מיר דערגעהן די יאָהרען, אין אזא צייט זיך שלעפען 5 טרעפ עטליכע מאָל א טאָג! איך בין אזוי אונגליקליך און האָב ניט אויף וועמען די קינדערלאַך צו לאָזען אליין א וואָהנונג צו זוכען. די זעלבע וואָהנונג וואָלט איך דען ניט גענומען מיט א האלבען דאָלאר ביליגער? אזא שלים־מזל געהט, ער וויים דען צו דינגען זיך, עס קומט דאך איהם אָן גרינג דער דאָלאר, נו, וואָס־זשע זיצטו הויב אָן איינפּאקען. געה ברענג אן עקספּרעס נאָר צאָהל ווייטער איבער, איך מוז נאָך איבערוואַשען א ביסעל וועש. איך קען ניט אריין אין א נייער וואָהנונג מיט קויטיגע וועש, איך בין דאך ניט פּעסעצקע....

איך האָב איהר ווייטער איבערגעלאָזט אין מיטען דער מגילה און בין אראָפּגעלאָפען בעדינגען אן עקספּרעס פאר דריי דאָלאר. ער האָט מיר נעגעבען א האלבען דאָלאר א דעפּאזיט. איך האָב עס צוגעכאפּט מיטביידע הענד — לייכט געלד, ניט געהאָרעוועט דארויף — און שפּרינג ארויף איינפּאקעווען.

— נו?

— נו, נו.

— וואָס נו, נו? האָסט שוין אן עקספּרעס?

— וואָס דען?

— וויפיעל?

— דריי דאָלאר.

— דריי דאָלאר? ווער איז מיינע טעג!

— פערגעס ניט, דאָ 4 טרעפּ אראָפּ, דאָרט 5 טרעפּ ארויף.

— און אפילו 20 טרעפּ, גיט מען אוועק דריי דאָלאר, געוואלד, איך וועל עס גאָר ניט אויסהאַלטען! אַ ראָטשילד און גענוג, ער שיט מיט טאָלער גלייך ווי עס וואָלט געוואקסען אויפ׳ן בוים. אָט דאָס איז מיין אונגליק, וואָס איך קען אליין ניט געהן, ווען ער גיט זיך אַ ריהר, געהט עס שלים־מזל! אין דעם ליילאך פּאקסטו? דער מענש איז איינפאך משוגע, דעם לעצטען ליילאך וועט ער מיר צורייסען. וואָס האָסטו זיך עפּעס גענומען פריהער צום בעט־גע־וואנד? פּאק פריהער איין די גלעזלאך מיט די טעלער, מיט די טעפּלעך.

ניב זשע מיר אין וואָס.

— זאָל איך דיר אזוי האָבען פאר אַ מאן, הארציגער פּאָטער, ווי איך האָב אין וואָס.

— גיב מיר דעם וואשטאָפּ.

— פערריקט זאָל ער ווערען, זעהסט דאָך, אז איך וויל אויסוואשען אַ ביסעל וועש.

— אַ מאָנסביל זאָל זיך קיין עצה ניט קענען געבען פון דאנען אהין, ביי לייטען, אַ תענוג, די ווייב ווייס אפילו ניט צו מען דארף מופען, אלץ פּאקט איין דער מאן.

זי האָט געלייענט איהר מגילה און איך האָב דערווייל איבערגעקעהרט אַ טיש און אָנגעהויבען איינצופּאקען די טעלער מיט די טעפּלאך.

— זעהסטו אז דו ווילסט, גיסטו דיך שוין אַן עצה, געוואלד! געוואלד!

— וואָס שרייסטו?

— דאָס קינד! דאָס קינד! — האָט זי אויסגעשריען מיט קולות און איז אומגעפאלען אויפ׳ן בעט.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס פריהער צו טהאָן, צו איך זאָל זי מינ־טערען, צו זאָל איך לויפען זעהען וואָס מיט דעם קינד איז געשעהען, אָבער איידער איך בין נאָך צו זיך געקומען, האָט מיין עלטער מיידעל שוין אריינ־געטראָגען דאָס קינד נאס, ווי אַ קאַטץ, עס איז אריינגעפאלען אין קעסעל וואסער, אַ גליק וואָס עס האָט נאָך ניט געקאָכט, און צו גלייכער צייט האָט זיך אויך מיין יענטע אליין ערמינטערט.

איך האָב נעפּאקט, יענטע האָט געשאָלטען, די קינדער האָבען געוויינט און געשריען, דער שטויב האָט מיר שיער ניט פערשטיקט און ערשט 10

אוהר ביי נאכט האָט דער עקספּרעססמאַן ארויפגענומען אַלעס אויף דעם עקספּרעס.

מיין עלטערע מיידעל איז געגאנגען מיט'ן עקספּרעס, און איך מיט יענטען מיט די איבעריגע קינדערלעך זיינען ארויפגעגאנגען אין דער נייער וואָהנונג.

— אזעלכע צוויי רומקעלעך — האָט יענטע אויסגעשריען — 8 א האלב דאָלאר, סיידען איך זאָל ניט לעבען אויף דער וועלט, ניין, ניין! שוין צוריק, לאָז גאָר ניט ארויפטראָגען די זאכען, איך וויל ניט, דו וועסט ביי מיך ניט אויספיהרען...

— אָבער, יענטע, איך האָב דאָך שוין בעצאָהלט רענט, אָט טראָגט שוין דער עקספּרעס־מאַן דעם אויוועז.

— ניין, ניין! האק מיר אָב דעם קאָפּ, איך וויל ניט. איך ווייס? אז דו האָסט געמאכט אזוי, לאָז זיין אזוי, אז מען האָט שוין געמופט....

— נעוויס, מיין טהייערע יענטע, געמופט איז געמופט.

— געמופט! א וועהטאָג איז דיר! שוין געמופט! נו, און אַלעס צוזאַמענשטעלען און אַלעס אין אָרדנונג מאכען? ער האָט שוין געמופט, צומופט זאָלסטו ווערען ביז טאָג, רבונו של עולם...

— אוי, טויב מאכסטו מיך היינט מיט דיין מענה לשון, ווער זאָגט דיר דען, אז איך וועל ניט צוזאמענשטעלען, אָבער איך מיין, אז מיר האָבען דאָך שוין געמופט.

— יא, ביזט אפילו גערעכט, מען קען מאָרגען צוזאמענשטעלען, וועלען מיר די נאכט שלאָפען אויף דר'ערד, אבי א דאנק גאָט מיר האָבען שוין „געמופט".

---

## XIX.

### די טרייעל
### אָדער
### למשל רבי איהר זיינט די קוה.

מר. ווילסאָן האָט בענאָהע 20 אקער לאנד. יא, איך האָב איך גאָר פערגעסען איהם פאָרצושטעלען. מר. ווילסאָן איז א דיקער איירישמאַן: נראָב

ווי אַ שווין, רויט ווי אַ בוריק; בייז ווי אַ הונד; פאַלש ווי אַ קאַץ; דום ווי אַ גאַנז; שטאָלץ ווי אַן אינדיק און רייך ווי קרח. ער האָט בענאַהע 20 טויזענד אַקער לאַנד בירושה פון זיין מוהמע, וואָס האָט דערלעבט אַ דור פון אַ גרויסען פּאָליטישען.

אָבער קען ער אַליין דען באַרבייטען אַזוי פיעל ערד? געוויס ניט. וואָס דען? ער איז געפאַלען אויף אַ שכל, ער האָט עס צוטהיילט אויף קליינע פאַרמס און האָט עס פעררענט צו אַ סך אָרעמע לייט, וואָס האָבען געפּאָלגט אונזערע דייטשע־אַמעריקאַנער־אַמעריקאַניזירטע אידען, אַז מסחר איז אַ שאַנדע פאַר אידען און נאָר ערד־אַרבייט מאַכט שטאָלץ.

אָבער ליידער איז שטאָלץ מיט רענט צוויי זאַכען. ווי שטאָלץ די אָרעמע פאַרמער זיינען געוועזן, רענט האָבען זיי דאָך ניט געהאַט מיט וואָס צו בעצאָהלען און ניט איין מאָל איז מר. ווילסאָן נעבעך געוועזן געצוואונגען מיט׳ן דזשאָדזש אויסצוטרינקען אַ פלאַש וויין און איהם נאָך צוגעבען אַ פּאָאַר דאָלאַר פערבייסען אום די שטאָלצע טענענטס אַרויסצוואַרפען אויפ׳ן פרייען פעלד.

אָבער מר. ווילסאָן איז זעהר עקאָנאָמיש, וואָס דאַרף ער שטאָפּען דעם דזשאָדזש, ער געהט דאָך במילא ניט אַליין זיי אַרויסוואַרפען, נאָר ער שיקט דעם שעריף, איז איהם דאָך ליבער דירעקט מיט׳ן שעריף זיך צו זעצען אין פערבינדונג. דער טרינקט וויסקי אָנשטאָט וויין און נעהמט ניקעלס אָנ־שטאָט דאָללאַרס, דאָס קאָסט דאָך פיעל ביליגער, און מאַכט דאָס זעלבע ריענסט.

צום אונגליק אָבער האָט דער ביליגער שעריף פּאָרינגען ווינטער געהאַט עטליכע דזשאַבס אין איין טאָג און האָט צו פיעל געגאַסען פון דעם איירי־שען גן עדן און אַלס ער איז נעגאַנגען נאָך דעם לעצטען דזשאָב מאַכען ביי מר. אַפּלער׳ס פאַרם, איז ער געפאַלען, ווי אַ העלד הינטער זיין שטאָל און איז פעסט איינגעשלאָפען.

עס איז אָבער געוועזן אַ שרעקליכער פראָסט די נאַכט און דער הייליגער שעריף האָט שוין פערשפּאָרט אויפצושטעהן. מען האָט איהם מאָרגען פריה געפונען אָהן אַ פּיצעל התלהבות, קאַלט ווי אייז.

זעלבסט־פערשטענדליך איז באַלד געפאַלען דער פערדאַכט אויף דעם אָרעמען אַפּלער, אַז ער האָט איהם ערמאָרדעט, איהם האָט מען באַלד אַרעס־

טירט, די קינדער האָט א לעבעדיגער שעריף ארויסגעוואָרפען אויפ'ן פעלד און זיינע ביכעל אָרימקייט האָט דער לענדלאָרד נעבעך געמוזט פערקויפען בחצי חנם און דער טרייעל איז געגאַנגען ווי געשמירט, שנעל ווי איין קאָלענדער, פאַכט אַלע יאָהר איין אונטערזוכונג.

הייטע איז דער פיערטער טרייעל. דאָס געריכט איז געפאַקט מיט צו־שויער דעם אורטהייל צו הערען, פּאָליציי און געריכט־דיענער האַלטען אָרד־נונג, דער דזשאַדזש זיצט אויבען און גענעצט, די דזשורי־לייט שושקען זיך, די געזעץ־ביכער ליגען אָפען, די לויערס לויערען ווי יאגד־הינד, און דאָ מוז די גערעכטיגקייט ארויסשפּרינגען.

אפּלער'ס פערטהיידיגער איז זעלבסטפערשטענדליך געווען איין אומ־זיסטער, און איז נעבעך די גאַנצע נאַכט געווען אויף א מאַסקעראַד־באַל. ער האָט זיך געאיילט צו געהן אהיים אביסעל אָברוהען און אום צו מאַכען די געשיכטע קורץ, האָט ער ביים דזשאַדזש פערלאַנגט נאָך א טרייעל, „וויל, — האָט ער געזאָגט — עס פעהלט מיר נאָך א געגויערע בעשרייבונג פון דעם פארם, אויף וועלכע דער שרעקליכער מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען.“

מר. אפּלער איז געווען אַן איינפאַכער מענש, ביז יעצט האָט ער זיין ביטער שיקזאַל געדולדיג ערטראַגען, ווייל מן הסתם וויל גאָט אזוי. אָבער יעצט ווי ער האָט דערזעהן, אז מען וויל ווייטער פערשיבען דעם טרייעל, און אז ער וועט נאָך ווייטער מוזען שמאַכטען אין עלענד און צווייפעל, האָט פּלעצליך זיין געדולד געפּלאַצט און צום שרעקען פון דעם דזשאַדזש, די דזשורי און דאָס גאַנצע פּובליקום, האָט ער מיט א לויטער שטימע אויס־געשריען:

— דעם טויט, אָדער די פרייהייט.

— וואָס דאַרפט איהר שיקען נאָך א מאָהל פאָטאָגראַפירען און מעסטען מיין פארם און מיך דערווייל קוועלען אין פינסטערען קערקער, איך האָב אויף דער פארם געוואָהנט 8 יאָהר און איך געדענק אלעס געגוי אויסוועניג אפילו ווען איהר זאָלט מיך פון שלאָף אויפוועקען; שרייט נאָר און איך וועל אייך אַלעס שילדערען, בעסער נאָך ווי דער פאָטאָגראַפישער אפּעראַט, און בעסער פון אלע אינזשינירען...

דעם דיסטריקט אַטאָרני איז דיעזער איינפאַל געפעלען טאָמער וועט ער פון זיינע רייד עטוואַס איין אנהאַלטס־פּונקט פיר זיינע בעשולדיגונגען

געפינען, און מען האָט דעם אָרעמען אַנגעקלאָגטען ערלויבט זיין פאַרם צו שילדערען, פון דער נאַכט וואָס דער מאָרד איז געשעהן.

אלע זיינען געוואָרען אויפמערקזאַם און האָבען געקוקט דעם אַנגעקלאָגטען אין מויל אריין און דער איינפאַכער מענש האָט מיט נאַטירליכע ווערטער אָנגעפאַנגען צו שילדערען זיין פאַרם.

— צוויי יאָהר שמאַכט איך שוין אין קערקער, דאָך שטעהט מיין פאַרם נאָך גאַנץ פאַר מיינע אויגען, זי האָט אויסגעזעהן כמעט אַזוי ווי די קאָורט:

אָט דאָ וואו איך זיטץ, צום ביישפּיעל, אין די קייטען איז געווען מיין וואָהנונג, וואו איך מיט מיין פרוי און קינדער האָבען יענע שרעקליכע נאַכט געוואוינט, וואָס מיר האָבען קיין רעכט ניט געהאַט צו בעצאָהלען; דאָרט וואו דער דזשאָדזש זיצט, איז פּונקט אויסגעקומען די בודקע פון מיין בולדאָגטען בייזען הונד, וואָס פלעגט בורטשען פון דעם שלאָף; דאָרט אַ ביסעל ווייטער, וואו די דזשורי לייט זיצען, איז אויסגעקומען מיין חזיר־שטאַל; דאָרט וואו די פּאָליציסטען שטעהן, איז גראַד געשטאַנען, מיט רעספּעקט צו מעלדען, מיין וואָטער־קלאָזעט; אָט דאָ, וואו די ביכער ליגען, איז געווען די גרויסע קופּע מיסט פון מיינע בהמות; דאָרט, וואו דאָס פּובליקום זיצט, זיינען גראַד אויסגעקומען מיינע שעפּסען, קעלבער און ציגען.

איצט זעהט איהר דאָרט די שווארצע קאַץ אריינגעהן, אַזוי האָט זיך דער שעריף אריינגע׳גנב׳עט אין אַ פינסטערער נאַכט אין מיין פאַרם.

היינט שטעלט זיך פאָר, הערר ריכטער, איהר זייט, למשל, דער בולדאָגטער הונד, וואָס שלאָפט; די דזשורי, למשל, די חזירים, וואָס ליגען אין גרינצען; די פּאָליציסטען, ניט צוגעגליכען ווי דער אָפענער קלאָזעט, און די קופּע מיסט, ווי דאָ די ביכער, איז ווייך און מען הערט ניט די שריט פון דעם שעריף.

דער עולם, איך מיין די קעלבער, שעפּסען און ציגען קוקען ווי אַ האָהן אין בני אָדם און ווייסען גאָר ניט פון וואָס צו זאָגען. נון, פרעג איך אייך, פון ווענען האָב איך געקענט ערפאַהרען, אַז די קאַץ, איך מיין דער שעריף, כאַפּט זיך אריין אין מיין פאַרם און פאַלט שכור׳ערהייד אַנידער שלאָפען?

איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז איך בין אונשולדיג, איך האָב איהם ניט געטוידטעט, און דאַרום בעט איך אייך: אָדער לאָזט מיך פריי אָדער הענגט מיך אויף, נאָר פּלאַגט מיך ניט מעהר מיט אייערע טרייעלס און מיט אייער קערקער.

אונטער גרויס פערדרוס פון די גערייכטס-לייט און הויכען געלעכטער פון פּובליקום, איז דער טרייעל פערשאָבען געוואָרען ביז נעכסטען יאָהר.



# דרייצעהנטע סעריע.

# שפעטערע געדיכטע

## I.

### די װאָרהײם.

איך באַד מיך און שווים אין א ים פול מיט ליגען,
איך ליגנער פון אבענד, איך ליגנער אם מאָרגען,
איך ליגנער ביי אלע, וואָס איך דארף נאָר קריגען,
איך ליגנער ביים לייהען, איך ליגנער ביים באָרגען.

איך ליגנער ווען איך דארף א קלייד לאָזען מאכען,
איך ליגנער ווען איך דארף אויף ארבייט בעקומען,
איך ליגנער ביים וויינען, איך ליגנער ביים לאכען,
איך ליגנער ביים רעדען, איך ליגנער ביים שטומען.

פאל ליגען די לאָקען געקרויזט אויף מיין שטערען,
פאל ליגען די אויגען ביים פריינדליכען ווינקען,
פאל ליגען די אוירען ביים דומהייט צו הערען,
איך ליגנער ביים עסען, איך ליגנער ביים טרינקען.

פאל ליגען די קליידער, מיין גוף וואָס בעדעקען,
פאל ליגען די בענדער, אויף מיר וועלכע הענגען,
פאר ליגען די הענטלאך אין האנדשוה וואָס שטעקען,
פאל ליגען די פיסלאך אין שוהע דעם ענגען.

איך ליגנער אין ליבען און שווערען אויף טרייע,
איך ליגנער בעשטענדיג די עלטערן מיינע,

איך ליגנער אין האַסען די מענשען די פרייע,
איך ליגנער די ליעבליכע קינדערלאַך קליינע.

איך ליגנער אין גאָט'ס הויז ביים דאַווענען און וויינען,
איך ליגנער פאר פריינדע אין נויטה, ווי אין גליק,
איך ליגנער די ברידער אין לאָדזשען, פעראיינען,
איך ליגנער גאָר שרעקליך אין דער פאָליטיק.

פאל ליגען די ציעלע צו וועלכע איך שטרעבע,
פאל ליגען מיין וויסען, פאל ליגען מיין גלויבען,
די לופט איז פאל ליגען אין וועלכע איך לעבע,
די וועלט איז פאל ליגען פון אונטען ביז אויבען.

איך ליגנער און וויים עס! ווי עקעל, ווי שווער?!...
נאָר דאָס איז מיין טרויסט אין מיין עוויג צער,
וואָס איהר אלע ליגנערט פון מיר נאָך פיעל מעהר,
און מיינט נאָך, אז איהר זיינט גאַנץ עהרליך און וואהר.

---

## II.

### דער איד האָט קיין צייט ניט!

דער איד האָט קיין צייט ניט, ער לויפט אין געשעפטען,
ער איז אימער ביזי, ווי טאָג, אזוי נאַכט:
ער קעמפפט פיר דאָס לעבען, מיט אלע זיינע קרעפטען
און האָט אויך קיין צייט ניט צו געבען א טראַכט:
אז אַנשטאָט צו לעבען, פערברענגט ער אין דארבען,
און האָט אלץ קיין צייט ניט, נאָר איין טאָג צום שטאַרבען!

דער איד האָט קיין צייט ניט זיין מיטאָג צו עסען,
ער איז אין זיין היים אויך א זעלטענער גאַסט;

ער זוכט אויך די ליעבע פון ווייב צו פערגעסען,
צו קושען די קינדער ווערט איהם אויך צו לאַסט,
ווי מעג ער פערזיסען דאָס לעבען דעם הארבען,
ער האָט דאָך קיין צייט ניט, א טאָג נאָר צום שטארבען!

דער איד האָט קיין צייט ניט זיין קינד צו ערציהען,
צו ווידמען א שטונדע אין פרייער נאַטור;
די פעלדער און וועלדער צו זעהן ווי זיי בליהען,
פאר בלומען און בילדער פיהלט ער ניט קיין שפּור.
וואָס טויגען איהם דופטען? וואָס נוצען איהם פארבען?
ער האָט דאָך קיין צייט ניט, איין טאָג נאָר צום שטארבען.

דער איד האָט קיין צייט ניט, דארף מאכען א לעבען,
און לעבט ניט, און רוהט ניט, געניסט ניט די וועלט;
און האָט ער צום לעבען פערברענגט ער אין שטרעבען
צו זאמלען פערמעגען, צו שפּאָרען פיעל געלד.
ער האלט נאָר אין זייהען, דאָך שניידען די גארבען
דאָס האָט ער קיין צייט ניט ביז'ן טאָג פון זיין שטארבען!

---

## III.

### א גראַם צו פּורים.

מקנא בין איך דיכטער אלע,
מיט פּאָעזיע אָנגעבלאָזען,
דער המן ווערט ביי זיי א כלה,
דער המן־טאש — בלומען, ראָזען.

פון המן־קלעפּעל גראגערט גראמען,
די בעסטע טהעמא ווערט א קרעפּעל...
נו דו, מיין מוזע, ווילסט ניט פלאמען,
שיטסט קיין גראמען אין מיין קעפּעל.

אָט זוך איך יעצט א גראַם צו פּורים,
אויף צו שושן, מדי, פּרס,
גראַמט זיך מיר אַלץ מיט יסורים:
סטרייקס און הונגער עלענד, צרות.

געוואַלד! א גראַם צו אחשורוש
זאָל ביי מיר ניט זיין פאַראַנען?
נור דעספּאָטען, נייע גזרות,
נור געזעטצע פון טיראַנען!

און צו דעם רשע, צו דעם המן
גראַמט זיך נור „אַנטיסעמיטען“,
וועלכע שמוצען אונזער נאָמען,
אונזער עהרע צו פערשיטען.

צו זיינע קינדער — די דלפנים,
מיט ויזתא, קען איך גראַמען,
נור גלחים און רבנים,
וועלכע זוכען אונז צו צאַמען.

און צו די טויזענדער פון שקל
קען איך גאָר קיין גראַם ניט שאַפען,
ווייל פאַר געלד, עס ווערט אַזש עקעל,
פערקויפען מענשען זיך פאַר שקלאַפען.

און צו דער ושתי, צו דער אסתר
גראַמט זיך מיר, אָה, נאָך פיעל שלעכטער!
ווי ברידער שענדען זייערע שוועסטער,
עלטערן שאַכערן מיט די טעכטער!

צו דעם פאַסטען, דער מגילה,
קען איך גראַמען נור פעראייגען;

דעם לעצטען ביסען רויבט די קהלה,
אום נאָכ'ן טוידט דיך צו בעלוינען.

* * *

וועלט און מענש פּאסט שלעכט צוזאמען!
אויף פּאָעזיע קען איך ניט האָפען,
קיין זאך ביי מיר וויל זיך ניט גראטען....
טאָ גנעה, מיין מוזע, לעג דיך שלאָפען!

---

## IV.

### ווי געלד צו מאכען.

אז „געלד איז די וועלט" איז שוין אלטינקע גראמען,
דאָס ווייס שוין א יעדער געוויס פון זיין מאמען;
נאָר פעהלט די ערפאהרונג דעם שטייגער צו כאפּען,
די ערשטע צעהן טויזענד צוזאמען צו קלאפּען;
דאָן הערט־זשע מיין עצה פון פּראקטישען מענשען,
און טהוט עס, און היט עס, און גאָט וועט אייך בענשען.

פערגעסט אָן געוויסען, פערגעסט אידעאלען,
די נארישע זאכען, דאָס פּאסט פאר סאָציאלען;
ווערט דיענער געטרייע צום גאָלדענעם קעלבעל
און בויט איהם א טעמפּעל אין שאפּ, אין געוועלבעל,
און היט זיין געבאָט אָפּ: „צו גאָלד זאָלסטו שטרעבען!"

דאָן מוזט איהר אם שנעלסטען אין גאנצען פערגעסען,
אז איהר האָט א הארץ און א זעעלע בעזעסען:
פון הארצען מוז ווערען א טאָוועל פון שיפער,
פון זיבען מאָל זיבען און אנדערע ציפער;
פון מח א מאשינרעל מיט רעדלעך און שרויפען
צום טרייבען און דרעהען, פערקויפען און קויפען.

פערגעסט גאָר אין גאנצען די קינדערשע ליעדער,
געברויכט נאָר מיט פּראקסיס די מענשליכע גליעדער:
די אויגען לאַמטערנעס קרעדיטען צו זוכען,
די נאָז אַלס אַ רידעל נאָר באַרגינס צו ניוכען,
די אויערען טעלעפאָנען די קורסען צו הערען,
דאָס מויל אַ פאָנאָגראַף צום צעהלען און שווערען.

די האלז אלס איין אַבגרונד די וועלט צו פערשלינגען,
די צונג אַלס איין שווערד אין קאָנקורענטען צו דרינגען,
די הענד אַלס די צוואנגען די דאָללערס צו קלייבען,
דאָס בלוט איז די טינט די טשעקלעך צו שרייבען,
די וואארע צום פאקען, די הויט זיך צו שינדען,
די נערווען אלס שטריקלעך די פעקלעך צו בינדען.

אַלס קאָהר נעהמט אין סעמפּעל דאָס ווייב מיט די קינדער,
ערציהט זיי פון יוגענד אַלס טיכטיגע שינדער;
און קענט איהר נאָך גרינע זיך קרובים פערשאפען,
דאַן ברענגט זיי און מאכט זיי פאר טרייענקע שקלאפען;

ערפאָלג אין די ביזנעס, דאָס פאָדערט פיעל קרעפטען,
וואָס מעהרער די שקלאפען, אַלץ בעסערע געשעפטען,
און טאָמער בעזוכט אייך אַ פריינד, אַ בעקאַנטער,
וואָס קען אייך ניט נוצען ביים ווערקשטאַט און קאַנטער,
און אפשר פערלאנגט ווער גאָר הילפע אין ליידען,
אַנטלויפט ווי פון פייער! אַנטלויפט פון זיי ביידען!
„רחמנות ז׳ אכזריות“, געמיטהליכקייט שענדליך!
פאר מענשען פון ביזנעס, וואָס שטרעבען צו רענדלעך.

אויף בעלער קאָנצערטען קיין צייט ניט פערשווענדען,
דאָרט מאכט איהר קיין ביזנעס און מוזט נאָך וואָס ספּענדען;
איהר זאָלט אויך פון חברות, פון פייער אַנטלויפען.

װען ניט װענגען ביזנעס, צו קױפען, פערקױפען.
און לאַרעט קײן געסט ניט, עס קאָסט די הכנה,
און ספּענדעט קײן צײט ניט, דען „טײם איז דאָך מאָני״.

און טרעפט זיך אײך באַרגענס געזעצליך ניט קלירע,
מאַ לױפט נאָר און קױפט נאָר, אײער געלד איז א שמירה.
אױסדינגנען, אױסקױפען בײם אײגענעם טאַטען,
מען װעט אײך נאָך לױבען אלס פעלאָו א סמאַרטען;
א פינף מאָל אָנזעצען און אכט מאָל אָפּברענען,
דאָס אַלעס איז ביזנעס, דאָס מוזט איהר גוט קענען.

איהר זאָלט זיך גאַנץ אָפּט אױף פערבײטען דעם קאָלאָר,
אין גלױבען, פּאָליטיק, װאָס ברענגט נאָר א דאָלאַר;
פערגעסט ניט צו ספּענדען א נדבה א שעהנע
אין שוהל אָדער קלױסטער צו קריגען מורנו,
אבי אדװערטײזען די ביזנעס װאָס גרעסער,
דען ביזנעס איז ביזנעס; װאָס מעהרער, אלץ בעסער.

די הױפּט זאכע, הערט איהר, איז לערנען צו שפּאָרען,
פון קישקע, פון לײב, פון געזונד און פון יאָהרען;
איהר מעגט זיך אײך לעבען װי שװײנען אין בלאָטע,
און דאַרען און קװאַרען און קריגען סוכאָטע,
אפילו אױף מאָרגען אין קבר צו ליגען,
אבי נאָר די מאָני נאָך הײטע צו קריגען.

און האָט איהר צעהן טױזענד געקריגען מיט צרות,
זאָ דאַרפט איהר מײן עצה שױן דאַן אױף כפּרות,
נאָר שפּעטער אױך הערט מיר, איהר זאָלט עס געדענקען.
אָה, היט זיך פון לערנען, פון פיהלען און דענקען,
דען ניט איך פערגין אײך, ניט אײך װעט געראָטען,
װײל אײער נשמה געהערט דאַן צום שטן.

## V.

### מיר גראָבען.

(אימיטיישאָן נאָך הײנע)

מיר גראָבען די קברים פאר בלוטענדע גליעדער
פון גאַנצע ארמעען געפאלענע ברידער;
אָה, רוסלאַנד! מיר גראָבען איין קבר אין מיטען
מיט פלוך אויף דיין קייזער דארין צו פערשיטען.
מיר גראָבען, מיר גראָבען.

א פלוך אויף דיין קייזער, דער קייזער פון שלאַכטען,
וואָס וויל אויף דאָס עלענד פון פאָלק גאָר ניט אַכטען,
און רויבט נאָך דאָס לעצטע פון זיי אָהן געוויסען,
און לאָזט אין די גאַסען ווי הינט זיי דערשיסען...
מיר גראָבען, מיר גראָבען.

א פלוך אויף דיין גלויבען וואָס הייסט אונז נאָר בעטען,
אין הונגער און נויטען צו דולדען די קייטען;
א גלויבען וואָס העלפט דיר דאָס וויסען פערדאַמען,
מיר האסען, מיר פלוכען איךביידע צוזאַמען...
מיר גראָבען, מיר גראָבען.
א פלוך אויף די רייכע און עדלע מאַגנאַטען,
וואָס רויבען די יונגענד פאר זיך אלס סאָלדאַטען,
אלס עלענדע שקלאַפען אין זיי'רע פאַבריקען,
און רייצען אויף די אנד'רע צו שטיקען...
מיר גראָבען, מיר גראָבען.

א פלוך צום טיראַנישען פאַטערלאַנדע,
וואו ס'הערשט נאָר די קנוטע, קאָזאַקען א באַנדע,
און פרייהייט און בילדונג ווערט שרעקליך פעראַכטעט,
די בליהענדע יוגענד אין קערקער זי שמאַכטעט...
מיר גראָבען, מיר גראָבען.

* * *

די לאָפּעטע גראָבט, די קאַנאַנע קראַכט !
מיר גראָבען גאַנץ פלייסיג, ווי טאָג אַזוי נאַכט ;
אָה, רומעניען ! מיר גראָבען א קבר אין מיטען
דיין אַלטע דעספּאָטיע דארין צו פערשיטען.
מיר גראָבען, מיר גראָבען.

---

## VI.

### טאָפּ פלאָאר.

טאָפּ פלאָר, גאַנץ הויך אין א שטיבעלע,
זאָ קאַלט, זאָ ענג ווי נ'א גריבעלע,
ביים פענסטער דאָרט זיץ איך און וויין, און וויין ;
פון הויך פליהט צו א פייגעלע,
בעט מיך מיט איהר קלוג אייגעלע :
ליעב קינדעלע ! איך פריהר, לאָז מיך אריין.

די טרערען טיק, טיק,
פליסען זאָ היים פון מיין אייגעלע ;
אין פענסטער פּיק, פּיק
קלאַפּט צו צום טאַקט מיר דאָס פייגעלע.

אין בעט ליגט קראַנק מיין טאַטעלע,
צוויי מאָנאַט אויף א זייטעלע,
אין פעקטאָרי ביים ראָד געלאָזען זיין האַנד ;
קיין פלייש, קיין ברויט ערקוויקט זיין הערץ,
קיין פריינד, קיין ארצט ערלייכטערט זיין שמערץ,
נור קרעכצט ער, נור זיפצט ער געקעהרט צום וואַנד.

די טרערען טיק, טיק — — —

מאַמע וויגט בייבי אין א וויגעלע,
זי וויינט און זינגט איהם א ניגעלע,

קיין מילך איהם צו זוינען; איהר ברוסט איז לעער;
ער כאַפּט אַ טרער אין מיילעלע,
ער ווערט נור שטיל אַ ווײַלעלע,
דאַן שרייט ער, דאַן קייכט ער נאָך מעהר, נאָך מעהר.

די טרערען טיק, טיק — — —

קיין קויל צו הייצען דאָס קיבעלע,
אויך קיין קלייד, קיין שיבעלע,
קיין ברעקעל געפינסטו ביי אונז אין הויז;
אה, פייגעלע! פליה נור שנעל פון היער,
אַ רייכע הויז פליה זוך נאָר דיר,
פון ארמוטה און עלענד וואָס קומט דיר ארויס?

די טרערען טיק, טיק — — —

ניין, קינדעל! איך געה ניט פון דאַנען קיין שריט,
די רייכע טיראַנען, זיי ליעבע איך ניט,
קיין מיטלייד, נור אונרעכט ערפילט זייער ברוסט;
אין ארמוטה און עלענד איז גוטעס געמיטה.
מיר זוכען אויך רעטונג, איך קעמפּפע אויך מיט,
געלינגט עס אונז נאָך ניט, זאָ שטאַרב איך מיט לוסט.

---

## VII.
## איך מעכטע...

ווי מעכט איך אומאַרמען, ווי מעכט איך קיסען
איין מערכען דאָס בעסטע גאַנץ איניג בעגריסען,
זי זאָל נאָר מיר איינעם זיין טריי אַלע יאָהרען,
ניט קוקען אויף מאָדעס, ווי דער און ווי יענער,
ניט הערען קיין חניפות פון זייטיגע מענער...
זאָ איינע וועט אָבער ערשט ווערען געבאָרען.

ווי מעכט איך אומארמען, ווי מעכטע איך קיסען
איין מאַן פון כאראקטער מיט הערץ און מיט וויסען,
ער זאָל ניט נאָכטאנצען אונוויסענדע אפען,
זאָל אָפען און מוטהיג צור פרייהייט נאָר שטרעבען,
ער זאָל פיר די מענשהייט נאָר קעמפּפען און לעבען....
זאָ איינער וועט אָבער ערשט ווערען בעשאַפען.

ווי מעכט איך אומארמען, ווי מעכטע איך קיסען
די מענשהייט אין גאנצען, איהר פאלען צו פיסען,
זי זאָל שוין איהר לאנגע דאָך קענען פערשטעהען,
אז פרייהייט און גלייכהייט קען זי נאָר בעגליקען,
זי זאָל שוין די דומהייט און פאלשקייט דערשטיקען...
זאָ איינע וועט אָבער ערשט שפּעטער ענטשטעהן.

* * *

איך שטרעקע די ארמע, די ליפּען צו קיסען,
און כאפּ נאָר דאָס לעערע אין חלום דעם זיסען.
דאָס מעדכען איז פאלש מיר מיט בעזען געוויסען,
די מענער נאָר אפען, אָהן הערצען, אָהן וויסען,
די מענשהייט נאָר מענשען אין סעקטען צוריסען,
און איך, אָה! פערגעה אין שמאכטען צום קיסען...

## VIII.

###ביים מאַשינע זיצט דאָס מעדכען.

(פּאראָדיע נאָך שיללער'ס „אן דער קוועלע")

ביים מאשינע זיצט א מעדכען,
זיצט און נעהט דעם גאנצען טאָג
און, איהר לאנגע גוט בעטראכטענד,
פיהרט זי שטיל א מאָנאָלאָג:

* * *

„און זאָ פליהען מיינע יאָהרען,
ווי דאָס רעדעל שנעל אראָפּ,

און זאָ שווינדעט מיינע יוגענד
ביי דער ארבייט אין דעם שאָפּ!"

* * *

„פרעגט מיך ניט, ווארום איך טרויער
אין מיין לעבענס בליטהענצייט!
ווייל פון מאָרגען ביז צום אבענד
לינט די א ר ב י י ט מיר ביי זייט."

* * *

„און איך נעה די טויזענד העמדלעך
פון דעם רייכען רויבער באָס,
וועלכע מאכען אין מיין הערצען
נאָר דעם שמערץ און ליידען גראָס!"

* * *

„וואָס געניס איך פון דעם רייכטהום,
וואָס איך שאַף פאר רייכע לייט?
איינס איז נאָר וואצו איך האפע, —
צו דער צוקונפטס גליקליך צייט!"

* * *

„שמאכטענד שטרעק איך מיינע ארמע
צו דער פרייהייטס פרעכטיג בילד,
אָבער ביז מיר דאָס עררייכען,
בלייבט דאָס הערץ מיר אונגעשטילט."

* * *

„קום שוין שנעל, דו שעהנע פרייהייט,
און פערניכט אַלטאר און טהראָן;
בלומען שפרייט איך יענע העלדען,
וועלכע האַלטען הויך דיין פאָהן."

---

## IX.

## ווען וועט זיין אַן ענדע

(מיט דער מעלאָדיע פון „וויחאָזשו אָדין יאַ נאַ דאָראָגו")

ווען איך געה ביי נאַכט אין סטרים שפּאַצירען, —
די פאַבריקען שטעהען לעער און שטילל;
ארבייטסלאַזע זעה איך הונגערן' פריהרען,
ליידען נויטה און עלענד זעהר פיעל! —

פינסטערע הייזער, ענגע צום ערשטיקען,
מענשען בלאַסע, גרינע, ווי פערברענט;
כ'פיהל דאַן שווער מיין הערץ פון שמערץ ערדריקען,
כ'זיפץ און פרעג מיך: „ווען וועט זיין דאָס ענד?"

וועלען דיזע בלאַסע לייכען שאַפען,
אימער נאָר פאַר ווענינ רייכע לייט?
און אליין אויף אייביג בלייבען שקלאַפען,
שקלאַפען אימער אין די עווינקייט? —

ווערסטו אימער נאָר די הענדע שטרעקען,
בעטלען ארבייט פאַר א הונגער לאָהן?
וועט מען אימער דיך נאָר דאַרפען וועקען,
פרעגען: „ווען וועט זיין דאָס ענדע שאָהן?"

— וועט דאָס עלענד דיעזער ארבייטס מאַסען
אימער ברעכען יעדעס פאַטער הערץ?
זעהן ווי קינדער שמאַכטען אין די גאַסען,
מוטערס אויסגעהן לעבען זיי פון שמערץ? —

וועט דיך ניעמאַלס די פערנונפט אנרעגען?
וועט ניט פּלאַצען דיין געדולד אויס לייד?

וועט מען אימער דיך נאָר דארפען פרעגען:
— „וועט זיין דאָס ענד, איהר ארבייטס לייט?

וועקט דער פרייהייטס־גייסט ניט אויף די מאַסען?
רייצט די שקלאַפעריי ניט אויף דיין וואטה?
ביז די ארמע אַלע גאַנץ ערבלאַסען;
ביז די נויטה וועט ברעכען גאַנץ דיין מוטה? —
ניין! איך זעה, דו ברעכסט מיט מאכט די קעטען!
פרייהייטס פאַהנע ווערט שוין אויפגעשטעלט!
אַ וועג פיר גלייכהייט ווערט שוין אויסגעטרעטען!
גליק און פרייד בעהערשט די גאַנצע וועלט!

---

X.

## די נייע היימאַטה.

אויף דעם גרויסען טיעפען מעער
ווערט דאָרט שנעל אַ שיף געטריבען.
אונגליקס מענשען ברענגט זי אהער,
די אָהן היימאַטה זינד געבליבען.

דאָרט צושטערט פון טיראַנייי
ליגט איהר היימאַטה אין רואינען;
יעצט זיי האָפען אויף דאָס ניי
איין נייע היימאַטה צו געפינען.

פריי בעטרעטען זיי דעם שטראַנד,
וועבען, שטרעבען, אַלעס טהון
און געפינען היער אין לאַנד
איין נייע היימאַטה אויסצורוהען.

נייע היימאטה, נייעס גליק!
ניין פרייהייט, נייע זאַנג!
בלייב פון צייט גייסט ניט צוריק
וועב דער פרייהייט איינע קראַנץ!

שטרעב נאָר ווייטער מוטהיג, דרייסט.
פיר די צוקונפט קעמפפע, פעכטע!
פריי אין קערפער, פריי אין גייסט
קרינסט אויף פאַלע מענשען רעכטע!

---

## XI.

## דער זיידע.

(צו זיין יובילעאום, דעם 27טען סעפטעמבער, 1906)

עס זינגען, עס דיכטען פּאָעטען גאָר פיעלע
פון אלערליי טהעמען, פון אלערליי ציעלע:
פון שטערן אין הימעל, פון ריח גן־עדן,
פון רוישענדע ים'ען, פון גרויסע וואולקאנען,
פון שבחים פאר רייכע, פאר פירסטען, טיראנען....
ניט דאָס זינגט די מוזע פון טהייערן זיידען. —

די ארבייטער מאסען, די עווינע שקלאַפען,
די וועלט וועלכע בויען, דאָס גליק וועלכע שאפען,
און שאפען און בויען אין עלענד און ליידען;
פון זיי האָט דער זיידע צו זינגען און זאָגען,
זיי וועקט ער צום קעמפפען, די פאקעל צו טראָגען,
דער וועלט־שמערץ אין בוזעם איז מוזע ביים זיידען.

פון פריהעסטער יוגענד ליעב איך דיינע שריפטען:
די זיסע ווי האָניג, די גאַלליגע גיפטען,

איך פיהל זיי, איך ליעב זיי און לעהרען פוןביידע;
איך ליעב דיין איראָניע, סארקאזם, סאטירע,
איך ליעב דיין הומאָר אין פּאָעמא, אין לירע,
אויך איך בין דיין איינ׳קעל און דו ביזט מיין זיידע.

אויך איך בין דיין איינ׳קעל א טהייל פון דיין הערצען,
ביים לעבען גע׳ירש׳נט די וועלטליכע שמערצען,
קיין וועלטליכע גיטער, קיין וועלטליכע פריידען!
דער איינצינער ליכט־שטראהל אין קאמפּפאלען לעבען
צו׳א בעסערע צוקונפט פאר אלע צו שטרעבען,
מיט אונז נאָך צו זעהען דעם קעמפּפענדען זיידען.

עס לעבט נאָך דער זיידע און ער וועט נאָך לעבען,
מיט אונז נאָך צו ווירקען, מיט אונז נאָך צו שטרעבען,
צו וואהרהייט, צו פרייהייט, א וועלט א גן־עדן!
אָה, יובעלט! איהר דענקער און קעמפּפענדע קלאסען,
אָה, יובעלט! משכילים און קעמפּפענדע מאסען,
אָה, יובעלט! אָה, יובעלט! צום יובל פון זיידען.

---

## XII.

## באנקראָט.

פונקט שבת נאָך מיטאָג האָט דאָס געטראָפען,
ווען גאָט האָט א ביסעל זיך צונעלענט שלאָפען,
פּלוצלונג דערהערט מען א קראכען און קנאלען,
כמעט ווי דער הימעל וואָלט דאָרט איינגעפאלען,
און קוים האָט דער בורא געעפענט די אויגען,
דער מלאך מיכאל איז שוין צוגעפלויגען.

— שנעל זאָג מיר, וואָס האָט דאָרט געקנאַלט און געבראָכען,
איז דאָרט ניט א דינאמיט באָמבע פערקראָכען? —

— נאָך שלימער פון באַמבען האָט היינט אונז געטראָפען:
ס'זינד טויזענדער מענשען צוזאמען געלאָפען,
פיעל מענער און פרויען פון אלע נאציאָנען,
זיי זיינען געקומען דיר שולדען צו מאָהנען,
מיט טשעקס און מיט ביכלעך, מיט פאסטען און ווייטען,
פיעל לייטע פון ביזנעס, פון ארבייטס פעראיינען.
זיי זאָגען, זיי האָבען געגלויבט דיינע ווערטער:
„לי כסף, לי זהב", פון וועלטען אין ערטער,
און האָבען געטרויט דיר זאָגאר פון דער ווייטען,
אבי אָפּצושפּאָרען אויף ערגערע צייטען.
און יעצט איז א קריזיס, זיי הונגערן און פריהרען,
דרום זינד זיי געקומען דאָס געלד איינקאסירען,
נאָר מטטרו"ן, דיין קלוטשניק, פון שרעק פאר סקאנדאלען,
האָט שנעל צוגעשלאָסען דעם הימעל פאר אללען.
זאָ האָט זיך צופלאקערטביים פאָלק דער גרימצאָרן,
און האָבען צובראָכען די טהירען און טהארען. —

אזוי האָט מיכאל ערקלעהרט די אפריירא
מיט זויערער מינע פאר'ן וועלטליכען בורא.
דער בורא האָט שרעקליך פערקנייטשט באלד זיין שטערן,
ערהויבען זיין שטימע א מורא צו הערען
און האָט אויסגעשריען צום בלאסען מיכאל'ן:

— מיין נאָמען פערשמוטצען? זאָפאָרט זאָל מען צאָהלען! —

דאָ ציטערט מיכאל ווי א ליימענער גולם,
פרעגט: — ווער זאָל זיי צאָהלען? רבונו של עולם!

— וואו זינד מיינע דיענער פון זייערע פּאָסטען?
וואָס לעבען זאָ גליקליך אויף קהל'שע קאָסטען?
רבנים, גלחים, די טרייע בוכפיהרער,

די גבירים, נגידים, די רייכע קאַסירער,
די קעניגע פירסטען די קלוגע פערוואַלטער,
וואו זיינען דען אלע בעצאָהלטע שטאַט־האַלטער?
זאָל איך עס דען גלויבען זיי זיינען צולאָפען? —

— נאָך ערגער אַ שעפּפער! זיי האַלטען אין שלאָפען. —

— זיי שלאָפען, אַ שרעקליך! אין די שלעכטע צייטען!
אויף אנדערע דיענער וועל איך זיי פערבייטען,
איינסטווייליגען געה דו נאָר און עפען די קאַסען,
און צאָהל זיי מיט צינזען, קוויטירע די מאַסען. —

— אַה, בורא! איך ציטער נאָך ווייטער צו זאָגען;
דיך האָבען די דיענער צו שרעקליך בעטראָגען,
געפעלשט דיינע ביכער, געראַובט דיין פערמעגען,
קיין קעש אין די קאַסען און לעער אלע וועגען. —

דאָ האָט עס דעם בורא, ווי פייל אויסען בויגען,
א פייער און פלאַמען געשפּריצט פון די אויגען:

— די שופטען! זיי האָבען בעשטאָהלען די קאַסען,
און האָבען זאָ שענדליך דעם הערן פערלאַסען,
נקמה וועל איך שוין פון זיי אלע נעהמען!
איינסטווייליגען קיין פלעק זאָל מיין נאָמען בעשעהמען,
זאָל מען די לייטע בעצאָהלען מיט פעלדער,
ווייל „לי כל הארץ“, די ימים און וועלדער.
גיב זיי פיעל זיי ווילען, מיין חסד צו שפירען,
זאָפאָרט זאָלסטו נעהן מיין געבאָט אויסצופיהרען.

— אב רחמן! דיין טרייעסטען דיענער ענטשולדיג,
די נאַכריכט, די לעצטע, פערנעהם שוין געדולדיג,

אויך פעלדער און וועלדער געהערט די בוכהאלטער,
דער גאנצער ערד־קוגעל צו דיינע פערוואלטער,
זיי ווילען קיין שטיקעל דען לייטען אָפּטרעטען,
אָהן רענט, נאָך די גרעסטע, ביי זיי ניט צו בעטען. —

ארויס פון די כלים איז דאָ שוין דער בורא,
געבליצט און געדונערט האָט ער גאָר א מורא :

— גאָר זאָ וואס ! מיין וועלט איז בערויבט און געשטאָהלען !
איך וועל זיי אויף שטויב באלד אלע צומאָלען !
מיין פייער פון גיהנום וועל איך אויף זיי טרייבען,
עס וועט פון זיי קיינעם קיין איינציגער בלייבען.
דורך זיי מיין צוטרויען זאָל איך גאָר פערלירען,
מיין ראכע ! מיין ראכע ! זיי זאָלען באלד שפירען ! —

— אָה, בורא, דו זאָלסט זיי ניט פלוצלונג פערוויסטען,
מען וועט דיך פערלוימדען : האלטסט מיט אנארכיסטען. —

זאָ לויף שנעל און רוף מיר מיין דיענער דעם שטן,
זאָל ער מיט זיין חברה די שווינדלער אויסראָטען,
מיין קרעדיט בעפלעקען, איך קען מעהר ניט דולדען,
מען מוז באלד די לייטע בעצאָהלען די שולדען. —

אָה, שעפפער ! אָה, קעניג פון הימעל פון אויבען,
דעם טייפעל, דעם שטן זאָלסטו דען נאָך גלויבען ?
פערשטעהסט ניט, אז ער האָט דערפון נאָך נחמה,
א פלעק אויף דיין נאָמען, דאָס איז זיין נקמה,
דער גאנצער סקאנדאל איז דאָך נאָר זיין מלאכה,
מיט איהם בחברותא דאָך רויבט די משפחה,
ער וועט זיך דאריבער נאָך לוסטיג נאָר מאַכען,
און דיך מיט די מאָהנער גאָר טייפעלש אויסלאַכען.

— זאָג דו זשע, מיכאל, ווי צאָהלט מען דער מאַסע? —

— איך וויים ניט, אָה, בורא! ווען לעער איז די קאַסע. —

— און דאָס זאָל איך שווייגען? די רויבער ניט שטראָפען?
פאר מיין וועלט, וואָס איך האָב אין 6 טעג בעשאַפען? —

— דו קענסט דאָך ניט האַנדלען פון מענשען נאָך שלימער,
וואָס ארבייטען ביטער און שאַפען נאָך אימער
דיין וועלט צו בעבויען, פערפּוטצען, פערצירען,
— דאָך זעה, ווי געדולדיג זיי הונגערן און פריהרען.... —

— האָסט רעכט, מיין מיכאל, איך ארך אפּים
וועל ווארטען איין ווײַלע, דאן שטראָפען כפלים.
פערטרייבען די רייכע פון גרונד און פון באָדען,
צו צאָהלען די ארעמע פאר זייערען שאָדען....
נאָר הער דאָרט די לייטע ווי שרעקליך זיי ליארמען!
געה מאך זיי דאָרט שטילער, דו מוזט דיך ערבארמען,
זיי זאָלען זיין רוהיג, ערקלעהר זיי געדולדיג,
אז איך זייער שעפּפער בין דאָ גאָר ניט שולדיג.
איך האָב זיי בעשאַפען א וועלט און א שעהנע,
פאָל רייכטהום פאר אלע, פאר גרויסע און קליינע.
ווען שווינדלערס מיסברויכען מיין הייליגען נאָמען,
און האָבען דארט אלעס פאר זיך צוגענומען,
וועל איך שוין א מיטעל זיי געבען צו וויסען,
זיי זאָלען מיין וועלטעל גלייך אלע געניסען...

איינסטווײַלען, אָה בורא! אָה, שאַנדע און שפּאָט!
געה איך זיי ערקלעהרען, אז דו ביזט באַנקראָט!

# XIII.

## קייען שטרוי אין גן עדן.

ביי עלטערן גאנץ פרומע בין איך געבארען
מיט תורה און מצות בין איך אויך ערצויגען,
א אידעל א פרומער, בין איך אויך געווארען,
און אימער צו דיר, גאט, געהויבען די אויגען.

איך האב פון דער וועלט ניט קיין ברעקעל גענאסען,
נישט פריהער צו דאנקען, צו לויבען דיין נאמען:
ביים לעגען, ביים אויפשטעהן פיעל טרעהרען פערגאסען,
ביים דאווגען קיין מאל נישט פערפעהלט קיין אמן.

צו סליחות געלאפען גאנץ גרויסע פארטאגען.
געפלאגט אין תענתים אהן טרינקען, אהן עסען,
יום כפור געפאסט מיט קלאגען און זאגען,
בעטרויערט דעם חורבן, אויף דער ערד נאר געזעסען;

געגאנגען בין איך איך דעם קאפף איינגעבויגען,
די פיס פון דער שכינה חלילה צו דריקען,
פאר שעהנע נקבות פערשלאסען די אויגען,
איך האב נישט געגעסען אהן פלאמבע א טשיקען.

פון מיין ארבייט דער גביר האט געזאמעלט פערמעגען,
און איך האב געשמאכטעט אין הונגער און נאטה,
דאך איך נישט געזוכט גאר דיך קשיות צו פרעגען,
געזאגט: „גור, מסתמא ווילסטו אזוי, גאט."

פון דער וועלט האב איך נישט געהאט קיין הנאה,
מיט מיהע, מיט מורא געגעסען, געשלאפען:

נעהיט האָב איך תמיד מיין טאַטען'ס צוואה ;
אז נור אויף גן עדן זאָל איך אימער האָפען.

איך האָב נישט געהערט אפּיקורסים, רשעים,
וואָס האָבען פון דיר, גאָט, געלאַכט און געשפּאָט.
וואָס זיינען געוועזען נאָך ערגער פון גוים,
און האָבען געזאָגט נאָר : „עס גיבט נישט קיין גאָט..

„די וועלט איז א קדמון, נישטאָ נאָר קיין בורא,
און אַלץ איז נאַטירליך, נישטאָ קיין השגחה ;
נור מענשען, ניט גאָט האָט געשריעבען די תורה,
פון פּריסטער און קעניגע שטאַמט די מלאכה.

די אָרימע און רייכע קאָן גאָט גאָר ניט מאַכען,
נישט ער האָט געקריינט די מלכים, דעספּאָטען,
נור רייך איז דער שטאַרקער, וואָס רויבט ביי דעם שוואַכען,
מיט וואפען בעקומט מען לענדער און פלאָטען.

„און טאַקע די זעלבע מלכים, כהנים,
רבנים, גלחים, די חיות משונות,
זיי האָבען געזוכט דיר אויף אַלע אופנים,
דעם קאָפּ צו פערדרעהען מיט אַלע אמונות.

„זיי האָבען געוואָלט איבער אַלע רעגיערען,
און האַלטען די שוואַכע אין יאָך און אין לייזען,
האָבען זיי איהם געמוזט מיט גלויבען פערפיהרען,
און גליק איהם פערשפּרעכען נאָר דאָרט אין גן עדן...'

דאָס האָבען געזאָגט אפּיקורסים, רשעים,
און איך האָב מיט האָס פערלאַכט זייער רעדען,

נעטהאָן דייגע מצות, געהיט פון חטאים,
יעצט בין איך געשטאָרבען און וויל מיין גן־עדן.

מען זאָגט אויף דער ערד דאָרט דו משפּט'סט גערעכט:
דו רויבסט ניט דעם שכר דאָ פון גוטען, פון שלעכטען,
ביי דיר איז דאָ גלייך דער העלד און דער קנעכט:
שטראָפסט דא דעם רשע, בעלוינסט דעם גערעכטען.

מען זאָגט דאָרט, אז דאָ אויף דער אמת'ער וועלט.
איז דאָ א גיהנם די רשעים צו שטראָפען,
זיי ווערען געבראָטען, געקאָכט און געקוועלט,
און ווידער צו בראָטען לאָזט דו זיי בעשאפען.

און פאר אונז די פרומע, וואָס האָבען געליטען,
וואָס האָבען געגלויבט די באָבען, דעם זיידען,
א גאָלדענע שטוהל שטעהט דאָ סאמע אין מיטען,
צו עסען, צו טרינקען מיט זיי אין גן־עדן.

אויך איך האָב געליטען אין גלויבען און האָפען,
יעצט בין איך געשטאָרבען, אָה קום גרויסער האַרר!
שנעל פיהר מיך אהין, דעם גן־עדן מאך אָפען!
גיב מיר עולם הבא, צאָהל אָב מיר מיין שכר!

* * *

פּלעצליך! — אָה, הערט נור א שטימע א שרעקען,
מיט פייער און בליצען דאָרט הערט מען זי קומען,
לעבעדיגע, טויטע וויל זי יעצט אויפוועקען,
צו הערען די אנטוואָרט פאר'ן גלויביגען פרומען:

„איך האָב אייך בעשאפען א קונסטפאָלע וועלט,
מיט אונצעהליגע גיטער, קומט נור אויף איהר שפּור,

און איינעם פערוואַלטער האָב איך אייך בעשטעלט,
דאָס איז אייער ארבייט ביי דער רויהער נאַטור.

„די וועלט איז זאָ גרויס, איהר האָט אַלעס צו פיעל,
און איהר אַלע מענשען איהר זיינט ביי מיר גלייך,
„נור טהיילט גלייך די ארבייט און שטרעבט צו איין ציעל —
דאַן לעבט איהר גאַנץ גליקליך און זיינט אַלע רייך.

„ווען איהר זיינט נאַראַנים און לאָזט אייך בערויבען,
פון שווינדלער, בעטריגער, און טראָגט עס געדולדיג,
„איהר ווילט גאָר נישט קעמפּפען — נור פוילען און גלויבען, —
אין אייערע ליידען, ווער איז אייך דאַן שולדיג?

„אויך דו, פרומער איד, האָסט געלאָזט דיך איינרעדען,
אָהן קאַמפּף צו געניסען, נור מיט גלויבען אַזוי,
„אויף גליק דאָ אין קבר אויף שכר אין גן־עדן,
ביזט אַ בהמה און געה קייען שטרוי!!!

---

# XIV.

## דער חלום.

אידען, אידען האָט רחמנות!
איך האָב געהאַט אַ שלעכטען חלום,
ס'שטעהט מיין לעבען אין סכנות,
כ'זאָל ניט שטאַרבען חס ושלום.

מיינע גליערער ציטערען, גליהען,
נעהט וועקט מיין באָבען און מיין זיידען!
לאָזען זיי זיך פאַר מיר מיהען
אַ דאָרט אין ליכטיגען גן־עדן!

קלאָגט אויף מיינע יונגע יאָהר:
עס איז געווים אַ חטא אַ גרויסער!
אוי, אַ טרוים ווי אויפ׳ן וואהר;
אידען, אידען! זייט מיר פותר.
* * *

אין די ענגסטע פון די סטריטען,
וואו מיסט און שמוץ איז דורכגעקנעטען
שטעהט אַ שוהלכעל אין דער מיטען
און אידען דאַווענען דאָרט און בעטען.

ס׳האָט מיך באַלד געכאַפּט אַ קלעמען,
איך האָב געמיינט איך וועל צוגעהן;
כ׳בין אַ איד, איך דאַרף מיך שעהמען,
איך זאָל אין דרויסען בלייבען שטעהן.

ווי איך וויל נאָר געהן צום טויער,
דאַ שטעהט אַ אידעל ווינקט און היקעט;
זאָגט מיר ענדליך אויפ׳ן אויער:
„דו ווילסט אריין, טאָ קויף אַ טיקעט.

כאָטש איך בין איין אָרימער באָרדער
און געה אָהן ארבייט אום אין ליידען,
גיב איך איהם דעם לעצטען קוואָרטער,
אבי מיט גאָט אַ וואָרט צו רעדען.

אָבער פּלוצים, הערט מיין שרעקען!
איך האָב דערהערט אַ ווילדען ברומען,
בהמות, חיות אין אַלע עקען,
אין אַ וועריגע בין איך געקומען.

פאר מייז לעבען האָב איך ממש
מיך געשראָקען פון די טהיערען,

כ׳שריי גוואַלד, אָה שמש, שמש!
זעה מיך שנעל ארויסצופיהרען.

און דער שמש זאָגט קאַלטבלוטיג:
ביזטו שוין דאָ, זאָ האָב קיין מורא,
נאַטור פון חיות לערנען מוטהיג
זאָאָלאָגיע איז אויך א תורה.

זעה נור דאָרט דעם ווילדען טיגער
מיט די שאַרפע נעגעל, צייהנער,
ס׳איז דער מילליאָנער דער היגער,
פרעסט דאָס פיה אויף מיט די ביינער.

ער, דער שטאַרקסטער אַלער טהירען,
ער צורייצט אויך לייבען, בערען;
יעדער פירכטעט איהם צו ריהרען,
ס׳איז זיך שווער פון איהם צו וועהרען.

זעה נור דאָרט די פּיאַווקעס, שלאַנגען,
עקלע ווערעם, ס׳כאַפּט הלשות!
בלוט פון פאָלק אויך זיי פערלאַנגען,
זייגען נאָר די קליינע באָסעס.

מערק נור דאָרט די וועלף און פוקסען,
לוסטיג רויבען זיי און העצען;
היטרע דרעהען זיי די שנוקסען
מיט פּאָליטיק און געזעצען.

דאָרט די דיקע ווילדע שוויינען
העלפען אויך דאָס פאָלק פערוויסטען,

ווילד און פינסטער ווי זיי זיינען,
פאלשע ריכטער, פּאָליציסטען.

היינט אַ דארט די עזלען, אָקסען
ריצען, הירזשען נאָר לפּנים;
ריעזע פרעסען אָרטהאָדאָקסען,
אלס גלחים און רבנים.

היינט די ראַקעס אין די מיסטען
און די זשאַבעס מיט דועטען;
ערשטע זיינען זשורנאַליסטען
און די לעצטע די פּאָעמען.

און די שאָף און קעלבער רינדער,
וועלכע דאָרט געפרעסען ווערען,
זיינען אלע פּיה'ס קינדער,
נאָר צום פרעסען, מעלקען, שערען.

דולד איין וועניג, גוטער ברודער!
צום בעזען שפּיעל מאַך גוטע מינע;
זעה נאָך דאָרט אַ גאַנץ גערודער,
וואָס שטופּען זיך אויף דער טריבונע.

„ליעבער שמש, האָב רחמנות!
נענוג, נענוג! ניט מעהר ערצעהלע!
בעפריי מיך שנעלער פון סכנות,
פערלאָז אויך דו די בעסטיען־העללע.

„כ'האָב דאָ פיעלעס אויסצוריכטען,
די בהמות אויפצוקלעהרען

און די בעסטיען צו פערניכטען,
ווערט איין אנדער וועלט דאַן ווערען..."

קוים האָט ער דאָס אויסגערעדט,
און די חיות וויעדער ריטשען,
וואָיען וויעדער דעם „על חטא",
ווײנען שרעקליך, דאוונען קוויטשען.

און פון שרייען דעם „על חטא"
האָב איך ערוואַכט פון בעזען חלום —
כ'זעה איך ליעג ביי מיר אין בעט
און באלד ווער איך איין עליו השלום.

אָה, האָט רחמנות פ'מיינע יאָהר!
עס איז געווים א חטא א גרויסער!
אוי א טרוים, ווי אויפ'ן וואָהר!
אָה, אידען, אידען זייט מיר פותר!...

---

XV.

דאָס איז גאר אונמעגליך.

אין פארלאָר אויף א טשערעל
זיצט סערעה מיט ענטציקען;
דאָ קומט צו איהר איהר בערל
ערקלעהרען ליעבעס-גליקען.

ער דארף איהר געלד ניט, שווערט ער,
ער איז שוין רייך גענינגענד;
איהר שעהנקייט נאָר פערעהרט ער,
פערגעטערט איהרע טוגענד.

„פערלאנג פון מיר פיעל זאכען
מיין ליעבע צו בעווייזען;
ווייל גליקליך דיך צו מאכען
בין איך שטארק ווי אייזען.

מיך שרעקט ניט קיין סכנות
פאר שלאנגען, קראָקאָדילען;
זאָפּאָרט גאָר אָהן הכנות
דיין וואונש נאָר צו ערפילען.

„איך שפּרינג אין ים אָהן טומעל
דאָרט פּערל דיר צו פאנגען;
דעם טעלערעל פון הימעל
פליה איך דיר דערלאנגען.

„דיין וואונש איז מיר זאָ טהייער,
קענסט מיך צו אלץ בעוועגען;
איך שפּרינג פאר דיר אין פייער,
דעם טויט לויף איך ענטקעגען.

* * *

איך גלויב דיר, ליעבער בערל,
(אָה, גאָר שטארבען זאָל ער?)
דו ביזט א גוטער קערל,
לייה מיר בלויז 5 טאָלער. —

* * *

ווי בערל הערט פינף דאָלאר,
ווערט זיין מינע קלעגליך,
און רוקט זיך שנעל פון פּארלאָר:
„אָה, דאָס איז גאָר אונמעגליך!"

# XVI.

## פערצווייפלונג.

(אין אַטלאַנטיק סיטי.)

מיט וואָלקענס געדיכט די זון ווערט פערצווינגען,
א שרעקליכער חושך איהר שיין האָט בעהאַלטען;
נור צוקענדע בליצען פערבלענדען די אויגען,
ווי פייעריגע שלאַנגען דעם הימעל צו שפּאַלטען.

עס ראָללען די דונערס, ווי טויזענד קאַנאָנען,
זיי קראַכען, זיי קנאַלען צושטערענד אין גאַנצען;
ווי טויזענדער שדים און לצים מילליאָנען
וואָלטען אין גהינום דעם טייפעלס־טאַנץ טאַנצען.

די דונערס זיי קנאַלען, די בליצען זיי שיסען,
געפּלאַצט האָט דער הימעל, זיין וואַסער פערלאָרען;
עס רעגענט מיט ימים, א מבול זיי גיסען,
ווי באַלד וואָלט די וועלט אויך חרוב געוואָרען.

עס שטורמען די ווינדען, זיי פייפען, זיי ריטשען,
און טראָגען דאָס פייער אין וואַסער ארונטער;
עס זוכען די מענשען פון טויט זיך צו שיצען,
אָה, רעטעט! אָה, רעטעט! די וועלט געהט שוין אונטער!

און דאָרטען אין א קאַטערדזש, אַן אַלטע רואינע,
ציטערט א מיידעל נעקליידעט אין ווייסען.
זי יאָמערט אין שרעקען און טויטליכער מינע,
פערצווייפעלטע ווערטער דאָס הערץ קען צורייסען:

„אוי, אויסגעהן אין רעגען וועט היינט מיט מיר קיינער,
„אפילו מיין אייבי וועט היינט מיך פערגעסען;

„אוי קיידי דו ביזט שוין אין דר'רעד מיט דיביינער,
„דו וועסט שוין היינט אוועגד קיין אייז־קרים ניט עסען!

## XVII.

## מלחמת נשים אין בראָנזוויל.

עס איז נאָך גאַנץ פריה, עס טאָגט ערשט אין הימעל,
אין דרויסען איך הער שוין אַ שרעקליך געטימעל;
דער שלאָף אם פריה־מאָרגען ער איז מיר גאַנץ טהייער,
דאָך לויף איך אין דרויסען, דען טאָמער אַ פייער!
וואָס זעה איך? — אָה, שרעקליך! עס קאָכט אין די סטריטען:
גאַנץ בראָנזוויל פערזאמעלט, צוויי ווייבער אין מיטען;
לעבען חיים דעם בוטשער וויינט ציפּע, שרייט חיה,
דאָרט איז ניט קיין שרפה, אויך ניט קיין לויה.
דאָך ווערט עס אַלץ גרעסער דאָרט דער געטימעל
און טענות און קולות שפּאַלטען דעם הימעל!
איך צושטופּ באַלד דעם עולם מיט די עלענבויגען
און זעה דעם גערודער מיט אייגענע אויגען:
ציפּע מיט חיה'ן, אַ וויי טאָג דער מאַמען!
שרייען און שעלטען אויף נאָטען און גראַמען.
זיי האָבען בעמערקט מיך, אָה! אַ ביטערער פּעקעל!
די כאַפּט מיך ביים מאָרדע, די צווייטע ביים רעקעל:
— איהר דאַרפט ניט אַנטלויפען, איהר מעגט שוין דאָ בלייבען,
חלעבען, איהר מעגט עס אין צייטונג בעשרייבען. —
— ליעבער שלימזל, אָט הערט די מכשפה,
קומען זאָל, גאָטעניו, אויף איהר באַלד אַ שרפה!
זי האָט מיך בערעדט פאַר יענטעלע שפּרינצעס.
— ווייל זי האָט פערפעפערט מיינע מילכיגע בלינצעס!
כאָטש קיי איצט די ערד, זאָל זי עסען שטיינער!
אַ קויל איהר אין הארצען, אַ בראַנד אין די ביינער! —

אויף דיר אליין מרשעת א שלאַק, א קרחת!
וואָס האָסטו די פאַרפעל מיר אויף צו להכעים
גראָד איבער׳ן קאָפּ, וואו עס שטעהט מיר מיין ווינגעל
קלאַפּט זי פאַרטאָג שוין אומיסטנע מיט ציגעל —
זאָל זי אַזוי, טאַטע, נאָר ווערען דערוואָרגען,
ווי זי שרעקט מיר מיין קינד אָן יעדען פריהמאָרגען!
— ווארום האָסטו מיר צובראָכען א טעלער?
— ווייל דו האָסט בעהאַלטען דעם שליסעל פון קעלער.
— בעהאַלטען זאָל מיר דיר אויפ׳ן הייליגען אָרט,
ווי דו האָסט צובראָכען מיין בלעכענע קוואָרט.
צובראָכען זאָל דיר נאָר ווערען דיין קאָפּ,
ווי דו האָסט צושפּאָלטען מיין אייזערנעם טאָפּ.
— וואָס קריכט איהר צו מיר, ווי די חזירים,
זי מיט איהר באָרדער מיט איהרע ממזרים?
זיי קריכען ביי מיר אריין אין די טעפּלעך,
זיי האָבען גענאַשט פון מיינע שבועות׳דיגע קרעפּלאַך.
— דו מעגסט פאַר מיינע קינדער זיין די כפּרה
מיט דיינע שרצים און דיין באָרדער דעם שררה.
— מיר זאָגסטו באָרדער, דו טרפה׳נער זעעל!
איך בין דען דיין דזשייקעל, וואָס זיצט איצט אין דזשייל.
וואָס מען האָט איהם מיט מירקען אין שיקאַגאָ געטראָפען,
ווען ער איז פון שרה׳קען מיט איהר דאָרט אנטלאָפען?
— דו ווילסט עס שענדען מיין גאַנצע משפּחה?
איך וועל דיר ווייזען, דו חצופה, דו ליאַכע!
געה פרעג נאָר ביי יענטען פון נעקסטען אפּסטייס,
פון דיר מיט דעם איידזשענט, געה הער, וואָס זי ווייס...
— נא דיר! און ווייס... מיט ווער דו הויבסט אָן,
דו ווילסט מיר אַזעטיגע צרות אָנטהאָן?
— גוואַלד! ראטעוועט! וועה מיינע יאָהר!
זי האָט אויסגעריסען מיר ביז איין האָר.
— געוואַלד, אידען, זי האָט מיין יאַקעל צוריסען!

נאַ, נאַ, נאַ !... דו וועסט שוין איצט וויסען !...
— גנב'טע ! דו וועסט עס מיך וואגען צו שלאָגען,
מען וועט דיך פון דאנען אַ טויטע אוועקטראָגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָס צארטע געשלעכט, די מילדע, די פיינע,
ליעגען אין בלאָטע אזוי ווי די שוויינע ;
מיט ווילדע געשרייען, מיט קנייפען און בייסען,
די מענער צו שוואך זיי פון איינאנדער צורייסען.
אין עולם אַ ליארעם, אַ שרעקליך געפּעכט,
וועלכע פוןביידען עס איז דאָ גערעכט.
הונדערטע שכנים האַלטען אין שטרייטען,
צעהנדליגע קרובים, ווי טיגער זיך פייטען.
עס פערלאָזען די ווייבער די סטאָרען און הייזלאך,
עס לויפען די מענער פון שעפּער און קלייזלאך ;
נאקעטע קינדער לויפען אין שרעקען,
מען שרייט נאָך פּאָליסלייט פון אַלע עקען...
ענדליך שרייט אויס אַ מלמד אין זאָקען :
— „דער פּאטרול־וואָגען קומט, מען הערט שוין די גלאָקען !“
און ווירקליך דער וואָגען, ער לויפט ווי אַ וויכער,
פּאָליסלייט זיי שפּרינגען פון וואָגען נאָך גיכער
און שטופּען און שלאָגען האַלב־נאקעטע לייבער,
און כאפּען און שלעפּען די האַלב־טויטע ווייבער
ארויף אויפ'ן וואָגען דאָרט גאַנץ הויך פון אויבען —
דאַן האָט איין „הורייי !“ זיך ערשט אויפגעהויבען.

* * *

די פיינדע זיי לאכען און האָבען נקמה,
פריינדע בעדויערען די שענדליכע מלחמה,
און איך האָב אַ צייט לאַנג פון דיעזעס געפּעכט
פערלאָרען דעם חשק צום צארטען געשלעכט.

---

## XVIII.

### אַן אָקס איז געפלויגען.

אַן אָקס איז געפלויגען איבער'ן דאַך
און האָט דאָרט געלעגט אַ קיילעכיג איי;
די מעשה איז אמת, איך בעט דיך ניט לאַך,
איך שווער בנאמנות, אָט הער ווי אַזוי:

דער אָקס איז געווען אַ געשיקטער פון גאָט,
דורך אידען גאַנץ פרומינקע דאָ מן הסתם;
און ער האָט פערפלייצט אַ גאַנץ גרויסע שטאָדט
מיט אידען צאַן קדשים במדינת הים.

דער אָקס איז געווען ווי אַלע סאָרט אָקסען,
דאָך איז גאָר פון בלייז געוועזען זיין איי;
און דאָס האָט פערפלייצט די אָרטהאָדאָקסען,
וואָס גלויבען אין אָקסען און דיענען צו זיי.

פערטרונקען אין בליי איז געוואָרען אַ שטאָדט,
אַ צווייטע, אַ דריטע, און ווייטער נאָך מעהר;
מען ליידט די געפאַהר אין נאָמען פון גאָט,
און עס פלאָדיען זיך אָקסען, וואָס לעגען נאָך אייער.

מען וויל ביי די הערנער די אָקסען גאָר פאַקען.
געפינט מען ביי זיי ניט הערנער, קיין קעפּ;
נור אַ יאַיעטשניק מיט אייער פערבאַקען
און בלייענע אייער פערפלייצען די טעפּ.

פערפלייצען די טעפּלעך, פערפלייצען די שיסעל —
די בלייענע אייער פערפלייצען די וועלט.

די אָקסען זיי שטעקען ווייטער דאָס פּיסעל
ביי אלעס, וואָס קויפט זיך ביים אידען פאר געלד.

נישמאָ גאָר קיין רעטונג, ניטאָ קיין תחבולה,
א מכה, וואָס טרעפט נאָר דעם אידען אליין.
צו לויפען צו גוים בלייבט נאָר איין סגולה;
נור ווער וויל פון ברידער מיט שאנדע וועקגעהן?

נאָר לויפט ניט, עס איז ניט חלילה קיין באָמבע,
דער אָקס איז דער רב, דער רבי רב חאָפּקע,
דאָס בלייענע איי איז די הייליגע בלאָמבע,
די אידישע מכה — דאָס איז די קאָראָבקע.

---

## XIX.

### זעהר פּראַקטיש.

קעפּלאך פּאָעזיע אין קלייען.

כ'האָב געשריבען ליעדער פלייסיג,
אלס איך יונג וואר און ניכט קלוג,
טעגליך פאסט א שטיקלעך דרייסיג,
און דאָס, דענק איך, איז גענוג!

אך, פּאָעזיע! זיס ווי צוקער,
פּאָל זשעני און פּאָל געפיהל;
און זיי ליגען נאָך ביים דרוקער,
אָבער קונים איז ניט פיעל!

דאָס האָט מיר באלד שטארק פערדראָסען,
כ'היים פּאָעט און באָרוועס געהן!

כ'האָב מיר ענדליך פעסט ענטשלאָסען,
אוים מיט ליעדער, איך שרייב ניט, ניין.

דאַן געשריבען פעליטאָנען,
לייט ארטיקלען זעהר גוט...
כ'שעהם מיך חלעבען צו דערמאָהנען,
אויך די הויזען גאַנץ קאַפוט.

כ'האָב געכאַפט מיך צו ראָמאַנען,
הערט א גליק איך איצטער האָב:
עזעל פיעלע זינד פאַראַנען,
כאַפען שנעל ווי הייסע באָב.

און איך שרייב יעצט פופצעהן בויגען,
און מען קויפט עס זעהר גיך;
כ'האָב געעפענט מיינע אויגען:
כ'האָב שוין הויזען, כ'האָב שוין שיך.

כ'שרייב פאַר וואַסער, כ'שרייב פאַר פייער,
האָבער, קלייען, עס ווערט געמאָהלט;
ציגען, קעלבער, צאָהלען טהייער,
מעהר האָב איך אויך ניט געוואָלט!

וואָס געפיהלע, וואָס געדאַנקען?
וואָס נאָך פליהען אין דער הויך?
נור א דאָלאַר און א בלאַנקען —
פרעג מיין דרוקער, ער זאָגט עס אויך.

---

# XX.

## דער נאַציאָנאַליסט.

איך בין גליקליך און צופריעדען
פאַר דער שעהנער גאָטס מתנה,
וואָס איך קום אַרויס פון אידען,
פון דעם „אתה בחרתנו“.
כ'קוועל און זינג מיין פרעהליך ליעד:
וואָהל איז מיר! איך בין אַ איד!

שעהן איז אונזער פאָלקס געשיכטע:
מעשות, ניסים פול צוויי תורות,
קנות, סליחות, פיוט, געדיכטע,
צוויי חורבנות, שחיטות, גזירות;
יעדער דור אַ נייער המן,
גלות, גלות, און פּאָגראָמען!

אונזער קולטור ז'גאָר אַ חידוש:
די קרבנות, מזוזות, ציצית,
מלקות, תשליך גאָר עכט אידיש,
כורעים. חורם, עגונות, חליצות,
מילה, טבילה, עין הרעות,
מצה, זרוע און כפרות...

אונזער קונסט, נאָר גאָטעס טעמפּעל!
ציה אַן עירוב, קלעפּ אַ קרעפּעל,
נים אַ דריידעל, חנוכה־לעמפּעל,
המן־טאַשען, המן־קלעפּעל,
מאָהל אַ מזרח, שרייב קמיעות,
פלעכט אַ הדס, גרייזעל פיאות...

אונזער אחדות ז׳גאָר א מורא!
יעדע צעהן — אַן אנדער קהילה;
קריעג, מחלוקות פאַר דער תורה,
שוחט, רב און נוסח תפילה,
קלעפּ עליות, פּעטש פאַר מפטיר,
קלאַגען, מסירות אויפ׳ן קלאַפּטער.

היינט ווי ליעבען אונז די גוים,
טרייבען, שעכטען אונז ווי רינדער,
בלייבען זיי נאָר די רשעים,
מיר די ליעבע גאָטעס קינדער.
דארום זינג איך מיין ליעב ליעדעל:
וואויל איז מיר, איך בין א אידעל.

---

## XXI.

### תפילה למאָסקיטאָס.

גרויסער גאָט פון אלע וועלטען!
דיינע נסים זיינען זעלטען,
דאָך פערגעסטו ניט דיין אידעל,
ווען ער זינגט פאַר דיר א ליעדעל,
מיט א תפילה און א תחינה,
מיט א זיפץ, א זויערע מינע;
ווען ער שרייט און וויינט פון הערצען,
העלפסט איהם אין זיינע שמערצען.
שיק מיר יעצט אויך דיין רחמנות,
העלף מיר גאָט שוין פון סכנות!
ווי פון פּרעה, המן, טיטוס,
העלף מיר אויך פון די מוסקיטאָס!

גאָט, אָה! זעה די ראבע גרינע,
אָט דאָס פליגעלע, דאָס דינע,
מיט איהר דינעם לאנגען שטעכעל,
ווי זי מאכט אין לייב א לעכעל,
זויגט דאָס בלוט מיט דאָרשט און פיבער,
לאָזט איהר גיפט נאָך דאָרטען איבער,
און דאָס בייסט און שטעכט, ווי שפּילקעס,
און מען קראצט אָן קרצעלאך, גילקעס,
און די טאטעס רויכען, טרייבען,
און די מאמעס שעלטען, רייבען,
און די יונגע בלאָזען, פּאטשען,
און די קינדער וויינען, קראצען;
העלף מיר גאָט, אָט זעה, אָט פליהט עס,
העלף מיר שוין פון די מוסקיטעס!

האָסט געהאָלפען אונז פּאָליטיש
פון עמלק, המן, טיטוס,
אַלעקסאנדער׳ס לאנגע קנוטעס;
האָסט געהאָלפען אונזער ריטוס
שוין פון אַלע בייזע כתות:
אינקוויזיטיש, יעזואיטיש,
יעצט אויך אַנטיסעמיטיש;
הערסט פון קראנקע אוים די ביטעס,
פון כאָלעריע און באנקיטעס,
היטסט פון פליי אונז אין די מטות;
דרום דיין פאָלק, ווי שעהן זי בליהט עס,
שיץ עס ווייטער, גאָט, אָ היט עס!
זעה דעם ביס אָה! זעה, ווי בריט עס!
זעה דאָס בלוט אָה, זעה, ווי זידט עס!
העלף אָה גאָט, אָט זעה, אָט פליהט עס!
שיץ מיר! העלף פון די מאָסקיטעס!